# האַנטבוך

פון

# העברעיִזמען אין דער ייִדישער שפּראַך

(אויסגעלייגט אַף העברעיִש און פאָנעטישן ייִדיש
און פאַרטײַטשט אַף ייִדיש)

אויסגעפאָרשט און צוזאַמענגעשטעלט

פון

**נחמן קרופין**




1957

**נחמן בער קרופּין** (קרופּינסקי), דער מחבר פון זעם „האַנטבוך", איז געבוירן געוואָרן דעם 8טן יוני 1886 אין שטעטל וויסאָקאָ־מאַזאָוויעצק, לאָמזער גובערניע, פּוילן. דער טאַטע זײַנער, חיים, איז געווען אַ האַלבער מאַסקיל אין 1890 פאָרט דער טאַטע אַוועק קיין אַמעריקע, איבערלאָזנדיק דעם זון אונטער דער האַש־גאָכע פון זײַן פרוי — נחמנס מוטער — חנה ליבע, וואָס איז געווען די הויפּט ברויט־פאַרזאָרגערן, און דער מאַמעס פאָטער ריאַהרן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער לאַמדן, אַ כאָסיד אַ פאַנאַ־טיקער. אַלע יאָמים נוראָים פלעגט ער פאָרן צום רעבן אין גער און מיטנעמען נחמנען.

דער זיידע גופע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געלערנט מיט נחמנען טוירע און פּויסקים. שפּעטער, צו 12 יאָר פאַרלאָזט ער דאָס שטעטל און פאָרט לערנען אין די טאַלמוד־טוירעס און יעשיוועס פון לאָמזע, ביאַליסטאָק, קאָוונע, וואָלאָזשין, פּרען און מאַריאַמפּאָל. דאָרט גיט ער אויף זײַן לעכאַטכילעדיקע אידעע צו ווערן אַ ראָוו און גייט אַריבער צו האַסקאָלע.

די לעצטע פיר יאָר, איידער ער פאַרלאָזט רוסלאַנד — 1903־1907 — פאַרברענגט קרופּין אין ווילנע, ווו ער איז באַ־שעפטיקט אַלס ייִדיש־ און העברעיִש־לערער, שטודירט אַלגעמיינע וויסן און באַטייליקט זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג קעגן צאַריזם.

אין דעצעמבער 1907 קומט אָן נ. קרופּין קיין אַמעריקע. ביז 1926 לעבט ער אין סטי לואיז, מיזורי־שטאַט. דאָ באַשעפטיקט ער זיך מיט מיסכער און אין זײַן פרײַער צײַט גיט ער זיך אָפּ מיט געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייטן און מיט זשורנאַליזם, אונטער פאַרשיידענע פען־נעמען.

פון 1926 י. אָן וווינט נחמן קרופּין מיט זײַן פאַמיליע אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, ווו ער גיט זיך אָפּ מיט די זעלבע גע־ביטן. פאַר די לעצטע 5-6 יאָר האָט ער זיך גענומען צו פאַרש־אַרבעט פון וועלכע עס איז אויך אַ רעזולטאַט דאָס דאָזיקע „האַנטבוך" פון העברעיִזמען אין דער ייִדישער שפּראַך.

געווידמעט מײַן פרוי אַנאָ און מײַנע קינדער

Dedicated to my wife Ana and my children

# וועגן העברעיזמען אין יידיש

## (אריינפיר צו דעם האנטבוך)

קיין שפראך קען ניט באצייכנט ווערן ווי עלעמענטיש אדער אריגינעל. ניטא קיין נאציאנאל לאשן, וואס האט ניט איינגעזאפט אין זיך האשפאעס און האט ניט פאראייגנט ווערטער פון אנדערע לעשוינעס. מענטשן, פעלקער און קולטורן האבן זיך שטענדיק געקרייצט און זיך קעגנזייטיק באווירקט און באאיינפלוסט, און בעמיילע איז דאס אויך געשען מיט אלע לעבעדיקע שפראכן. וועלכע פון די איצטיקע שפראכן פארמאגן ניט אין זיך א שלאל ווערטער פון גריכישן און לאטיינישן אפשטאם? אדער וואסער שפראך ווערט עס ניט טאג-טעגלעך בארייכערט מיט נייע ווערטער און אויסדרוקן וועלכע קומען פון אנדערע שפראכן? וואס מאדערנער עס ווערט דאס לעבן, וואס שטארקער ס'ווערן די קעגנזייטיקע און אלזייטיקע פארבינדונגען צווישן די פעלקער, וואס פולסירנדיקער עס זיינען די אינטערנאציאנאלע באציונגען צווישן די לענדער, אלץ שטארקער ווערן די קעגנזייטיקע באווירקונגען פון די לעשוינעס פון די פעלקער.

צוליב געאגראפישע און געשיכטלעכע סיבעס האט זיך יידיש אויסגעקנאטן דעריקער פון צוויי שפראכן: פון מיטלאלטערן מיטלהויכדייטש און פון העברעיש. עמעס, יידיש האט נאך אנדערע שפראכיקע בוי-מאטעריאלן. זינט איר אנטשטייונג האט יידיש איינגעשלאסן אין זיך ראמאנישע (פראנצויזישע, שפאנישע און איטאליענישע) עלעמענטן. שפעטער זיינען צוגעקומען מאסן סלאוויזמען (פון פויליש, ווייסרוסיש, אוקראיניש און דערנאך רוסיש), גאר שפעטער — שוין אין אונדזערע טעג — האבן אריינגעפלאסן זייער פיל אנגליציזמען און היספאניזמען, און די אלע עלעמענטן זיינען געווארן דורך יידיש פאראייגנט, האבן בארייכערט די יידיש-לעקסיק, האבן

באַווירקט אַפילע די ייִדישע גראַמאַטיק און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פונדאַמענטאַלן אָרגאַנישן טייל פון אונדזער לשון. דאָך זײַנען די העברעיִזמען, אָדער בעסער געזאָגט, די ווערטער און די פאָרמען וואָס שטאַמען פון העברעיִש, עפּעס ביז גאָר אייגנאַרטיקס, עפּעס ביז גאָר אָריגינעלס.

העברעיִזמען אין ייִדיש זײַנען פאַראַן זייער פיל. ווען איר באַקענט זיך מיט דער גרויסער צאָל העברעיִשע ווערטער, ווערט איר פּאַשעט איבערראַשט. עס איז אַ גוואַלדיקע אַשירעס, וואָס באַרײַכערט אומ־געווײנלעך די שפּראַך, וואָס גיט איר צו בייגעוודיקייט, כיין, לעבן, קאָלאָריט. די העברעיִשע עלעמענטן דריקן אָפּט אויס דעם פאָלקס שטייגער־לאָשן און לעבן: אָן די העברעיִזמען וואָלט אונדזער שפּראַך געווען נאַקעט, זי וואָלט פאַרלאָרן איר רייץ, עס וואָלט פאַרשוווּנדן אין אַ היפּשער מאָס איר אינדיווידואַליטעט. און דאָך דאַרף געזאָגט ווערן, אַז געווײנלעך גיט מען זיך ניט אָפּ קיין כעשבן אַז מיר פאַר־מאָגן אַזאַ רײַכן אויצער העברעיִזמען אין ייִדיש.

דאָס געביט העברעיִזמען אין ייִדישן לאָשן האָט שוין פון לאַנג אינטערעסירט און פאַראינטריגירט דעם שרײַבער. ניט נאָר האָט ער געהאַט אין זינען די גערעדטע שפּראַך, נײַערט אויך די ליטעראַטור, די שפּראַך פון בוך. אונדזער ייִדישע ליטעראַטור איז פול מיט העברעיִזמען פון אַלע מינים: ווערטער, ווערטלעך און אידיאָמען. ווער עס לייענט די דרײַ קלאַסיקער אונדזערע וועט זיך אָפּ יעדער זײַט אָנטרעפן אָפּ צענדליקער העברעיִזמען. דאָסגלײַכן געפינען מיר אַ שלאַל העברעיִשע ווערטער בײַ די הײַנטצײַטיקע ייִדישע שרײַבער, וואָס גייען אין די פוסטריט פון די קלאַסיקער. בעמיילע האָט זיך דער מעכאַבער געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צונויפנעמען די וויכ־טיקסטע העברעיִזמען — אַלע איז קימאַט ניט מעגלעך — אויסשטעלן זיי לויט אַ געוויסן סיידער און געבן זייער פאַרטײַטשונג, אַזוי אַז יעדער ייִדיש־לייענער, וואָס קען ניט קיין העברעיִש זאָל דורך דעם איצטיקן האַנטבוך געפינען אַ שליסל צו די ווערטער פון העברעיִשן אַפּשטאַם, וועלכע ער פאַרשטייט ניט.

די העברעיִשע ווערטער, ווען זיי ווערן געשריבן לויט זייער העברעיִשער אָרטאָגראַפיע, ווערן אָפּט מאָל שלעכט איבערגעלייענט

און בעמיילע ווערן זיי ארויסגעזאגט קאפידרעך. בעמיילע איז נייטיק, אין אזא האנטבוך, טראנסקריבירן די דאזיקע ווערטער אויך לויטן יידישן אויסלייג. די דאזיקע טראנסקריפציע וועט דער לייענער געפינען צווישן קלאמערן בא יעדן ווארט. דער סיידער פון די ווערטער איז לויטן אלעף-ביים.

די דאזיקע אויפגאבע, וואס מיר האבן זיך געשטעלט באם צונויפשטעלן דאס האנטבוך, איז דוכט זיך אן איינפאכע, און דאך טוט זיך ניט ווי עס רעדט זיך. אויסער די אלע העברעיזמען וואס מען קען געפינען אין די פאראנענע ווערטערביכער, האט דער מעכאבער געדארפט דורכשטודירן די יידישע קלאסיקער און אויך די גרונטיקערע ווערק פון די נאך-קלאסיקער. מיר האבן אויך געדארפט נעמען אין אכט די יידישע פרעסע און די צייטשריפטן.

דאס צונויפזאמלען און אויספארטיקן די העברעיזמען האט געפאדערט א ספעציעלע אויפמערקזאמקייט. ניט אלע ווערטער וואס זיינען פאראן אין דער שפראך אדער וואס זיינען ווען עס איז אריין אין א ווערק פון א יידישן שרייבער — אפילו פון א גרויסן — האבן געדארפט אריין אין אונדזער האנטבוך. מען האט געדארפט וועגן און מעסטן וועלכע ווערטער ארייננעמען און וועלכע ניט. מען האט אויך געדארפט געפינען דעם ריכטיקן אדער סינאנימישן טייטש און דעם פאסיקן פאלקסאויסדרוק פאר א באטרעפנדיקן ווארט. און אפט איז עס טאקע שווער. גייט, א שטייגער, פארטייטשט מיט א צווייט ווארט וואס אזוינס עס איז „קיבעד" (כיבוד), אדער געפינט א סינאנים פאר „גאנעוו" (גנב) און „מאלעך" (מלאך)!

די קלאסיקער, און דעריקער מענדעלע און שאלעם אלייכעם, האבן אין זייערע ווערק אפט געטייטשט די העברעישע ווערטער און פסוקים אפן פאלקסשטייגער. קיין ווערטערלעכן טייטש דארף מען בא זיי ניט זוכן. מענדעלע איז נאך געווען היפש נאענט צום „אריגינאל". ער טייטשט נאך פארט „האקליטשע הזו הלכה למיתה" — „די קליאטשע האט א מיסע-מעשונע איינגענומען". אבער טעוויעס „טייטשן" זיינען אלעמען באקאנט. „הילד איננו" — איז בא אים — „דער באכער האט זיך אפגעטראגן", און „לא יחרוץ כלב לשונו" — הייסט, קיינער האט קיין פיפס ניט געטאן, ס'איז געווען שא-שטיל".

דאָס זײַנען די „דירעקטסטע" טעוויעס פאַרטײַטשונגען. צענדליקער און הונדערטער אַנדערע פּסוקים און ווערטער האָט טעוויע „געטײַטשט" אַף זײַן שטייגער, ווי דאָס פאָלק טוט עס, מיט הומאָר, מיט כאָכמע, מיט וויץ.

דער מעכאַבער האָט קוידעם-קאָל געגעבן די ווערטלעכע פאַר-טײַטשונג פון די העברעיִזמען. אויסער דעם האָט ער צוגעגעבן דעם אַנדערן, דעם פיגוראַטיוון טײַטש. אַזוי האָט ער אויך געטאָן מיט די ציטאַטן פון טאַלמוד און טאַנאַך. די ווערטער אָדער פּסוקים ווערן צו ערשט פאַרטײַטשט און דערנאָך ווערט צוגעגעבן זייער עמעסער מיין.

גאָר די שווערסטע מעלאָכע איז באַשטאַנען אין צונויפזאַמלען די ציטאַטן און ליטעראַטור-מוסטערן פון די קלאַסיקער, פּראָזאַיִקער און דיכטער און ווײַזן מיט בײַשפּילן ווי אַזוי זיי האָבן באַנוצט די העברעיִזמען אין זייערע ווערק. דאָס ווערט געטאָן אין דריטן טייל פון האַנטבוך, ווו מיר ברענגען צונויפגעקליבענע כאָכמעלעך, מע-שאָלים, אַנעקדאָטן, פאַבלען, אַפאָריזמען, גלײַכווערטלעך און טיפּזי-ניקע געדאַנקען, אין וועלכע עס זײַנען אײַנגעוועבט די העברעיִזמען. דער לייענער וועט דורך דעם באַקומען אַ באַגריף ווי אַזוי מען באַ-נוצט דאָס העברעיִשע וואָרט, און מיר האָפן אויך אַז עס וועט זײַן פאַר אים אינטערעסאַנטער לייען-מאַטעריאַל.

לאָמיר, צום סאָף, זאָגן, אַז אונדזער קאַוואָנע איז בעשום אויפן ניט געווען צו שאַפן אַ נײַ יִדיש-העברעיִש ווערטערבוך. ווערטער-ביכער זײַנען דאָ פיל, גרעסערע און קלענערע, בעסערע און ערגערע. אונדז איז געגאַנגען אין צונויפשטעלן אַ האַנטבוך, וואָס זאָל אַף אַ קאָנדענסירטן אויפן ברענגען די העברעיִזמען אין יִדיש, און זאָל געבן זייערע טײַטשן. דאָס איז געווען אונדזער מיין. צי מיר האָבן דעם דאָזיקן מיין דערגרייכט — דאַרפן אַנדערע מישפּעטן.

נ. קרופּין

# פראַקטישע אָנווײַזונגען פאַרן געברויכער פון דעם האַנטבוך

קעדיי צו פאַרלײַכטערן דעם לייענער זײַן באַנוצן זיך מיט דעם האַנטבוך, ווילן מיר אים אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער האַנטבוך איז צוזאַמענגעשטעלט אַף אַן אַנדער אויפן ווי די געוויינלעכע ווערטער־ביכער: דאָ איז דער צונויפגעזאַמלטער מאַטעריאַל סיסטעמאַטיזירט אין פאַרשיידענע טיילן און אָפּטיילונגען, און נישט אַלץ צונויפגעמישט, ווי עס פּאַסירט אין די אַנדערע. צוליב דעם, וועלן מיר דאָ מאַכן אייניקע פּראַקטישע אָנווײַזונגען:

1. ווען דער געברויכער פון דעם האַנטבוך וויל זוכן די פאַרטײַטשונג פון איינעם אָדער מער העברעיִשע ווערטער אַף וועלכע ער טרעפט זיך אָן אין טעקסט פון בוך, דאַרף ער נעמען אין אַכט, אַז די פאַרטײַטשונג פון די העברעיִזמען און זייער פאָנעטישע טראַנסקריפּציע געפינט זיך אין דעם ערשטן טייל פון דעם האַנטבוך. דערבײַ איז אָבער דער טייל אײַנגעטיילט אין צוויי אָפּטיילונגען: אין דער ערשטער גייען אַרײַן איינצלנע ווערטער, און אין דער צווייטער — צוזאַמענגעזעצטע העברעיִזמען, פראַזן און אידיאָמען. דער לייענער דאַרף דעריבער אינזינען האָבן: א) ווען ער דאַרף געפינען דעם טײַטש פון אַן איינצלנעם העברעיִזם, דאַרף ער אים זוכן אין דער ערשטער אָפּטיילונג; ב) ווען עס האַנדלט זיך ווען 2 אָדער מער ווערטער, וואָס גייען צוזאַמען, דאַן דאַרף ער זוכן זייער באַדײַט אין דער צווייטער אָפּטיילונג. צב״ש: דאָס וואָרט שלום וועט ער געפינען אין דער ערשטער אָפּטיילונג, אָבער שלום ושלוה — אין דער צווייטער אָפּטיילונג. דאָס זעלבע איז מיט קול און קול קורא אא״וו.

2. עס ווערן אין דעם בוך בלויז פאַרטײַטשט די אָריגינעל־העברעיִשע ווערטער, אויסלאָזנדיק די פאַרשיידענע ענדערונגען וואָס דאָס וואָרט באַקומט דורכן צוגעבן צו אים ייִדישע פּרעפיקסן און סופיקסן. אַזוי צב״ש, ווען מיר נעמען די ווערטער באַגנבנען, אָפּגנבנען, צוגנבנען, דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, אַז זיי אַלע האָבן איין געמיינזאַמען שוירעש, וואָס איז גנב, בעיִס באַ, אָפּ, צו און נען זײַנען צוגאָב־עלעמענטן פון נישט־העברעיִשן אָפּשטאַם. דערפאַר דאַרף דער לייענער זוכן די פאַרטײַטשונג בלויז פון דעם העברעיִשן עלעמענט.

3. קעדיי דער לייענער זאָל האָבן אַן אָנונג וועגן די ענדערונגען, וואָס ווערטער מיט אַ העברעיִשן שוירעש באַקומען דורכן צוגאָב פון פּרעפיקסן און

סופיקסן, ווערט געגעמען דער צווייטער טייל פון דעם האנטבוך. דערביי דארפן מיר באמערקן אז, קעדיי אויסצומיידן איבערכאזערונגען, ווערן די סופיקסן געגעבן נאר אין איינצאל, און ווען עס האנדלט זיך וועגן ווערבן, ווערן זיי געבראכט אין אינפיניטיוו, און נישט אין זייערע דעקלינאציעס. בלויז אין אויסנאמספאלן ווערן זיי געבראכט אין פארגאנגענער צייט.

4. אין באצוג צום ערשטן טייל, וווּ עס ווערט געבראכט די פארטייטשונג פון די העברעיזמען און זייער פאנעטישער אויסלייג, אין קלאמערן, דארפן מיר נאך צוגעבן: א) אז בא דער פאנעטישער טראנסקריפציע האבן מיר גע־נומען אין אכט, ווי אזוי די ווערטער ווערן ארויסגערעדט אף יידיש, זיך ניט רעכנענדיק בעמיילע מיט דעם ספארדישן דיאלעקט, וואס ווערט באנוצט אין יִשׂראל. אן אויסנאם האבן מיר געמאכט מיט געוויסע ווערטער, וואס זיינען אריינגעפירט געווארן דירעקט פון יִשׂראל אין אונדזער יידישער שפראך, ווי צב"ש: יום העצמאות, וואס ווערט ארויסגעזאגט יאם האאצמאוט, און נישט יוים האאצמאוים, לויטן אשקענאזישן דיאלעקט. ב) כאטש מיר האבן, אין אלגעמיין גענומען, זיך באמיט צו געבן דעם ווערטערלעכן טייטש פון די העברעיזמען, מוז זיי, אין געוויסע פאלן, דער לייענער נעמען אין שיי־כעס מיטן קאנטעקסט.

5. עס זיינען דא ווערטער, וואס ווערן געשריבן אין העברעישן אויס־לייג אף צוויי אויפאנים, מיט א „ו" און אן א „ו", אדער מיט א „י" און אן א „י", ווי צב"ש: מ'קען שרייבן כח און כוח, קבוץ און קיבוץ. די ווערטער פיגורירן בלויז אין איינער פון זייערע פארמען. דערפאר דארף דער לייע־נער, ווען ער געפינט נישט דאס ווארט כוח, זוכן כח, אדער פארקערט.

6. אין דעם ווערטער־בוך ווערן באנוצט אייניקע פארקירצונגען, וואס דער לייענער דארף וויסן: מ"צ — מיינט צו זאגן: מערצאל; א"ב — מיינט צו זאגן: אלעפביים; צב"ש — מיינט צו זאגן: צום ביישפיל.

7. דער דריטער טייל פון דעם האנטבוך באשטייט פון מוסטערן פון דער יידישער ליטעראטור. דאס איז א זייער נוצלעכער מאטעריאל פאר דער געניטונג אין דער אנווענדונג פון די העברעיזמען, א זאך וואס איז באזונ־דערס נוצלעך פאר די לערער און שילער פון די עלטערע גראדן אין די יידישע שולן.

8. ווי א צוגאב־מאטעריאל, גיבן מיר צום סאף פון האנטבוך א טאבעלע מיט דער העברעישער און יידישער טראנסקריפציע פון די נעמען פון די בוכשטאבן אין יידישן אלעפביים ווי אויך זייער עקוויוואלענץ אין ציפערן, א טאבעלע פון יידישע כאדאשים און יאנטויווים, ווי אויך פון תנ"ך.

# ע ר ש ט ע ר  ט י י ל

1) - איינצלנע העברעיזמען און זייער פאַרטײַטשונג

2) - צוזאַמענגעזעצטע העברעיזמען, אידיאָמען אאַ"וו.

# א

**אָב** (אָוו) ־ פאָטער. מ״צ: אָבות (אָוועס); דער עלפטער כוידעש אין יאָר, לויטן ייִדישן לוּעך.

**אבדה** (אָווײדע) ־ פאַרלוסט, אָנווער. מ״צ: אבדות (אָווײדעס).

**אבוד** (איבעד) ־ פאַרניכטונג, ניוועץ, אומברענגונג. (צבי״ש: עס גייט לאבוד).

**אָבות** (אָוועס) ־ פאָטערס, שטאַמפאָטערס, אורעלטערן, פאַטריאַכן.

**אבידה** (אָווײדע) ־ פאַרלוירענע זאַך, פאַרלוסט, מ״צ: אבידות (אָווײדעס).

**אביון** (עוויען) ־ אָרעמאַן, מ״צ: אביונים ־עוויוינים).

**אביונה** (עוויוינע) ־ אָרעמע פרוי. מ״צ: אביונות (עוויוינעס).

**אביונטע** (עוויוינטע) ־ זע: אביונה. מ״צ: אביונטעם (עוויענטעס).

**אָבל** (אָוול) ־ דער וואָס איז אין טרויער נאָכן טויט פון אַ נאָענטן, טרויערער, טרויערנדיקער, מ״צ: אבלים (אָווײלים).

**אבן** (עווען) ־ שטיין. מ״צ: אבנים (אָוואָנים). זע: אבן טוב, אבן נגף.

**אבר** (אייווער) ־ גליד. מ״צ: אברים (אייוורים).

**אַגב** (אַגעוו) ־ בּאַ דער געלעגנהייט, פאַר איין וועגס.

**אגדה** (אַגאָדע) ־ לעגענדע. מ״צ: אגדות (אַגאָדעס).

**אגדתא** (אַגאָדטע) ־ דערציילערישער אָדער פאַבולאַרער טייל פון טאַל־מוד.

**אגודה** (אַגודע) ־ פאַראיין. מ״צ: אגו־דות (אַגודעס).

**אָדון** (אָדוין) ־ האַר, הערשער, פאָרעץ, הער, רעגירונגס־באַאַמטער. מ״צ: אדונים (אַדוינים).

**אָדוני** (אַדויני) ־ מײַן האַר. (אַדוי־נאָי) ־ גאָט.

**אדומים** (אַדומים) ־ גאָלדענע רענד־לעך.

**אַדיר** (אַדיר) ־ זייער רײַכער מענטש. מ״צ: אַדירים.

**אדם** (אָדעם) ־ מענטש. בני־אָדם (בניי־אָדעם) ־ מענטשן, מענטשנ־קינדער.

**אדמה** (אַדאָמע) ־ ערד, לאַנד.

**אדמוני** (אַדמויני) ־ רויטער.

**אָדר** (אָדער) ־ 6טער כוידעש, לויטן ייִדישן לוּעך.

**אַדרבה** (אַדעראָבע) ־ אין קעגנטייל, פאַרקערט, גערן.

**אהבה** (אהאָווע) ־ ליבע, ליבשאַפט.

**אוהל** (אויעל) ־ געצעלט, ביידל.

**אַוודאי** (אַוואָדע) ־ געווים, זיכער, באַשטימט.

**אויר** (אַוויר) ־ לופט, שלעכטער ריי־עד.

**אומה** (אומע) ־ פאָלק, נאַציע. מ״צ: אומות (אומעס).

**אופן** (אויפן) ־ שטייגער, אַרט. מ״צ: אופנים (אויפאַנים).

**אוצר** (אויצער) ־ מאַיאָנטעק, שאַץ, פאַרמעגן, מ״צ: אוצרות (אויצרעס).

**אורח** (אוירעך) ־ גאַסט. מ״צ: אורחים (אָרכים).

**אוריתא** (אויריַיסע) ־ טוירע.

**אות** (אָס) ־ צייכן, בוכשטאַב. מ״צ: אותיות (אויסיעס).

**אוהרה** (אוהאַרע) ־ וואָרענונג, פאַרזאָג. מ״צ: אוהרות (אוהאַרעס).

**אזכרה** (אַזקאָרע) ־ דערמאָנונג, טפילע נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם. מ״צ: אזכרות (אַזקאָרעס).

**אחד** (עכאָד) ־ איינער, איינציקער. מ״צ: אחדים (אַכאָדים).

**אחדות** (אַכדעס) ־ איינִיקייט, אייני־הייט, איינציקייט.

**אָחור** (אָכער) ־ הינטן.

**אחרון** (אַכרוין) ־ לעצטער, אונטערשטער. מ״צ: אחרונים (אַכרוינים). מים אחרונים (מאַים אכרוינים) ־ לעצטע וואַסער, וואָס מ׳נוצט נאָכן עסן.

**אַחר** (אַכער) ־ אַן אַנדערער, אַ פאַררעטער פון דער ייִדישער רעליגיע.

**אחרי** (אַכריי) ־ נאָך, נאָך דעם.

**אחריות** (אַכראַיעס) ־ פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

**אַחרית** (אַכריס) ־ סאָף, ענד. זע: אחרית הימים,

**אַחת** (אַכאַס) ־ איינס. אחת ואחת (אַכאַס וועאַכאַס) איינס און איינס, ביז אַ גראָשן, באַרעס געלט.

**אייר** (איִער) ־ אַכטער כוידעש לויטן ייִדישן לועד.

**איבות** (אייכעס) ־ איינגנשאַפט, קוואַליטעט.

**אימה** (איימע) ־ שרעק, גרויל, פאַרכט.

**אימתי** (איימאָסאַי)? ־ ווען זשע? אם לא עכשיו אימתי? (אים לוי אַכשאָוו איימאָסאַי) ־ אויב נישט איצט איז ווען זשע?

**אין** (איין) ־ נישט, נישטאָ.

**איש** (איש) ־ מאַן.

**אכזר** (אַכזער) ־ גרויזאַמער, ברוטאַלער. מ״צ: אכזרים (אַכזאָרים).

**אכזריות** (אַכזאָריעס) ־ גרויזאַמקייט, ברוטאַלקייט.

**אכילה** (אַכילע) ־ מאָלציַיט, דאָס עסן. מ״צ: אכילות (אַכילעס).

**אכסניה** (אַכסאַניע) ־ גאַסטהויז, האָטעל. מ״צ: אכסניות (אַכסאַניעס).

**אל** (אייל) ־ גאָט.

**אלהים** (עלויהים) ־ גאָט, ריכטער.

**אלא** (עלאָ) ־ נאָר, וואָס דען. מ׳זאָגט אויך: אלא וואָס דען?

**אלול** (עלעל ־ צוועלפטער מאָנאַט לויטן ייִדישן לועד.

**אלמן** (אַלמען) ־ אַ מאַן וועמענס פרוי איז געשטאָרבן. מ״צ: אלמנים (אַלמאָנים).

**אלמנה** (אַלמאָנע) ־ אַ פרוי וועמענס מאַן איז געשטאָרבן. מ״צ: אלמנות (אַלמאָנעס).

**אלף** (אַלעף) ־ ערשטער בוכשטאַב פון דעם אַלעף־בייס.

**אלף** (עלעף) ־ טויזנט. אלף אלפים (עלעף אַלאָפים) — טויזנטער.

**אמונה** (עמונע) ־ גלויבן, רעליגיע.

**אָמן** (אָמײן) ־ באַשטעטיקונג פון אַ ווּנטש: אַזוי זאָל עס זײַן! ווערט באַנוצט אַסאַך באַם דאַווענען.

**אמת** (עמעס) ־ וואָר, ריכטיק, ווירקלעך, גערעכטיקייט.

**אנדרוגינוס** (אַנדרויגענעס) ־ הערמאַפראָדיט.

**אנוסים** (אַנוסים) ־ מאַראַנען, געצווּנגענע זיך צו שמאַדן אין דער צײַט פון דער אינקוויזיציע.

**אנחנו** (אַנאַכנו) ־ מיר.

**אַני** (אַני) ־ איך.

**אָנכי** (אָנויכי) ־ איך.

**אָסור** (אָסער) ־ פאַרבאָטן.

**אסור** (איסער) ־ פאַרבאָט. מ״צ: א ס ו ר י ם (איסורים).

**אָסיף** (אָסיף) ־ האַרבסט. ח ג ־ ה אָ ס י ף — האַרבסטיקע פײַערונג, יאָנטעוו פון אײַנזאַמלונג, סוקעס.

**אסיפה** (אַסיפע) ־ פאַרזאַמלונג. מ״צ: אסיפות (אַסיפעס).

**אפותיקה** (אַפויטיקע) ־ אַ סאַך געלט.

**אפטרופס** (אַפעטראָפּעס) ־ פאַרזאָרגער, אָפּעקון, אויפזעער. מ״צ: אפטרופסים (אַפּעטראָפּסים).

**אפטרופסות** (אָפּעטראָפּסעס) ־ אויפזיכט, אָפּעקונסטווע

**אפילו** (אַפילע) ־ אויך ווען, כאָטש, אין פאַל.

**אַפיקומן** (אַפיקוימען) ־ נאָכשפּײַז, אַ שטיקל מאַצע וואָס מען עסט נאָכן פייסעכדיקן סידער.

**אַפיקורס** (אַפיקוירעס) ־ ניט גלייביקער.

**אַפיקורסות** (אַפיקאָרסעס) ־ ניט גלייביקייט.

**אפשר** (עפשער) ־ מעגלעך, טאָמער.

**אצבע** (עצבאַ) ־ פינגער. א צ ב ע א ל ה י ם (עצבאַ עלויהים) — גאָטס פינגער, גאָטס צייכן.

**אקדמות** (אַקדאָמעס) ־ אַ געזאַנג פון שווּעסדיקן דאַווענען.

**אָרון** (אָרן) ־ שראַנק, קאַסטן אין וועלכן מ׳לייגט אַ מעס, שאַפע. אָ ר ו ן ק ו ד ש (אָרן קוידעש) — הייליקער אַלמער אין שול, ווּ עס שטייען די סייפער־טוירעס.

**אדורה** (אַרורע) ־ שלעכטע ווײַב.

**אריכות** (אריכעס) לאַנגקייט, דויערדיקייט, דויער, ריידן ב א ר י ־ כ ו ת — ריידן לאַנג.

**אש** (אייש) ־ פײַער.

**אשה** (אישע) ־ פרוי, ווײַבס־פאַרשוין. מ״צ: נ ש י ם (נאָשים).

**אשכנז** (אַשקענאַז) ־ דײַטשלאַנד, אַמאָל אויך צאָפן־פראַנקרײַך אָדער עסטרײַך. זע: נ ו ס ח א ש כ נ ז.

**אשמדי** (אַשמעדאַי) ־ דער הויפט פון די טײַוואָלים.

**אַשפה** (אַשפע) ־ מיסט, אַ זאַך וואָס טויג נישט.

**אשרי** (אַשרע) - ווויל, קאַפּיטל פון דאווענען.
**אתרוג** (עסרעג) - ציטרישע פרוכט, וואס ווערט באנוצט סוקעס באם דאווענען צוזאמען מיטן לולעוו, צו „עסרעג בענטשן”.

# ב

**באם** (בעים) - אין פאַל.
**באמת** (בעעמעס) - אין דער עמעסן, געווים, זיכער.
**באריכות** (בעאַריכעס) - אויספירלעך.
**באשר** (בעאַשער) - אַזוי ווי, ווייל.
**בגד** (בעגעד) - מאַלבעש, קלייד, אָנטועכץ. מ"צ: ב ג ד י ם (בגאָדים).
**בגידה** (בגידע) - פאַרראַט, אומטריַיהייט, פעלשונג.
**בגילוי** (עגילוי) - עפנטלעך.
**בגלופין** (ביגעלופן) - אָנגעטרונקען, צעהיצט פון בראָנפן, שיקער.
**בגנבה** (ביגנייווע) - באהאַלטענערהייט.
**בדחן** (באַדכן) - מאַרשאַליק, וויצזאָגער, פאַרוויַילער אַף כאַסענעס, קאָמיקער. מ"צ: ב ד ח נ י ם , (באַדכאָנים).
**בדחנות** (באַדכאָנעס) - שפּאַס אין גראַמען, פּאַיאַצעריַי.
**בדיקה** (בדיקע) - אונטערזוכונג.
**בדיעבד** (בעדיעוועד) - ווען די זאַך איז שוין אָפּגעטאָן, פאַקטיש, פאַרפאַלן.
**בדעה** (בעדייע) - האָבן אינזינען.
**בהדרגה** (בעהאַדראָגע) - שטופנוויַיז, ביסלעכוויַיז.
**בהכנעה** (בעהאַכנאָע) - מיט אונטערטעניקייט, מיט דערנידערונג.
**בהלה** (בעהאָלע) - פּאַניק, פּלוצלונגדיקע שרעק. מ"צ: ב ה ל ו ת (בעהאָלעס).
**בהסכם** (בעהעסקעם) - מיט דער איינשטימיקייט.
**בהמה** (בעהיימע) - רינד, קו, נאַר. מ"צ: ב ה מ ו ת (בעהיימעס).
**בהרחבה** (בעהאַרכאָווע) - ברייטלעך.
**בוגד** (בויגעד) - פאַררעטער, ב ו ג ד ב מ ל כ ו ת (בויגעד בעמאַלכעס) — דער וואָס פאַרראַט די מאַכט. מ"צ: ב ו ג ד י ם (בויגדים).
**בוגרת** (באַגרעס) - דערוואַקסן מיידל, רייַפע מיידל.
**בודק** (בוידעק) זיַין - אונטערזוכן.
**בולט** (בוילעט) - דייַטלעך, אָנזעעוודיק, פּלאַסטיש.
**בורא** (בוירע) - באַשעפער. ב ו ר א ע ו ל ם (בוירע אוילאָם) — באַשעפער פון דער וועלט.
**בורח** (בויריעד) - אַן אַנטלאָפענער.

**בור** (בור) - גראָבער יונג.

**בושה** (בושע) - שאַנד. מ"צ: ב ו ש ו ת (בושעס).

**בזדון** (בעזאָדן) - מיט א ווילן און א ציל, מיט אָבזיכט, בעקיוון.

**בזול** (בעזאָל) - וואָלוול.

**בזיון** (ביזאָיען) - באַליידיקונג, שאַנדע. מ"צ: ב ז י ו נ ו ת (ביזיוינעס).

**בזכות** (ביזכוס) - אין פאַרדינסט פון . . . , צוליב, אַדאַנק.

**בחור** (באָכער) - יונגער־מאַן, דער־וואַקסן יינגל, ניט כאַסענע־געהאַטער. מ"צ: ב ח ו ר י ם (באָכערים).

**בחיפזון** (בעכיפּאָזן) - אין איַילעניש, אַף גיך, שנעל.

**בחייו** (בעכאַיוי) - בא זיַין לעבן.

**בחנם** (בעכינעם) - אומזיסט.

**בחרם** (בעכיירעם) - פרעג מיר בחרם - איך האָב ניט קיין אַנונג.

**בטבע** (בעטעווע) - לויט דער נאַטור, לויט זיַין נאַטור.

**בטוח** (באָטועך) - באַגלויבט, איינער וואָס מען מעג אים געטרויען, געבן קרעדיט.

**בטול** (ביטל) - פאַראַכטונג, גרינגשעצונג.

**בטחון** (ביטאָכן) - פאַרטרויען, זיכערקייט, צוטרוי.

**בטל** (באָטל) - אומגילטיק, ווערטלאָז.

**בטלן** (באַטלען) - ליידיקגייער, אומפעיִקער, טויגעניכטס. מ"צ: ב ט ל נ י ם (באַטלאָנים).

**בטלנות** (באַטלאָנעס) - ליידיק־גייעריַי, אומפּראַקטישקייט.

**בידים** (בעאָדאַים) - מיט די אייגענע הענט.

**ביחידות** (בעיעכידעס) - אין איַינזאַמקייט.

**ביכולת** (ביעכוילעס) - אין דער מעגלעכקייט.

**בימה** (בימע) - פּלאַטפאָרמע, בינע, באַלעמער פון שול. מ"צ: בימות (בימעס).

**בינה** (בינע) - פאַרשטאַנד, אַריַינדרינגונג אין טאָך פון דער זאַך.

**ביצה** (בייצע) - איי. מ"צ: ב י צ י ם (בייצים).

**בירושה** (בעירושע) - באַקומען אייגנטום נאָכן טויט פון אַ נאָענטן.

**בית** (באַיס) - הויז, שטוב; (ביים) צווייטער אָס פון א"ב.

**בית־דין** (בעסדין) - רעליגיעזער געריכט.

**בכבוד** (בעקאָוועד) - מיט אַכטונג, מיט ערע, מיט פאַרגעניגן, מיט רעספּעקט.

**בכדי** (ביכדיי) - צוליב, קעדיי.

**בכור** (בכאָר, בכויר) - ערשטלינג. מ"צ: ב כ ו ר י ם (בכוירים).

**בכורה** (בעכוירע) - ערשטלינג פון וויַיבלעכן געשלעכט, פאָרצוג.

**בכורים** (ביקורים) - ריַיפע פרוכט. ח ג ה ב כ ו ר י ם (כאַג האַביקורים) — שווועס.

**בכח** (בעקויעד) - האט די מעגלעכ־קייט.

**בכיוון** (בעקיוון) - באוווסטזיניק, אבזיכטלעך.

**בכלל** (ביכלאל) - אין אלגעמיין.

**בכן** (בעכיין) - אלזא, דערפאר.

**בלבול** (בילבל) - אויסגעטראכטע זאך, פאלשע באשולדיקונג. מ"צ: ב ל־ ב ו ל י ם (בילבולים).

**במזומן** (בעמעזומען) - געצאלטער־הייט.

**במחילה** (בעמכילע) - מיט פארגעבן, מיט אנטשולדיקונג.

**במילא** (בעמיילע) - סיי ווי סיי.

**במזיד** (בעמייזיד) - בייזוויליק, אויס־גערעכנט, פלאנירט, בעקיוון.

**במקום** (בימקוים) - אנשטאט, אפן ארט.

**במשך** (בעמעשעך) - אין פארלויף.

**בן** (בען) - זון. מ"צ: בנים (באנים).

**בן־אדם** (בען אדעם) - מענטשנזון. מ"צ: ב נ י - א ד ם (בניי־אדעם).

**בנבואה** (בענעוווע) - דורך נעוווע, דורך פאנטאזיע, פארויסזעונג.

**בנוגע** (בענויגייע) אין באציונג, אין באצוג צו.

**בנין** (ביניען) - געביידע. מ"צ: ב נ י נ י ם (ביניאנים).

**בנמצא** (בענימצע) - צו געפינען. מ'זאגט: ס'איז ניט בענימצע.

**בנעימות** (בענימעס) - געלאסן.

**בנשיקה** (בינשיקע) - מיט א קוש שטארבן).

**בסוד** (בעסאד) - אין סעקרעט.

**בסתר** (בעסייסער) - באהאלטענער־הייט.

**בעלן** (באלן) - פאראינטערעסירטער אין א זאך, קאנדידאט אף עפעס.

**בעלנות** (באלאנעס) - אינטערעס, גרייטקייט צו עפעס.

**בעל־תשובה** (באל־טשוווע) - א מענטש וואס האט כאראטע אף זיינע זינד.

**בעבור** (באאוור) - צוליב, מאכמעס.

**בעצם** (בעעצעם) - אין טאך.

**בעת** (בעייס) - אין דער צייט.

**בפירוש** (בעפיירעש) דייטלעך ארויס־געזאגט, אויסדריקלעך.

**בפני** (ביפניי) - אין דער אנוועזנ־הייט, אין דער קעגנווארט, אין דעם ביזיין.

**בפרהסיא** (בעפארעסיע) - פראנק און פריי, עפנטלעך, גאנץ אפן.

**בפרט** (ביפראט) - ספעציעל, בא־זונדער, ווער שמועסט נאך.

**בפרטות** (בעפראטעס) - אין איינ־צלהייטן.

**בפשטות** (בעפאשטעס) - איינפאך, אף א פראסטן און לייכטן אויפן.

**בציבור** (בעציבער) - מיט אלעמען צוזאמען, אין דער געזעלשאפט, געמיינשאפטלעך.

**בקי** ((באקע) - געניט, באהאוונט, דערפארן.

**בקיאות** (בעקיעס) - געניטקייט.

**בקיצור** (בעקיצער) - אין קורצן, אף גיך, שנעל, קורץ גערעדט.

**בקבלה** (בעקאַבאָלע) ־ לויט דער לע־גענדע.

**בקרוב** (בעקאָרעוו) ־ אינגיכן, אין דער נאָענטער צײַט.

**בקשה** (באַקאָשע) ־ פאַרלאַנג, ביטע, מ"צ: בקשות (באַקאָשעס).

**בראש** (בעראָש) ־ אין דער שפּיץ.

**בראשית** (בערײשיס) ־ פון אָנהייב, פון אָנפאַנג, פון סאַמע אָנהייב. ערשטער באַנד פון כומעש.

**ברואים** (ברואים) ־ באַשעפעניש, מאַדנע באַשעפענישן, מאַדנע מענ־טשן.

**ברוגז** (ברויגעז) ־ אויפרעגונג, אויפ־געגעגטקייט, צאַרנדיקייט, קאַס.

**ברוך** (באָרעך) ־ געבענטשט, מ"צ: ברוכים (ברוכים).

**ברוך־הבא** (באָרעך האַבאָ) ־ ווילקאָ־מען, געבענטשט דער געקומענער. מ"צ: ברוכים הבאים (ברוכים האַבאָים).

**בריאה** (בריִע) ־ באַשעפעניש.

**בריה** (בעריע) ־ געראַטענער, געראַ־טענע. מ"צ: בריות (בעריעס).

**ברירה** (בריירע) ־ אויסוואַל. מ"צ: ברירות (בריירעס).

**ברית** (בריס) ־ בונד, באַנד, באַ־שנײַדונג, אָפּמאַך. די צערעמאָניע פון באַשנײַדן אַ ייִדיש קינד.

**ברית־חדשה** (בריס ־ כאַדאָשאָ) ־ נײַער בונד. נײַער טעסטאַמענט, אָדער עוואַנגעליע.

**ברכה** (בראָכע) ־ בענטשונג צו גאָט, אַ לויב אין אַ טפילע און אויך אַ בענטשונג צו מענטשן.

**ברשות** (בירשוס) ־ מיט דער פול־מאַכט.

**בשוגג** (בעשויגעג) ־ אומגערן, ניט בייזוויליק, ניט אויסגערעכנט.

**בשורה** (בסורע) ־ אָנזאָג. מ"צ: בשורות בסורעס).

**בשמים** (בסאָמים) ־ געווירצן, שמע־קעדיקע, דופטיקע זאַכן.

**בשעתו** (בעשאָטוי) ־ אין זײַן צײַט, אין יענעם פעריאָד.

**בשותפות** (בעשוטפעס) ־ צוזאַמען אין קאָמפּאַניע.

**בשכר** (ביסכאָר) ־ אין אָפּצאָל.

**בשלום** (בעשאָלעם) ־ געזונט (קומען), אָן שטערונגען.

**בשלמות** (בישליימעס) ־ אין פולקאָ־מענקייט.

**בשפע** (בעשעפע) ־ אין לוקסוס, בריי־טלעך.

**בשתיקה** (בעשטיקע) ־ שטילערהייט.

**בתנאי** (בעטנאַי) ־ מיטן באַדינג.

**בתוכם** (בעטויכאָם) ־ אין מיטן זיי, צווישן זיי.

**בתולה** (בסולע) ־ יונגפרוי, ניט קיין באַמאַנטע. מ"צ: בתולות (בסו־לעס).

**בתולים** (בסולים) ־ סימאָנים פון נישט קיין פאַרהייראַטער.

**בתמימות** (בעטמימעס) ־ מיט ער־לעכקייט, מיט נאַיווקייט.

**בת־קול** (באַס־קאָל) ־ עכאָ, שטים פון הימל, ווידערקלאַנג.

**גבול** (גווול) - גרענעץ.
**גבר** (גוואר) - שטארקער.
**גדלות** (גאדלעס) - גרויסקייט.
**גובר** (גויוועווער) זיין - זיגן, באהערשן.
**גוזר** (גויזער זיין) - דערקלערן, מעל־דן, דערקלערן א טאנעס.
**גוף** (גוף) - קערפער. מ״צ: גופים.
**גופא** (גופע) - פאר זיך אליין, צב״ש: דער איניען גופע.
**גורל** (גוירל) - באשערטקייט, מאַ־ראכע, דאליע, שיקזאל. ווארפן גוי־רל — דעצידירן א געוויסע זאך לויט דער באשטימונג פון צופאל.
**גורם** (גוירעם זיין) - דערברענגען, מיטהעלפן.
**גלילה** (גלילע) - דאס צוזאמענוויק־לען (די טוירע).
**גמטריה** (געמאטדיע) - אריטמעטי־שער באטרעף פון אויסיעס, וואס שטעלן צוזאמען א ווארט.
**גאווה** (גייווע) - גרויסהאלטעריי, פאַ־ריסנקייט.
**גאולה** (געולע) - דערלייזונג, אויס־לייזונג.
**גאון** (גאען) - געני, גרויסער געלערנ־טער, באנוצט געווארן א געוויסע צייט אלס טיטל פאר יידישע רעלי־גיעזע געלערנטע. מ״צ: ג א ו ־ נ י ם (געוינים).
**גאוניות** (געוינעס) - געניאליטעט.
**גבאי** (גאבע) - אנפירער אין שול אדער פון א כעווורע קאדישע.

**גבור** (גיבער) - שטארקער, העלד. מ״צ: ג ב ו ר י ם (גיבוירים).
**גבורה** (גווורע) - שטארקייט, העל־דישקייט,, מעכטיקייט, קראפט. מ״צ: ג ב ו ר ו ת (גווורעס).
**גביר** (גוויר) - פארמעגלעכער מאן, מ״צ: ג ב י ר י ם : (גווירים).
**גדול** (גאדל) - גרויסער, אנגעזעענער. מ״צ: ג ד ו ל י ם (גדוילים).
**גדולה** (גדולע) - גרויסע פרייד, גרויס נאכעס.
**גדר** (געדער) - צוים, פלויט. מ״צ: ג ד ר י ם (געדארים).
**גוזמא** (גוזמע) - איבערטרייבונג, גאר גרויסע צאל.
**גוי** (גוי) - ניט־ייד. מ״צ: ג ו י ם (גויים).
**גוי־גמור** (גוי גאמור) - פולשטענדי־קער גוי, אומוויסנדיקער.
**גולם** (גוילעם) - ראבאט, אויטאמאט, פארעמלאזע זאך, אידיאט, נאר. לעגענדארע באשעפעניש פון פראַ־גער ראוו מהר״ל, געמאכט פון ליים און באלעבט מיט א הייליקן שפרוך.
**גוסס** (גויסעס) - איינער וואס האלט באם שטארבן, אגאניזירנדיקער.
**גזילה** (גזילע) - רויב, רויבעריי, באנ־דיטעריי. מ״צ: ג ז י ל ו ת — (גזיילעס).
**גזלן** (גאזלען) - רויבער, באנדיט,

שלעכטער מענטש. מ״צ: ג ז ל נ י ם (גאַזלאָנים).

**גזע** (געזאָ) - שטאַם, ראַסע, וואָרצל.

**גזרה** (גזיירע) - שלעכטער רעגירונגס־דעקרעט. מ״צ: ג ז י ר ו ת (גזיירעס).

**גט** (געט) - געזעצלעכע צעשיידונג פון מאַן און ווייַב.

**גיהנום** (געהענעם) - דער פּלאַץ, וווּ עס ווערן, לויטן איבערגלויבן, באַשטראָפט די זינדיקע נאָכן טויט. העליש פייַער.

**גימל** (גימל) - דריטער אָס פון ייִדישן אַלעפבייס.

**גלגול** (גילגל) - פאַרוואַנדלונג, טראַנספּאָרמירונג, קייַקלעניש.

**גלוח** (גילואַך) - ראַזירטער, אָפּגעגאָלטער.

**גלות** (גאָלעס) - פאַרטרייַבונג, צעשפּרייטונג פון ייִדישן פאָלק איבער דער וועלט. דיאַספּאָרע.

**גלח** (גאַלעך) - קריסטלעכער גייַסטלעכער. מ״צ: ג ל ח י ם (גאַלאָכים).

**גם** (גאַם) - אויך. זע: גם אתם (גאַם אַטעם) - איר אויך.

**גמרא** (געמאָרע) - טאַלמוד.

**גנאי** (גנאַי) - אַ שאַנדע, שפּאָט, בייזאָיען, דערנידערונג.

**גנב** (גאַנעוו) - איינער וואָס נעמט צו אין געהיים געלט אָדער פאַרמעגן פון צווייטן. מ״צ: ג נ ב י ם (גאַנאָווים).

**גנבטע** (גאַנעווטע) - אַ פרוי וואָס גאַנוועט. מ״צ: ג נ ב ט ע ס (גאַנעווטעס).

**גניבה** (גנייווע) - אַ זאַך וואָס אַ גאַנעוו נעמט צו.

**גניזה** (גניזע) - באַהאַלטונג, אַרכיוו.

**גסיסה** (גסיסע) - אַגאָניע.

**גר** (גער) - אַ פרעמדער, איינער וואָס האָט אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן. מ״צ: ג ר י ם (גיירים).

**גרגרת** (גאַרגערעס) - גאָרגל.

**גרוש** (גאָרעש) - געגעטער, מאַן וואָס האָט זיך צעשיידט מיט זייַן פרוי. מ״צ: ג ר ו ש י ם (גרושים).

**גרוש** (גיירעש) - דאָס פאַרטרייַבן, דאָס אַרויסטרייַבן.

**גרושה** (גרושע) - אַ פרוי, וואָס האָט זיך צעשיידט מיט איר מאַן. מ״צ: ג ר ו ש ו ת (גרושעס).

**גרושים** (גרושים) - פאַרטריבענע, אַרויסגעטריבענע, צעשיידטע.

**גשמיות** (גאַשמיעס) - קערפּערלעכקייט, מאַטעריעלקייט. דער קעגנזאַץ פון רוכניעס, גייַסטיקייט.

# ד

**דאגה** (דײַגע) ־ זאָרג. מ״צ. דאגות (דײַגעס).

**דבוק** (דיבעק) ־ באַהעפטונג, פאַרוואָגלטע נעשאָמע וואָס האָט זיך באַהאָפטן מיט אַן אַנדער קערפּער.

**דבור** (דיבער) ־ געשפּרעך, רייד. כח הדבור (קויעך האַדיבער) ־ רעדנער־קראַפט. מ״צ: דבורים (דיבורים).

**דבקות** (דווייקעס) ־ באַהעפטונג, רעליגיעזער עקסטאַז.

**דבר** (דאַוואָר) ־ זאַך, קעגנשטאַנד.

**דברן** (דאַברען) ־ רעדנער, אָראַטאָר, באַריידעוודיקער. דבר׳ן (דאַבערן) ־ באַלבען, ריידן.

**דגל** (דעגעל) ־ פאָן.

**דהיינו** (דעהײַנע) ־ צום בײַשפּיל.

**דוגמא** (דוגמע) ־ בײַשפּיל, מוסטער.

**דוגמתו** (דוגמאָסוי) ־ זײַן גלײַכן.

**דוחה** (דויכע) זײַן ־ אָפּשטופּן, אַריבערטראָגן אויף אַן אַנדער דאַטע.

**דופק** (דויפעק) ־ פּולס.

**דוקא** (דאַווקע) ־ אויסשליסלעך, גראָד, נאָר.

**דור** (דאָר) ־ גענעראַציע. מ״צ: דורות (דוירעס).

**דוחק** (דויכעק) ־ מאַנגל אין עפּעס, עס איז פאַראַן ווייניק.

**דחק** (דכאַק) ־ נויט, נויטווענדיקייט.

**דחקות** (דאַכקעס) ־ נויט, אָרעמקייט, געדריקטקייט.

**דיין** (דײַען) ־ ראַבאָנישער ריכטער. מ״צ: דיינים (דאַיאָנים).

**דיינות** (דייאָנעס) ־ אַמט און פּראַקטיק פון ריכטער.

**דין** (דין) ־ געזעץ, אורטייל, פּראָצעס.

**דירה** (דירע) ־ וווינונג. מ״צ: דירות (דירעס).

**דלות** (דאַלעס) ־ אָרעמקייט, נויטבאַדערפעניש.

**דלד** (דאַלעד) ־ פערטער אָס פון א״ב.

**דלפן** (דאַלפן) ־ גרויסער אָרעמאַן. מ״צ: דלפנים (דאַלפאָנים).

**דם** (דאָם) ־ בלוט. דם־שונא (דאָם סוינע) ־ בלוטיקער סוינע.

**דמיון** (דימיען) ־ פאָרשטעלונג. מ״צ: דמיונות (דימיוינעס).

**דעה** (דייע) ־ מיינונג, באַשטימטע מיינונג. מ״צ: דעות (דייעס).

**דעת** (דאַאַס) ־ וויסן, פאַרשטאַנד, קענטעניש. דעת הקהל (דאַאַס האַקאָהאָל) ־ עפנטלעכע מיינונג.

**דף** (דאַף) ־ בלאַט פּאַפּיר, זײַט פון אַ בוך. מ״צ: דפים (דאַפּים).

**דפוס** (דפוס) ־ דרוקערײַ.

**דקדוק** (דיקדעק) ־ גראַמאַטיק, גענויקייט, פּינקטלעכקייט.

**דרדק** (דאַרדעק) ־ קליין קינד. דרדקע מלמד(דאַרדעקע מעלאַמעד) ־ רעליגיעזער לערער פון פּיצלעך קינדער.

**דרום** (דאָרעם) ־ זיד.

**דרך** (דערעך) - וועג, שטעג, ריכטונג, מעטאָד. מ"צ: דרכים (דראָכים).

**דרשה** (דראָשע) - פּאָרטראַג, לעקציע, פּרעדיק. מ"צ: דרשות (דראָשעס).

דאַרשענען - האַלטן רעדעס.

**דרשן** (דאַרשן) - פּרעדיקער. מ"צ: דרשנים (דאַרשאָנים).

**דת** (דאַס) - רעליגיע, גלויבן, באַפעל, געזעץ.

**דתיות** (דאָסיוס) - רעליגיעזיטעט.

## — ה —

**הבדלה** (האַוודאָלע) - אָפּשייד, אונטערשייד, צווישנשייד. מאַכן הבדלה - רעליגיעזער צערעמאָניאַל שאַבעס אָוונט, וואָס שיידט אָפּ שאַבעס פון וואָך, הייליקייט פון וואָכעדיקייט. הבדלה ליכט - אַ ליכט וואָס ווערט באַנוצט באַם צערעמאָניאַל. מ"צ: הבדלות (האַוודאָלעס).

**הבטחה** (האַווטאָכע) - צוזאָג, פאַרזיכערונג, פאַרשפּרעך. מ"צ: הבטחות (האַווטאָכעס).

**הגדה** (האַגאָדע) - רעליגיעז ביכל, וואָס ווערט געלייענט פייסעך באַם סיידער און ווו ס'ווערט דערציילט וועגן דער באַפרייִונג פון די ייִדן פון מיצראַיִם. מ"צ: הגדות (האַגאָדעס).

**הגבה** (האַגבע) - דאָס אויפהויבן די טוירע נאָכן לייענען.

**הגם** (האַגאַם) - כאָטש, אויב אַפילו.

**הגנה** (האַגאַנאַ) - שוץ, שוץ־אָרגאַניזאַציע אין ייִשׂראָעל ערעוו איר אַנטשטייונג, פאַרטיידיקונג.

**הדס** (האָדעס) - אַ קעסטעלע פאַר שמעקעוודיקע געווירצן (ווערט באַנוצט באַ האַוודאָלע).

**הדסים** (האַדאַסים) - שמעקעוודיקע מירטן־צווייַגלעך, וואָס ווערן באַנוצט באַם „עסרעג בענטשן".

**הדרגה** (האַדראָגע) - פירונג, לייטונג, דערציִונג.

**הוספה** (הויסאָפע) - צוגאָב, לוין־העכערונג, בייַלאַגע. מ"צ: הוספות (הויסאָפעס).

**הוצאה** (הויצאָע) - געלט־אויסגאַבע, קאָסט. מ"צ: הוצאות (הויצאָעס).

**הושענה** (הוישאַנע) - רעליגיעזער געבעט פון לעצטן טאָג סוקעס. מ"צ: הושענות (הוישאַנעס)־צווייַגלעך, וואָס ווערן באַנוצט באַם זאָגן הושענות.

**החלטה** (האַכלאָטע) - באַשלוס.

**היות** (העיויס) - אַזוי ווי, ווייַל דאָס איז אַזוי.

**היזק** (העזעק) - שאָדן.

**היכל** (הייכל) - טעמפּל, רעליגיעזער אָדער קונסט־פּאַלאַץ.

**היכן** (הייכאָן) - ווו? ווי ווייַט? מהיכן (מעהייכאָן) - פונוואַנען?

**היפוך** (הייפּעך) - דאָס פאַרקערטע, אין קעגנטייל.

**היתכן** (האִיטאָכן) - סטײַמש? ווי איז עס געמאָלט? ווי שיקט זיך עס? ווי איז עס מעגלעך?
**היתר** (העטער) - דערלויבעניש.
**הכחשה** (האַקכאָשע) - אָפּלייקענונג, פאַרלייקענונג. מ"צ: הכחשות (האַקכאָשעס).
**הכלל** (האַקלאָל) - אין אַלגעמיין, בקיצור, אין גאַנצן גענומען. הכלל? - נו?!
**הכנה** (האַכאָנע) - צוגרייטונג. מ"צ: הכנות (האַכאָנעס).
**הכנסה** (האַכנאָסע) - אײַנקונפט, אײַנטראָג, אַרײַנברענגונג. מ"צ: הכנסות (האַכנאָסעס).
**הכנעה** (האַכנאָע) - אונטערטעניקייט, דערנידערונג, אונטערוואַרפונג.
**הכרעה** (האַכראָע) - איבערוואָג.
**הכשר** (העכשער) - אויטאָריזאַציע, גוטהייסונג.
**הכשרה** (האַכשאָרע, האַכשאָראָ) - צוגרייטונג, צוגרייטונג-פּאַרם פון כאַלוצים. מ"צ: הכשרות (האַכשאָרעס).
**הלבשה** (האַלבאָשע) - קליידונג, באַקליידונג, אָנטועכץ.
**הלוואה** (האַלוואָע) - לײַען, געליִען געלט, אויסבאָרגונג. מ"צ: הלוואות (האַלוואָעס).
**הלוך** (הילעך, היילעך) - גאַנג, קליידונג.
**הלואי** (האַלעוואַי) - גיב גאָט (עס זאָל זײַן אַזוי).
**הליכה** (האַליכע) - אויפפירונג, גאַנג.
**הלך** (היילעך) - וואַנדערער, גייער. מ"צ: הולכים (הוילכים).
**הלך** (האַלאָך) - געגאַנגען.
**הלכה** (האַלאָכע) - געזעץ, געזעצגעבערישער דין, וואָס ווערט קלאָר נאָך אַ דיספּוט. מ"צ: הלכות (האַלאָכעס).
**הלכות** (הילכעס) - געוווינהייט.
**הלל** (האַלעל) - לויב-געבעט צו גאָט, וואָס ווערט געזאָגט אום יאָנטוויים.
**הללו** (האַלאָלו) - די דאָזיקע, די יענע, אָט די דאָזיקע.
**הללויה** (האַלעלויע) - לויב צו גאָט.
**הלמאי** (האַלעמאַי)? - צו וואָס? צו וואָס דאַרף מען דאָס? וואָס דען? פאַר וואָס?
**המון** (האַמוין) - פּאָלקס-מאַסע, דאָס פאָלק, גרויסער עולם.
**המוציא** (האַמויצי) - שטיק ברויט אָדער כאַלע, אַף וועלכער מ'מאַכט אַ בראָכע.
**המצאה** (האַמצאָע) - אײַנפאַל, דערפינדונג. מ"צ: המצאות (האַמצאָעס).
**המשך** (העמשעך) - פּאַרזעצונג, קאָנטינויִטעט. מ"צ: המשכים (העמשייכים), אויך העמשעכן.
**הן** (היין) - סײַ, אי.
**הנאה** (האַנאָע) - גענוס, פאַרגעניגן, צופרידנקייט.
**הנהגה** (האַנהאָגע) - אויפפירונג, אָנפירונג.

**הנה** (הײנאָ) - אהער, אהין. (הינײ) - אָט.
**הנחה** (האַנאָכע) - באַהויפּטונג, טעזע, פאַרלײַכטערונג, ראַבאַט. מ״צ: הנחות (האַנאָכעס).
**הנני** (הינײני) - איך בין דאָ, דאָ בין איך, איך בין גרייט.
**הסברה** (האַסבאָרע) - דערקלערונג, קלאָר מאַכונג, אויפקלערונג־אַפּמאַד. מ״צ: הסברות (האַסבאָרעס).
**הסכם** (העסקעם) - צושטימונג, באַווּיליקונג, אײַנפאַרשטאַנד (צ״בש: געקומען צו אַ העסקעם).
**הסכמה** (האַסקאָמע) - צושטימונג, אויטאָריזאַציע, באַווּיליקונג, צושטימיקייט (צ״בש: מיט אַלעמענס האַסקאָמע).
**הספד** (העספּעד) - טרויער־רעדע בײַ אַ לעווייע אָדער נאָך די שלוישים. מ״צ: הספדים (העספּיידים).
**הסתדרות** (היסטאַדרוט) - אָרגאַניזאַציע. נאָמען פון דער צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען אין ייִשראָעל.
**העויה** (האַוואָיע) - גרימאַסע, קרומער זשעסט. מ״צ: העויות - (האַוואָיעס).
**העזה** (האַזע) - פרעכקייט, דרייסטקייט. זע: חוצפה.
**הפטרה** (האַפטוירע) - טייל פון כומעש, וואָס ווערט געלייענט שאַבעס און יאָנטעוו אין שול.
**הפכה** (האַפייכע) - צעשטערונג, איבערקערעניש.
**הפסקה** (האַפסאָקע) - איבעררייס, פּאַוזע. מ״צ: הפסקות (האַפסאָקעס).
**הפקר** (העפקער) - מענטש אָדער זאַך וואָס האָט נישט קיין באַלעבאָס. העפקער־יונג - איינער וואָס רעכנט זיך נישט מיט קיינעם.
**הפקרות** (העפקיירעס) - אויסגעלאַסנקייט, אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, אומפאַרשעמטקייט.
**הצלחה** (האַצלאָכע) - דערפאָלג, גליק. מ״צ: הצלחות (האַצלאָכעס).
**הצתרכות** (היצטאַרכעס) - באַדערפעניש.
**הקדמה** (האַקדאָמע) - פאָרוואָרט, פאָררעדע, פּראָלאָג. מ״צ: הקדמות (האַקדאָמעס).
**הקדש** (העקדעש) - הייליקייט, הויז פאַר אָרעמעלײַט, אַ שפּיטאָל פאַר אָרעמעלײַט. פיגוראַטיוו - אַן אָפּגעלאָזן אָרט.
**הקיצור** (האַקיצער) - קורץ גערעדט.
**הקפה** (האַקאָפע) - מאַכן אַן אומקרײַז ארום דער בימע סימכעס טוירע. מ״צ: הקפות (האַקאָפעס).
**הר** (האַר) - באַרג. מ״צ: הרים (האַרים).
**הרג** (הערעג) - מאָרד.
**הרוג** (האַרוג) - דערמאָרדעטער, דערהאַרגעטער. מ״צ: הרוגים (האַרוגים).
**הרוחה** (האַרוואָכע) - פאַרברייטערונג, באַקוועמלעכקייט.
**הרחבה** (האַרכאָווע) - ברייטקייט,

באקוועמלעכקייט. מ״צ: הרחבות (הארכאוועס).
**השגה** (האסאגע) - פארשטעלונג, אנונג.
**השגחה** (האשגאכע) - אויפזען, אויפזיכט. צב״ש: אונטער גאטס האשגאכע.
**השערה** (האשארע) - מיינונג, היפאטעזע. מ״צ: השערות (האשארעס).
**השכלה** (האסקאלע) - אויפקלערונג, אויפקלערונגס - באוועגונג צווישן יידן, וואס איז אויפגעקומען אין 19טן י״ה.
**השפעה** (האשפאע) - איינפלוס, ווירקונג. מ״צ: השפעות (האשפאעס).
**השתדלות** (הישטאדלעס) - באמיונג, אנשטרענגונג, דאס סטארען זיך.
**השתלמות** (הישטאלמעס) - פולקאמקייט, פערפעקציע.
**השתנה** (האשטאנע) - אוריין.
**השתפכות** (הישטאפכעס) - באגייסטערונג, עקסטאז, לירישע צעגאסנקייט.
**התבודדות** (היסבוידעדעס) - איינזאמקייט, דאס זיין מיט זיך אליין.
**התבטלות** (היסבאטלעס) - זעלבסטדערנידערונג, זעלבסטגרינגשעצונג, נעגאציע.
**התגלות** (היסגאלעס) - אנטדעקונג, אנטפלעקונג, רעוועלאציע.
**התגשמות** (היסגאשמעס) - פארווירקלעכונג, רעאליזירונג.
**התחדשות** (היסכאדשעס) - באנייונג.
**התחזקות** (היסכאזקעס) - פארשטארקונג, פארפעסטיקונג, באפעסטיקונג.
**התחייבות** (היסכייוועס) - פארפליכטונג, צוזאג. מ״צ: היסכייוועסן.
**התחלה** (האסכאלע) - אנהייב, אנפאנג. מ״צ: התחלות (האסכאלעס).
**התלהבות** (היסלייוועס) - באגייסטערונג, ענטוזיאזם, ברען, פאטאס.
**התרוממות** (היסרוימעמעס) - דערהויבנקייט.
**התרחבות** (היסראכוועס) - ברייטקייט, אויסברייטערונג.
**התרעה** (האסראע) - ווארענונג, באפעל, אלארם. מ״צ: התרעות (האסראעס).
**התמדה** (האסמאדע) - כיישעק, פלייסיקייט.
**התפעלות** (היספייעלעס) - אנטציקונג.
**התקרבות** (הירקארוועס) - דערנענטערונג.

## — ו, וו —

**והראיה** (וועהאראיע) - צום באוויז, אט זעט מען.
**והשנית** (וועהאשייניס) - צווייטנס.
**וו** (וואוו) - זעקסטער אס פון א״ב.
**ויברח** - (וואיווראד) - געמאכט א וואיווראד, אנטלאפן.
**ווידוי** (ווידע) - קאנפעסיע, דאס אראפריידן זיך פון הארצן.

**וויכוח** (וויקועך) - דיסקוסיע, דיס־פוט, פּאָלעמיק. מ״צ: ווכוחים (ווי־קוכים).

**ויהי** (וואַיהי) - ס'איז געווען. וויהי היום — אַמאָל האָט זיך געטראָפן.

**ויצעקו** (וואַיִצאָקו) - געשריי, גוואַלד, טומל, אַלאַרם.

**וכדומה** (אוכעדוימע) - און אַזוי ווי־טער, און ענלעכע.

**ועד** (וואַאַד) - פּאַרוואַלטונג, קאָמי־טעט.

**וצדקתך** (וועצידקאָסכאָ) - סופּער־רעליגיעז, פאַלש־רעליגיעז.

**וישט** (ווײשעט) - גאָרגל

**ותרן** (וואַטרען) - נאָכגעבער, קאָמ־פּראָמיסלער.

— ז —

**זהב** (זאָהאָוו) - גאָלד

**זווג** (זיווועג) - באַהעפטונג, באַשער־טע פּאָר. מ״צ: זווגים (זיוווּגים).

**זוגה** (זוגע) - אַ פּאָר, פּאָר־פאָלק.

**זוג** (זוג) - פּאָר. מ״צ: זוגות (זוגעס).

**זוגתי** זוגאָסי) - מײַן ווײַב.

**זוגות** (זוגעס) - גראַד (אין ציפערן).

**זוהר** (זויהאַר) - אַ קאַבאָלע, סייפער.

**זול** (זאָל) - ביליק, וואָלוול.

**זונה** (זוינע) - הור, אויסגעלאַסענע פרוי, פּראָסטיטוטקע. מ״צ: זונות (זוינעס).

**זוכה** (זויכע) זײַן - ווערט זײַן, האָ־בן דאָס גליק.

**זין** (זאַיען) - זיבעטער אָס פון ייִדי־שן א״ב.

**זכות** (זכוס) - באַרעכטיקונג, מאָ־ראַליש פאַרדינסט, פּריווילעגיע.

**זכיה** (זכיִע) - גליק, פאַרגעניגן. מ״צ: זכיות (זכיִעס).

**זכר** (זאָכער) - מאַנספּאַרשוין, מאַן, אַן „ער". מ״צ: זכרים (זכאָרים).

**זכר** (זייכער) - אָנדענק, רעשטל, גע־דעכעניש.

**זכרון** (זיקאָרן) - געדאַנק־אַפּאַראַט, פעִיקייט פון געדענקען.

**זכרונות** (זיכרוינעס) - דערינערונ־גען, דערמאָנונגען, מעמוארן.

**זלזול** (זילזל) - גרינגשעצונג, זידלע־רייען. מ״צ: זלזולים (זילזולים).

**זמן** (זמאַן) - צײַט, סעזאָן, פּעריִאָד, סעמעסטער; אין אַמאָליקן ביידער האָט אַ זמאַן זיך גערעכנט פון פּייסעך ביז סוקעס און פון סוקעס ביז פּייסעך. בין הזמנים (ביין האַ־זמאַנים) - וואַקאַציעס צווישן די זמאַנים.

**זמר** (זעמער) - געזאַנג, מעלאָדיע, מאָטיוו. מ״צ: זמירות (זמירעס).

**זנב** (זאָנעוו) - עק, שוואַנץ, ווײדל, נאַר, ניט איבערגעשפּיצטער מענ־טש.

**זעה** (זייאַ) - שווייס.

**זקן** (זאָקן) - אַלטער מאַן, זיידע.

**זקנה** (זקיינע) - עלטערע פרוי, אל־טיטשקע, באָבע.
**זקנה** (זיקנע) - אַלטקייט, די עלטער.
**זרוע** (זרויע) - געבראָטן ביינדל מיט פלייש, וואָס מ׳לייגט פייסעך צום סיידער.
**זריז** (זאָריז) - געאיילטער, אייליקער, שנעלער, פלינקער, געשיקטער, רי־רעוודיקער.
**זריזות** (זריזעס) - פלינסיקייט, גע־איילטקייט, געשיקטקייט, רירעוו־דיקייט.
**זריעה** (זריע) - זייונג, דאָס פאַר־זייען, זאָמען.

## — ח —

**חבוט** (כיבעט) - אָפּקומעניש.
**חבור** (כיבער) - פאַרפאַסונג, באַ־העפטונג, סומירונג.
**חבורה** (כאַוורע) - קאָמפּאַניע, גע־זעלשאַפט, פאַרזאַמלונג פון מענ־טשן, צוזאַמענקום.
**חביב** (כאָוויוו) - באַליבט.
**חביבות** (כאַוויוועס) - ליבשאַפט.
**חבר** (כאַווער) - פריינט, מיטגליד, קאָלעגע. מ״צ: חברים (כאַוויירים)
**חברה** (כאַוויירע) - מיטגלידערן (אַ מיטגליד — אַ פרוי), פריינדן (אַ פריינט — אַ פרוי). מ״צ: חברות (כאַוויירעס).
**חברה** (כעוורע) - געזעלשאַפט, פאַר־איין. מ״צ: חברות (כעוורעס).
**חברותא** (כאַוורוסע) - בינטל, גע־זעלשאַפט.
**חברטע** (כאַווערטע מיטגלידן (אַ מיטגליד — אַ פרוי), פריינדן (אַ פריינט — אַ פרוי), קאָלעגן, קאַ־מעראַדן. מ״צ: חברטעס (כאַווער־טעס).
**חגא** (כאָגע) - אַ קריסטלעכער יאָנ־טעוו.
**חגיגה** (כאַגיגע) - פייערונג, פעסטי־וואַל, אונטערהאַלטונג.
**חדוה** (כעדווע) - פרייד. מ״צ: חדוות (כעדוועס).
**חדוש** (כידעש) - וווּנדער, אויפטו, מ״צ: חדושים (כידושים); חדושן זיך (כידעשן זיך) - זיך וווּנדערן.
**חדר** (כיידער) - רעליגיעזע שול, צי־מער, קאַמער; מ״צ: חדרים (כאַ־דאָרים); חדר מיוחד (כיידער מע־יוכעד) אַ באַזונדערער צימער.
**חוב** (כויוו) - שולד, פליכט. מ״צ: חובות (כויוועס).
**חודש** (כוידעש) מאָנאַט. מ״צ: חד־שים.
**חוזק** (כויזעק) - שפּאַט; כויזעק מאַ־כן — אָפּלאַכן.
**חוטא** (כויטע) - זינדיקער, פאַרברע־כער. מ״צ: חוטאים (כויטים).
**חוטם** (כויטעם) - לאַנגער נאָז.
**חול** (כאָל) - וואָכעדיק, פּראָסט.
**חולאת** (כאַלאָס) - קרענק.
**חולה** (כוילע) - קראַנקער. מ״צ: חו־לים (כוילים).

**חולין** (כולן) - וואָכעדיק, פּראָסט, ניט־הייליק.

**חומר** (כוימער) - ליים, מאַטעריאַל, מאַטעריע.

**חומרה** (כומרע) - האַרבקייט, שווע־רע פּראָבלעם.

**חומש** (כומעש) - די 5 ספאָרים פון דער טוירע. מ"צ: חומשים (כומאָ־שים).

**חונף** (כוינעף) - דער וואָס כאַנפעט, שמייכלט צו און קויפט אונטער.

**חופּה** (כופּע) - באַלדאַכין אונטער וועלכן מ׳פירט דורך די כאַסענע־צערעמאָניע. שטעלן אַ כופּע — כאַסענע האָבן רעליגיעז, כאַסענע מאַכן. מ"צ: חופּות (כופּעס).

**חוץ** (כוץ) - אויסער.

**חוצפּה** (כוצפּע) - פרעכקייט, פאַר־שייַטקייט.

**חוק** (כאָק) - געזעץ, רעגולאַמין. מ"צ: חוקים (כוקים).

**חוקר** (כויקער) - פאָרשער, אויס־פאָרשער, נאָכזוכער.

**חור** (כויר) חורא (כוירע, כורע) - לאָך.

**חורבה** (כורווע) - אַן אייַנגעפאַלן הויז. מ"צ: חורבות (כורוועס).

**חורבן** (כורבן) - צעשטערונג. מ"צ: חורבונות (כורבאָנעס).

**חוש** (כוש) - געפיל. מ"צ: חושים (כושים).

**חושד** (כוישעד), כוישעד זייַן - פאַר־דעכטיקן.

**חושך** (כוישעך) - געדיכט פינצטער.

**חותם** (כויסעם) - זיגל, שטעמפּל; מ"צ: חותמים (כויסאָמים).

**חזון** (כאָזוין) - וויזיע, זעונג, פאָר־שטעלונג.

**חזיון** (כיזאָיוין) - דערשייַנונג, פאַנ־טאַזיע.

**חזיר** (כאַזער) - שווייַן; מ"צ: חזרים (כאַזיירים).

**חזירײַ** (כאַזערייַ) - אָפּטאָן אַ מיִעסע זאַך, שווייַנערייַ.

**חזן** (כאַזן) - קאַנטאָר, זינגער פון טפילעס אין שול באַם דאַווענען; מ"צ: חזנים (כאַזאָנים).

**חזנות** (כאַזאָנעס) - פּראָפעסיע פון כאַזן.

**חזקה** (כאַזאָקע) - באַזיץ, רעכט אויף אַ זאַך וואָס באַלאַנגט ניט יורידיש

**חזרה** (כאַזאָרע) - צוריקקער, ווידער־האָלונג.

**חזרן** (כאַזערן) - אייַנלערנען, איבער־זאָגן פיל מאָל.

**חטא** (כעט) - זינד. מ"צ: חטאים (כאַטאָים).

**חטאת** (כאַטאָס) - זינדיקייט.

**חטאתי** (כאַטאָסי) - איך בין שול־דיק, איך האָב געזינדיקט, איך בין זיך מוידע.

**חי** (כײַ) - לעבעדיק.

**ח"י** (כײַ) - אַכצן (צום לעבן!)

**חיב** (כאַיעוו) - שולדיק.

**חיה** (כאַיע) - ווילדע באַשעפעניש. מ"צ: חיות (כאַיעס).

**חיוב** (כיִעוו) - פאַרפליכטונג.

**עקשן** (אקשן) - איינגעשפארטער, הארטנעקיקער. מ"צ: עקשנים (אקשאנים).

**עקשנות** (אקשאנעס) - איינגעשפארטקייט.

**ערוב** (איירעוו) - פארצויגענער דראט פון איין עק צום צווייטן, קעדיי מ'זאל מעגן טראגן אום שאבעס.

**ערב** (ארעוו) - א מענטש וואס ווערט גענומען פאר א מאשקן. זיך מאכן פאראנטווארטלעך.

**ערב** (ערעוו) - אוונט, דער מאג פאר א יאנטעוו.

**ערבות** (ארוועס) - גאראנטיע, פארזיכערונג.

**ערוה** (ערווע) - נאקעטקייט, שאנד.

**ערך** (ערעך) - אפשאצונג. אן ערעך — אומגעפער.

**ערל** (ארל) - פארשטאפטער, נישטגעמאלטער, אומבאשניטענער, ניטיִיד. מ"צ: ערלים (ארייליס).

**ערף** (אוירעף) - נאקן.

**עשיר** (אשיר) - רייכער. מ"צ: עשירים (אשירים). זע: גביר, נגיד.

**עשירות** (אשירעס) - רייכטום.

**עשרה** (אסארא) - צען. זע: עשרה הרוגי מלכות, עשרה בטבת.

**עת** (אייס) - צייט. זע: עת צרה.

**עתון** (איטוין) - צייטונג.

**עתונאי** (איטוינאי) - צייטונגסמאן, זשורנאליסט.

**עתיד** (אסיד) - צוקונפט, אייביק.

**עתידות** (אסידעס) - דאס צוקונפטיקע.

**עתיק** (אסיק) - אלט, אנטיקוואר.

**עתיקות** (אסיקעס) - אלטערטימלעכקייט.

## — פ —

**פאה** (פייע) - האר־קרייזל לעבן אויער, זייט, ראנד. מ"צ: פאות (פייעס).

**פגימה** (פגימע) - קארב, באשעדיקונג. מ"צ: פגימות (פגימעס).

**פגישה** (פגישע) - באגעגעניש, צוזאמענטרעף, אנטרעפונג.

**פגע** (פעגא) - אנשיקעניש, אומגליק. זע: פגע רע.

**פגירה** (פגירע) - טויטער קערפער פון א כאיע, אדער וואס האט א שלעכטן רייער.

**פגר** (פייגער) - טויטער קערפער.

**פגרא** (פאגרא) - יאנטעוו. זע: יומא דפגרא.

**פדיון** (פידיען) - לייזעכץ, אויסלייזגעלט.

**פה** (פע) - מויל, ראנד, זוים.

**פועל** (פויעל) - ארבעטער, טאג־ארבעטער. זע: פועל יוצא.

**פורים** (פורים) - טראדיציאנעלער יאנטעוו פארבונדן מיט דער געשיכטע וועגן האמאנען.

**פורעניות** (פוראניעס) - מאטערניש, אומגליקן.
**פזמון** (פיזמען) - געזאנג, ליד. זע: מזמור.
**פזרנות** (פאזראנעס) - פארשווענדונג, אויסברענגעריי.
**פחד** (פאכאד) - שרעק.
**פחדן** (פאכדן) - שרעקעוודיקער, טרוס. מ"צ: פחדנים (פאכדאנים).
**פחדנות** (פאכדאנעס) - שרעקעוודיקייט.
**פחות** (פאכויס) - ווייניק. זע: לכל הפחות.
**פחיתות** (פכיסעס) - דערנידערונג, פעלערהאפטקייט. זע: פחיתת הכבוד.
**פטום** (פיטעם) - רעשט פון צווייג אפן עסרעג.
**פטור** (פאטער) - דערלויבט, געענדיקט, אפגעזאגט, שולדלאז. זע: פטור אן עסק.
**פטירה** (פטירע) - אפשיידונג, טויט פון א הייליקן.
**פיוט** (פאיעט) - דיכטונג, פאעזיע, ליטורגישע לידער און זאגעכצן. פייטנות.
**פילגש** (פילעגעש) - קעפסווייב, מעטרעסע, ניט געזעצלעך ווייב.
**פינה** (פינא) - ווינקל, עק.
**פלא** (פעלע) - ווונדער. זע: פלאי פלאים.
**פלוגתא** (פלוגטע) - שטרייט, קריג, מיינונגס-פארשיידנהייט.
**פלוני** (פלויני) - יענער.
**פלונית** (פלוינעסטע) - פרוי (אין איראנישן זין).
**פליט** (פאליט) - פליכטלינג, אנטלויפער, אנטלאפענער. מ"צ: פליטים (פלייטים).
**פליטה** (פלייטע) מאכן - אנטלויפן, אנטרונעניש, רעטונג.
**פלך** (פעלעך) - קרייז, גובערניע. זע: שר הפלך.
**פלמוני** (פאלמויני) - אומבאקאנטער.
**פלפול** (פילפול) - סאפיסטיק, הארשפאלטעריי, שארפקייט אין אויסטייטשן א זאך.
**פמליא** (פאמאליע) - געזינדל, פאמיליע. זע: משפחה.
**פני** (פניי) - אריסטאקראטיע, כאשעווע לייט.
**פניה** (פניע) - אבזיכט, אינטערעס, קאוואנע. מ"צ: פניות (פניעס).
**פנים** (פאנעם) - געזיכט, פאדערשטע זייט. זע: לפנים.
**פנימי** (פנימי) - אינעווייניקסטער, אינערלעכער.
**פנקס** (פינקעס) - רעכנבוך, כראניק פון קהל, בוכהאלטעריע-בוך, נאטיצבוך.
**פסול** (פאסל) - ניט גאנגבאר, אויסבראקירט, ניט כשר.
**פסולת** (פסוילעס) - אפפאל, אומווערטיקייט.
**פסוק** (פאסעק) - זאץ, פערז. מ"צ: פסוקים.

**פסח** (פייסעך) - פרילינגס-יאנטעוו, צום אנדענק פון דער יידישער באפרייונג פון דער שקלאפעריי אין מיצרים.

**פסל** (פעסעל) - סטאטוע, געשניצטע זאך, בילד, געצנבילד.

**פסק** (פסאק) - אנטשיידונג, אורטייל. זע: פסק דין.

**פעולה** (פעולע) - ווירקונג, באווירקונג, טעטיקייט, אקטיוויטעט, רעזולטאט.

**פעם** (פאאם) - איינמאל. פעמים (פאאמיים) - צוויי מאל.

**פעמון** (פאאמוין) - גלאק. מ"צ: פעמונים (פאאמוינים).

**פקדון** (פיקאדן) - א קעגנשטאנד געגעבן צו באהאלטן.

**פקוח** (פיקועך) - פארשונג, אינספעקציע, פארזארגונג, אפהיטונג.

**פקח** (פיקייעך) - קלוגער, ביטרער, זעעדיקער, הערנדיקער.

**פקיד** (פאקיד) - באאמטער, אנגעשטעלטער, ביורא-אנגעשטעלטער (אין יִסראעל).

**פקידה** (פקידע) - אונטערזוכונג, ציילונג.

**פקידות** (פקידעס) - פארוואלטונג, אויפפאסונג, באאמטנטום.

**פרא** (פערע) - ווילדער, צעלאזענער. מ"צ: פראים (פראִים). זע: פרא אדם.

**פרדס** (פארדייס) - מאראנצן-גארטן.

**פרהסיא** (פאוהעסיע) - עפנטלעך, עפנטלעכקייט. זע: בתבור, לעין-כל, בגלוי, בפרהסיה.

**פרוד** (פיירעד) - פונאנדערשיידונג, צעטיילונג. זע: פרוד הלבבות, גט.

**פרוטה** (פרוטע) - קליינע מאטבייע, קלייניגעלט.

**פרוע** (פארוא) - פארווילדעט, פונאנדערגעלאזן.

**פרוש** (פיירעש) - קאמענטאר, דערקלערונג פון טעקסט. זע: בפירוש.

**פרוש** (פארעש) - אסקעט, צוריקגעהאלטענער, אפגעזונדערטער, אפגעשיידטער. מ"צ: פרושים (פרושים).

**פרוזדור** (פרויזדויר) - אריינגאנגזאל, פאדערצימער, קארידאר.

**פרט** (פראט) - איינצלהייט, דעטאל. מ"צ: פרטים (פראטים).

**פרטיות** (פראטיוס) - אינדיווידואליטעט, פערזענלעכס, פריוואטקייט.

**פרי** (פיירע) - פרוכט. מ"צ: פרות (פיירעס). פיגוראטיוו: פרי (פיירע) - זשוליק.

**פרידה** (פריידע) - אפשיידונג, געזעגענונג.

**פריחה** (פריכע) - בליונג.

**פריץ** (פאריץ - דער וואס וויל אנדערע זאלן טאן פאר אים. רייכער באזיצער, פעאדאל.

**פריצות** (פריצעס) - פארשייטקייט, ליידיקגייעריי, פרעכקייט. זע: חוצפה.

**פרישה** (פרישע) - אפשיידונג. זע: פרשת דרכים.

**פרד** (פערעד) - הארעוואניע. זע: עבודת פרך.

**פרכת** (פאַרויכעס) - פאַרהאַנג פון אָרן־קוידעש, פאַרהאַנג פון א בי־נע.

**פרנס** (פאַרנעס) - פאַרזאָרגער, דער־נערער, גאַבע, ראַשמאַן.

**פרנסה** (פאַרנאָסע) - לעבנסמיטל, דערנערונג, דערהאַלטונג.

**פרצוף** (פאַרצעף) - פיזאָנאָמיע, גע־זיכט, געשטאַלט.

**פרק** (פיירעק) - אָפּשניט, קאַפּיטל, רעליגיעזער טראַקטאַט מיט פולן נאָמען „פרקי אבות".

**פרשה** (פאַרשע) - אַן אָפּטיילונג אָדער קאַפּיטל פון כומעש.

**פשוט** (פּאָשעט) - איינפאַך, פּראָסט.

**פשט** (פשאַט) - איינפאַכער זין.

**פשטא** (פאַשטאַ) - נאָמען פון א טראָפּ (אַקצענט).

**פשטות** (פּאַשטעס) - איינפאַכקייט.

**פשיטא** (פשיטע) - זעלבסטפאַר־שטענדלעך, געוויס. זע: פשיטא כמשמעו.

**פשע** (פעשא) - זינד, שולד, פעל־שונג. זע: פושעי ישראל.

**פשרה** (פשאָרע) - קאָמפּראָמיס, פריד־לעכער אויסגלייך. מ"צ: פשרות (פשאָרעס).

**פתוח** (פאַסואַך) - געעפנט, אנגע־הויבן.

**פתח** (פעסאַך) - טיר, אריינגאַנג, עפענונג. זע: פתחון פה.

**פתרון** (פיסרוין) - באַשיידונג, דער־קלערונג פון א רעטעניש, באַדיי־טונג. זע: פותר־חלום.

## — צ —

**צאן** (צוין) - שאָף. זע: צאן קדשים.

**צבא** (צאָווא) - מיליטער, קריגס־דינסט, אַרמיי.

**צבוע** (צאָוווא) - פאַרפאַרבטער, הי־פאָקריט. זע: צבועים און צבוע־קעס.

**צבור** (ציבער) - געזעלשאַפט, גע־מיינדע.

**צבי** (צווי) - הירש. צביה (צוויע) - הירשן

**צביעות** (צוויִעס) - היפּאָקריט־סטווע.

**צד** (צאַד) - זייט, באַשטימטער טייל, ריכטונג. מ"צ: צדדים (צדאָדים).

**צדוקים** (צדוקים) - א פאַרצייטיקע סעקטע אין ישראל, די הערשנדיקע קאַסטע (לויט נאָמען פון איר פירער צדוק).

**צדיק** (צאַדיק) - גערעכטער, פרו־מער, ערלעכער. מ"צ: צדיקים (צאַדיקים).

**צדק** (צעדעק) - גערעכטיקייט, רעכט, ערלעכקייט.

**צדקה** (צדאָקע) - הילף פאַר אָרעמעלייט, וואוילטעטיקייט, פילאַנטראָפּיע.

**צדקיות** (צידקיעס) - פרומקייט, ערלעכקייט.

**צדקת** (צאַדייקעס) - פרומע פרוי.

**צהלה** (צעהאָלע) - פרייד, פריילעכקייט.

**צואה** (צויע) - קויט, שמוץ, אָפּפאַל.

**צוואה** (צאַוואָע) - טעסטאַמענט, אָנזאָג פאַרן טויט וועגן יערושע און ווי מען זאָל זיך באַגיין מיטן מעס.

**ציון** (ציאָן) - סינאָנים פון ארץ ישראל.

**צלם** (ציילעם) - קרייץ. מ"צ: צלמים (צלאָמים).

**צנועה** (צנוע) - באַשיידענע, פרומע. מ"צ: צנועות (צנועס).

**צניעות** (צניעס) - באַשיידנקייט.

**צער** (צאַאַר) - ליידן, ערגערניש.

**צפון** (צאָפן) - נאָרד.

**צרה** (צאָרע) - אומגליק. מ"צ: צרות.

**צרעת** (צאָראַאַס) - קרעץ.

## — ק —

**קבוץ** (קיבעץ) - פאַרזאַמלונג, צונויפזאַמלונג, קאָלעקטיוו. מ"צ: קבוצים (קיבוצים).

**קבוצה** (קוווצע) - קאָמונאַלע גרופּע, קאָמונאַלע ווירטשאַפט אין ישראל. מ"צ: קבוצות (קוווצעס).

**קבורה** (קווורע) - באַגראָבונג, באַגרעבניש, באַערדיקונג.

**קביעות** (קוויעס) - פעסטשטעלונג, באַשטענדיקייט, באַשטימטקייט, פעסטגעשטעלטקייט.

**קבלה** (קאַבאָלע) - קוויט, קוויטירונג, דערהאַלטונג, באַקומונג, קאַבאַליסטיק (געהיימע מיסטישע לערע). מ"צ: קבלות (קאַבאָלעס).

**קבלן** (קאַבלען) - אונטערנעמער, קאָנטראַקטאָר, פּאָדריאַטשיק. מ"צ: קבלנים (קאַבלאָנים).

**קבצן** (קאַבצן) - בעטלער, אָרעמאַן. מ"צ: קבצנים (קאַבצאָנים).

**קבר** (קייווער) - גראָבן, גרוב פאַר אַ טויטן. מ"צ: קברים (קוואָרים).

**קברן** (קאַברען) - באַגרעבער. מ"צ: קברנים (קאַבראָנים).

**קדוש** (קאָדעש) - הייליקער, מאַרטירער. מ"צ: קדושים (קדוישים).

**קדוש** (קידעש) מאַכן - בענטשן דאָס וויין וואָס מען טרינקט שאַבעס אָדער יאָנטעוו.

**קדושה** (קדושע) - ספּעציעלע טפילע אין וועלכער עס ווערט געהייליקט גאָטס נאָמען.

**קדושה** (קעדושע) - אַ הייליקע.

**קדושין** (קעדושן) - כאַסענע-צערעמאָניע.

**קדחת** (קאַדאָכעס) - מאַלאַריע.

**קדיש** (קאַדיש) - אַ טפילע נאָך געשטאָרבענע. אויך דער זון וואָס זאָגט די טפילע.

**קדמון** (קאַדמוין) - פּאַרציַיטיק, אורדאַלטער, אַז אייביקייט, פּרימאַרע דערשיינונג. מ"צ: קדמונים (קאַדמוינים).

**קדמוניות** (קאַדמויניִעס) - אַלטערטימלעכקייטן.

**קדימה** (קאַדימאַ) - פאָרשריט.

**קדש** (קאַדעש) - רופיאַן, איינגנטימער פון אַ שאַנדהייַזל. קדשה (קדיישע) - פּראָסטיטוטקע.

**קהל** (קאַהאַל) - געמיינדע.

**קהלה** (קעהילע) - פאַרזאַמלונג, געמיינדע, געמיינשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע. מ"צ: קהלות (קעהילעס).

**קהלת** (קויהעלעס) - אַ ספר פון טאַנאַך.

**קודם** (קוידעם) - פריִער. זע: קודם כל.

**קול** (קאָל) - שטים, גערויש. מ"צ: קולות (קוילעס).

**קונה** (קוינע) - קויפער. מ"צ: קונים (קוינים).

**קוסם** (קויסעם) - צויבערער, קישעפמאַכער. מ"צ: קוסמים (קויסמים).

**קופה** (קופע) - קאַסע, פּושקע. מ"צ: קופות (קופּעס).

**קטורת** (קטוירעס) - וויַירעך, רויכערונג. הייליקע געווירצן.

**קטיגור** (קאַטייגער) - אַנקלאָגער, פּראָקוראָר.

**קטן** (קאָטאָן) - קליין, קליינער. מ"צ: קטנים (קטאַנים).

**קטנה** (קטאַנע) - קליינע. מ"צ: קטנות (קטאַנויס).

**קטנות** (קטאַנוס) - קליינקייט, מינדערווערטיקייט.

**קיום** (קיִעם) - עקזיסטענץ, דויער, באַשטעטיקונג, האַפט.

**קין** (קאַיִן) - ביבלישער פּערסאָנאַזש, וואָס האָט דערהאַרגעט זייַן ברודער העוול, אַ מערדער. מ'זאָגט: קינס (קאַיִנס־ציַיכן.

**קינה** (קינע) - לאַמענטאַציע, קלאָגעניש, קלאָגליד, קלאָג־טפילע. מ"צ: קינות (קינעס).

**קל** (קאַל) - לייַכט, גרינג, שנעל, פלינק. זע: קל וחומר.

**קליפה** (קליפּע) - שאָלעכץ, אָפּשיילונג, בייזע קראַפט, נישט־גוטע.

**קללה** (קלאָלע) - שעלטונג, שימפונג. מ"צ: קללות (קלאָלעס).

**קלקלה** (קאַלקאָלע) - שטרויכלונג, זינד, דערנידערונג.

**קמח** (קעמאַך) - מעל.

**קמיע** (קאַמייע) - אַמולעט, זאַבאַבאָניש פאַרהיט־מיטל פון אַן אומגליק. מ"צ: קמיעות (קאַמייעס).

**קמץ** (קאָמעץ) - צייכן אין העברעיִש אויסלייג, וואָס אַנטשפּרעכט דעם זילב „אָ".

**קמצן** (קאַמצן) - קאַרגער. מ"צ: קמצנים (קאַמצאָנים).

**קמצנות** (קאַמצאָנעס) - קאַרגשאַפט, שפּאָרעוודיקייט.

**קנאה** (קינע) - אייפערזוכט, נישט־פארגינעריי, צארן.

**קנאי** (קאנאי) - פאנאטיקער, זעלאט.

**קנאות** (קאנאעס) - פאנאטיזים, אייפעריקייט.

**קנדס** (קונדעס) - שטיפער, בויאן. מ"צ: קנדסים (קונדייסים).

**קניה** (קניע) - קויף, אויפקויף. מ"צ: קניות (קניעס).

**קנין** (קיניען) - אייגנשאפט, אטריבוט, פאטרימאניום, דערווערבונג; צערעמאניע בא טנאים.

**קנס** (קנאס) - שטראף, באשטראפונג, קאנטריבוציע. זע: קנס־מאל.

**קערה** (קאארע) - שיסל, טעלער אין וועלכע מען זאמלט געלט אין שול.

**קפדן** (קאפדן) - אויפגערעגטער, פעדאנט.

**קפדנות** (קאפדאנעס) - אויפגערעגטקייט, פעדאנטיזם.

**קפיצה** (קפיצע) - שפרונג, אריבערשפרינגונג.

**קץ** (קעץ) - ענדע, סאף.

**קצב** (קאצעוו) - פלייש־הענדלער, פלייש־האקער. מ"צ: קצבים (קאצאווים).

**קצבה** (קיצווע) - פילאנטראפיע, אונטערשטיצונג, מאקסע, באשטימטע מאס.

**קצור** (קיצער) - פארקירצונג, אויסצוג, פראגמענט.

**קצירה** (קצירע) - שניט.

**קרבן** (קארבן) - אפפער. מ"צ: קרבנות (קארבאנעס).

**קרוב** (קארעוו) - אייגענער, פארוואנדטער, נאענטער. מ"צ: קרובים (קרויווים).

**קרח** (קערעך) אפגעפליקט. צב"ש: קרח מכאן וקרח מכאן.

**קרח** (קערעך) - קעלט, פראסט, אייז.

**קרח** (קויראך) - ביבלישער נאמען. מ'זאגט: רייך ווי קוירעך.

**קריאה** (קריע) - דאס לייענען די טוירע, רוף, איינלאדונג.

**קריה** (קיריע) - שטאט. מ"צ: קריות (קיריעס).

**קריעה** (קריע) - צערייסונג, אפשניידונג, ריטואל פון מאכן א ריס אין די קליידער נאכן טויט פון א נאענטן.

**קרן** (קערען) - הארן, גרונטקאפיטאל, פאנד, קראפט, שטראל, ווינקל, ראג.

**קרקע** (קארקע) - ערד, באדן, שטיקל ערד אף א קייווער.

**קשה** (קאשע) - הארט, שווער, שטרענג.

**קשיא** (קאשע) - פראגע. מ"צ: קשיות (קאשעס).

**ראוי** (ראַע) - ווערט, ווערטזיין, ווערדיק. זע: כראוי.

**ראיה** (ראַיע) - באַווייַז, אַרגומענט. מ"צ: ראַיות (ראַיעס).

**ראיה** (ריִע) - זעקראַפט, אויגנליכט.

**ראש** (ראַש) - קאָפּ, עלטסטער, הויפּט, שפּיץ, אָנהייב.

**ראשון** (רישוין) - ערשטער, דער פריִערדיקער, פאַריקער.

**ראשי** (ראַשי) - הויפּטלינג, הויפּט.

**ראשית** (ריישיס) - ערשטנס.

**רב** (רעב) - טיטל, ווי הער. מ'שרייַבט פאַרקירצט: ר' קאַרעוו.

**רב** (ראָוו) - יִדישער גייַסטלעכער. מ"צ: רבנים (ראַבאָנים).

**רב** (ראָוו) - פּיל, גענוג, מ"צ: רבים (ראַבים) - אַסאַך.

**רבותי** (ראַבויסאַי) - מייַנע לערער, מייַנע הערן.

**רבי** (רעבע) - לערער, וועגווייַזער, מעלאַמעד, כסידישער רעבע.

**רביעי** (רעוויִי) - פערטער.

**רבנן** (ראַבאָנאָן) - ראַבינער, לערער.

**רבנות** (ראַבאָנעס) - ראַבינאַט, גרויסהאַלטערייַ.

**רגזן** (ראַגזען) - אויפגערעגטער, קאַיסן.

**רגזנות** (ראַגזאָנעס) - אויפגערעגטקייט.

**רגיל** (ראַגיל) - געוווינט.

**רגילות** (רגילעס) - געוווינהייט.

**רגל** (רעגעל) - פוס. מ"צ: רגלים (ראַגלאַיִם).

**רגל** (רעגעל) - די יאָנטויוויִים סוקעס, פּייסעד און שוועס. מ"צ: רגלים (רעגאָלים) זע :עולה רגל זייַן.

**רגע** (רעגע) - אויגנבליק, סעקונדע.

**רדיפה** (רדיפע) - פאַרפאָלגונג, דאָס נאָכיאָגונג. מ"צ: רדיפות(רדיפעס).

**רואה** (רויע) - דער וואָס זעט. זע: רואה ואינו נראה.

**רוב** (ראָוו) - מערהייט. דאָס ראָוו - מערסטנס.

**רודף** (רוידעף) - פאַרפאָלגער, יאָגער, נאָכיאָגער.

**רוח** (רואַך) - ווינט, גייַסט, לופט, שעד. מ"צ: רוחות (רוכעס) - בייזע גייַסטער, שיידים.

**רווחה** (רעוואָכע) - דערלייַכטערונג, פאַרגרינגערונג.

**רוחניות** (רוכניעס) - גייַסטיקייט, ספּירטואַליזם.

**רוממות** (רוימעמעס) - דערהויבונג, דערהייבנקייט.

**רועה** (רויע) - פאַסטעך, הירט.

**רופא** (רויפע) - דאָקטער, היילער, מעדיצינער, פעלדשער. מ"צ: רופאים (רויפים).

**רוצח** (רויצייעך) - מערדער, שלעגער. מ"צ: רוצחים (ראָצכים).

**רושם** (רוישעם) - אייַנדרוק, צייכן, שטאַרקער אייַנדרוק.

**רחבה** (רעכאָוואָ) - גאַס, ברייט פּלאַץ.

**רחבות** (ראַכוועס) - ברייטקייט, באַ־קוועמלעכקייט.

**רחוב** (רעכויװ) - גאַס. מ"צ: רחו־בות (רעכויװויס).

**רחום** (ראַכום) - דערבאַרעמדיקער, באַרעמהאַרציקער.

**רחוק** (ראַכויק) - ווײַט.

**רחמים** (ראַכמים) - באַרמהאַרצי־קייט, מיטלײַד.

**רחמן** (ראַכמען) - באַרעמהאַרציקער, ווייכהאַרציקער. מ"צ: רחמנים (ראַכמאָנים).

**רחמנות** (ראַכמאָנעס) - ווייכהאַרצי־קייט, גוטהאַרציקייט, מיטגעפיל.

**ריוח** (רעווועך) - פּראָפיט, פאַרדינסט, געווינס. מ"צ: רווחים (רעוואָכים).

**ריח** (רייעך) - גערוך, אַראָמאַט. מ"צ: ריחות (רייכעס).

**רכב** (רעכעוו) - וואָגן, רײַטוואָגן.

**רכבת** (ראַקעוועס) - באַן, צוג.

**רכילות** (רעכילעס) - באַריידונג, פּליאָטקעס.

**רם** (ראָם) - הויך, דערהייבן.

**רמאות** (ראַמאָעס) - באַטרוג, ליגן, אָפּנאַרערײַ, שווינדל.

**רמאי** (ראַמאַי) - ליגנער, אָפּנאַרער, שווינדלער, רויטער.

**רמון** (רימוין) - מילגרוים. מ"צ: רמונים (רימוינים).

**רמז** (רעמעז) -ווונק, צייכן, אָנדײַט. מ"צ: רמזים (רעמאָזים).

**רנה** (רינע) - געזאַנג, פרײדשאַלונג.

**רע** (ראַ) - שלעכטער, שלעכטס, אי־בל, בייזקייט.

**רע** (רייאַ) - פּרײַנט, כאַווער. מ"צ: רעים (רייאים).

**רעה** (ראָע) - שלעכטס, בייז.

**רעיון** (ראַיען) - געדאַנק, אידעע, אײַנפאַל. מ"צ: רעיונות (ראַיוי־נעס).

**רעש** (ראַש) - שטורעם, טומל, ציי־טער.

**רפואה** (רעפוע) - מעדיקאַמענט, היי־לונג, מיטל, גענעזונג. מ"צ: רפו־אות (רעפועס).

**רצוי** (ראָצוי) - אָנגענומען, געפעלן, געוווּנטשן.

**רצון** (ראָצן) - ווילן, פאַרלאַנג, ווונטש.

**רצועה** (רעצוע) - רימען, רימען פון טפילין. מ"צ: רצועות (רעצועס).

**רצח** (רעצאַך) - מאָרד, מערדערײַ.

**רציחה** (רעציכע) - ברוטאַלקייט, מערדערײַ, מאָרד.

**רק** (ראַק) - נאָר, שטענדיק.

**רקח** (רויקייעך) - אַפּטייקער.

**רקידה** (רעקידע) - טאַנץ.

**רשות** (רעשוס) - דערלויבעניש, באַ־זיץ, קראַפט, דיספּאָזיציע.

**רשיון** (רישיוין) - דערלויבעניש, צײַגעניש.

**רשימה** (רעשימע) - פאַרצייכענונג, קאַטאַלאָג, צעטל, ליסטע. מ"צ: רשימות (רעשימעס).

**רשע** (ראָשע) - שלעכטער, בייזער, שולדיקער, פאַרבאַרבענער. מ"צ: רשעים (רעשאָים).

**רשעות** (רישעס) - שלעכטס, פאַר־דאָרבנקייט. זע: מרשעת.

**שאול** (שעויל) - גרוב. שאול תח־תיות (שעויל טאַכטיִעס) - געהע־נעם.
**שאלה** (שײַלע) - פּראַגע, פאַדערונג. מ"צ: שאלות (שײַלעס).
**שארית** (שעיירים) - איבערבלײַ־בעכץ, רעשט, דאָס פאַרבליבענע. זע: שארית הפליטה.
**שבוי** (שאַוווי) - געפאַנגענער. מ"צ: שבוים (שוווּים).
**שבוע** (שאַוווּאַ) - וואָך. מ"צ: שבו־עות (שאַוווּאָיס).
**שבועה** (שווּע) - דאָס שווערן, פאַרפליכטונג. מ"צ: שבועות (שווּעס).
**שבועות** (שווּעס) - יאָנטעוו פון גרינס און פון געבן די טוירע.
**שבוש** (שיבעש) - קלײניקײט, אומ־באַדײַטנדיקײט.
**שבח** (שוואַך) - לויב. מ"צ: שב־חים (שוואַכים).
**שבט** (שײוועט) - שטאַם, גרופּע פון זעלבן אָפּשטאַם. מ"צ: שבטים (שוואָטים).
**שבט** (שוואַט) - פינפטער ייִדישער מאָנאַט.
**שביעי** (שוויִי) - דער זיבעטער.
**שביעית** (שוויִיס) - א זיבעטל, זי־בעטע.
**שבע** (שעוואַ)־זיבן. שבעה עשר(שי־וואַ אָסאַר, שבע עשרה (שעוואַ עס־ריי) - זיבצן.
**שבע** (סאָוואַ) - זאַטקייט, זעט.
**שבת** (שאַבעס) - רוטאָג, זיבעטער טאָג פון דער וואָך. מ"צ: שבתים (שאַבאָסים).
**שגעון** (שיגאָען) - וואַנזין, מעשוגאַס.
**שגץ** (שייגעץ) - נישט ייִדיש ייִנגל. מ"צ: שגצים (שגאָצים).
**שד** (שעד) - דעמאָן, טײַוול. מ"צ: שדים (שיידים).
**שדה** (סאָדע) - פעלד. מ"צ: שדות (סאָדויס), זע: שדה לבן.
**שדוך** (שידעך) - פאַרקנאַסונג פון כאָסן־קאַלע, באַהעפטונג, כאַסע־נע. מ"צ: שדוכים (שידוכים).
**שדי** (שאַדאַי) - נאָמען פון גאָט, אַל־מעכטיקער.
**שדים** (שאַדאַיִם) - בריסטן.
**שדכן** (שאַדכן) - באַהעפטער, אויס־פירער פון א שידעך.
**שדכנות** (שאַדכאָנעס) - דער פאַך פון א שאַדכן.
**שדרה** (שעדרע) - רוקנבײן. זע: חוט השדרה.
**שהחיינו** (שעהעכיאָנו) - אז מיר האָבן דערלעבט. א בראָכע סײַ אף א פרוכט וואָס מען עסט צום ער־שטן מאָל אין סעזאָן, און סײַ אף א נײַעם בעגעד אָדער הויז.
**שהיות** (שיִעס) מאכן — פאַרלירן צײַט, זיך אַרויסדרייען.
**שוה** (שאָווע) - גלײַך, ענלעך.

**שוחט** (שויכעט) - דער וואָס קוילעט הינער און בעהיימעס לויטן ייִדי־שן דין.
**שוטה** (שויטע) - נאַר, צעדרייטער, שוואַכזיניקער.
**שומר** (שוימער, שאָמער) - וועכטער. מ״צ: שומרים (שוימרים, שאָמ־רים).
**שונא** (סוינע) - פײַנט. מ״צ: שונאים (סאָנים).
**שופט** (שויפעט) - ריכטער. מ״צ: שופטים (שויפטים, שאָפטים).
**שופר** (שויפער) האָרן. מ״צ: שופ־רות (שויפרעס).
**שורה** (שורע) - אַ ריי, ליניע. מ״צ: שורות (שורעס).
**שושנה** (שוישאַנע) - רויז.
**שותף** (שוטעף) - מיטהעלפער, מיט־באַזיצער, מיטבאַלעבאָס. מ״צ: שותפים (שוטפים).
**שותפות** (שוטפעס) - אין קאָמפּאַ־ניע.
**שחור** (שאָכויר) - שוואַרצער, שוואַרץ.
**שחיטה**(שכיטע) - שעכטונג, שלאַכט, אויסמאָרדונג. מ״צ: שחיטות (שכיטעס).
**שחרית** (שאַכרים) - דער פרימאָרגן, גאַנץ פרי, אַ מאָרגן־תּפילע.
**שחד** (שויכעד) - אונטערקויף־געלט.
**שטה** (שיטע) - ריכטונג, מעאָריע, באַשטימטע אידעע, סיסטעם, טענ־דענץ.
**שטות** (שטוס) - דומהייט, נאַריש־קייט. מ׳זאָגט: שטותערייַען.

**שטח** (שעטעך) - פּלאַץ, דיסטאַנץ, מ״צ: שטחים (שטאָכים).
**שטן** (סאָטן) - ניטגוטער, טײַוול.
**שטר** (שטאַר) - קאָנטראַקט־פּאַפּיר. שטר מכירה (שטאַר מעכירע) פאַר־קויף־קאָנטראַקט.
**שיחה** (סיכע) - שמועס, געשפּרעך. זע: שיחת חולין.
**שיר, שירה** (שיר, שירע) - געזאַנג, דאָס זינגען, מוזיק, ליד. מ״צ: שי־רים. זע: שיר השירים.
**שיריים** (שיראַיִם) - איבערבלײַבעכץ פון עסן, דאָס איבערגעבליבענע.
**שייך** (שײַעך) - געהערט, אַנבאַלאַנגט.
**שייכות** (שײַכעס) - אָנגעהעריקייט, באַציִונג, פאַרהעלטעניש.
**שכור** (שיקער) - באַטרונקען, אָנגע־טרונקענער. מ״צ: שכורים (שיקו־רים).
**שכחה** (שיקכע) - פאַרגעסנהייט.
**שכינה** (שכינע) - גאָט, גאָטהייט.
**שכל** (סייכל) - פאַרשטאַנד.
**שכירות** (סכירעס) - לוין, געהאַלט, באַצאָלונג, אָפּצאָל.
**שכן** (שאָכן) - נאָכבאַר, נאָענטער אײַנוווינער. מ״צ: שכנים (שכיי־נים).
**שכנה** (שכיינע) - ווײַבלעכער גע־שלעכט פון שכן. מ׳זאָגט אויך שכנטע (שאָכנטע) מ״צ: שכנות (שכיינעס) און שכנטעס (שאָכנ־טעס).
**שכנות** (שכיינעס) - נאָכבאַרשאַפט.
**שכר** (סכאַר) - באַלוינונג, געהאַלט, לוין.

**של** (שעל) - פון; שלי (שעלי) מײַנס. שלך (שעלכאָ) - דײַנס.

**שלשים** (שלוישים) - דרײַסיק, די דאַטע פון דרײַסיק טעג נאָך אײנעמס טויט.

**שלוה** (שאַלווע) - רויִקײט, רו.

**שלום** (שאָלעם) - פרידן. זע: שלום ושלוה, בשלום, לשלום.

**שלחן** (שולכאָן) - טיש. מ"צ: שלחנות (שולכאָנעס).

**שליח** (שעליִעך) - דעלעגאַט, געשיקטער, פאַרשטײער. מ"צ: שליחים שליכים).

**שליחות** (שליכעס) - שיקונג, זענדונג, מיסיע.

**שליטה** (שליטע) - הערשאַפט, געוועלטיקונג, מאַכט, אײַנפלוס.

**שלילות** (שלילעס) - נעגאַציע.

**שלישי** (שלישי) - דער דריטער. שלישית - אַ דריטל, דריטנס.

**שלל** (שלאַל) - פיל, זײער אַסאַך, רויב.

**שלמות** (שליימעס) - גאַנצקײט, פולקאָמענקײט. זע: רפואה שלימה.

**שלשל** (שילשל) - לויזער מאָגן, דיאַרעאָ.

**שלשלת** (שאַלשעלעס) - קײט, געפלאָכטענע זאַך.

**שם** (שעם) - נאָמען. מ"צ: שמות (שמוים); (שיים) - ביבלישער נאָמען פון אײנעם פון נויעכס זין, פון וועלכן עס נעמט זיך דאָס וואָרט סעמיט.

**שם** (שאָם) - דאָרטן.

**שמאל** (סמאָל) - לינקס. שמאלי (סמאָלי) - אַ לינקער.

**שמד** (שמאַד) - פאַרטיליקונג, טויף, טויפונג, טויפערײַ.

**שמועה** (שמוע) - הערונג, ידיעה, קלאַנג. מ"צ: שמועות (שמועס).

**שמות** (שיימעס) - אָפּגעריסענע בלעטער פון הײליקע ספאָרים.

**שמחה** (סימכע) - פרייד. מ"צ: שמחות (סימכעס).

**שמיטה** (שמיטע) - דאָס זיבעטע יאָר ווען מען אַרבעט ניט די ערד און די געלט־שולדן ווערן ניט געצאָלט.

**שמים** (שאָמאַיִם) - הימל, הימלען. מן השמים (מין האַשאָמאַיִם) - פון הימל.

**שמירה** (שמירע) - היטונג, אָפּהיטונג, דאָס היטן.

**שממה** (שמאָמאָ) - וויסטע, וויסטונג.

**שמן** (שעמען) - בוימל, פעטס.

**שמע** (שמאַ) - הערצו. זע: שמע ישראל.

**שמץ** (שעמעץ) - עטוואָס, אַ קלײן ביסל, אַ ברעקל.

**שמש** (שאַמעס) - באַדינער. מ"צ: שמשים (שאַמאָסים).

**שמש** (שעמעש) - זון.

**שן** (שיין) - צאָן. מ"צ: שנים (שינאַיִם).

**שנאה** (סינע) - האַס, פײַנטשאַפט.

**שנה** (שאָנאָ) - יאָר. זע: שנה טובה.

**שעה** (שאָ) - שטונדע, צײַט. מ"צ: שעהן (שאָען).

**שעטנז** (שאַטנעז) – געוועב פֿון וואָל מיט פֿלאַקס, וואָס איז לויט דער טוירע פֿאַרבאָטן צו טראָגן.

**שער** (שאַער) – טויער. מ"צ: שערים (שעאָרים).

**שפה** (סאָפֿאָ) – שפּראַך, ליפּ. זע: לשון.

**שפע** (שעפֿע) – פֿולקייט, איבערפֿלוס, זאַטקייט.

**שקיעה** (שקיִע) – אונטערגאַנג, זונ־פֿאַרגאַנג, דעמערונג.

**שקל** (שעקעל) – פּאַרציַיטיקע מאַט־בייע פֿון יִשׂראל. ציאָניסטישער שטייער־אָפּצאָל.

**שקץ** (שעקעץ) – פּאַרמוִעסטער, אומ־ריינער, אומווירדיקער.

**שקר** (שעקער) – ליגן, באַטרוג, פֿאַרלשקייט. מ"צ: שקרים (שקאָ־רים).

**שקרן** (שאַקרען) – ליגנער.

**שריד** (סאָריד) – איבערבלײַב, רעשט. מ"צ: שרידים (סרידים).

**שרפה** (סרייפֿע) – פֿלאַקער, צעפֿלאַ־קערטער פֿײַער. מ"צ: שריפֿות (סרייפֿעס)

**שרץ** (שערעץ) – וואָרעם, קריכעדיקע באַשעפֿעניש, אומריינע זאַך. מ"צ: שרצים (שראָצים).

**שררה** (סראָרע) – הערשער. מ"צ: שררות (סראָרעס).

**שרש** (שוירעש) – וואָרצל. מ"צ: שרשים (שראָשים).

**ששון** (סאָסוין) – פֿרייד, פֿריילעכ־קייט. זע: ששון ושמחה.

**ששי** (שישי) אַז אַליִע אין שול באַם לייענען די טוירע. ווען מען לייענט דעם זעקסטן טייל פֿון דער פֿאַרשע.

**שתדלן** (שטאַדלען) – פֿאַרזאָרגער, כּאַדאַטיִ. מ"צ: שתדלנים (שטאַד־לאָנים).

**שתדלנות** (שטאַדלאָנעס) פֿאַרזאָר־געריִ, מיִונג באַ דער מאַכט.

**שתיקה** (שטיקע) – שווייַגעניש, שטילשווייַגן. בשתיקה (בעשטיקע) – שטילערהייט.

## — ת —

**תאווה** (טײַווע) – באַגער, גלוסט, לײַדנשאַפֿט.

**תבה** (טייווע) – קאַסטן.

**תבואה** (טווּע) – קערנער־געוויקסן, (ווי קאָרן, ווייץ, האָבער).

**תבונה** (טווּנע) – פֿאַרשטאַנד.

**תביעה** (טוויִע) – פֿאָדערונג, מאָנונג.

**תהום** (טהאָם) – אָפּגרונט, דעק.

**תהלה** (טעהילע) – לויב, לויבגעזאַנג. מ"צ: תהלות (טעהילעס). אויך: תהילים (טילים).

**תוך** (טאָך) – דער אינעווייניק, דער מיטן, אינהאַלט, וועזן, עצעם.

**תוכחה** (טויכעכע) – אַ פֿאַרשע פֿון חומעש וווּ עס ווערן אויסגערעכנט פֿאַרשיידענע שטראָפֿן און קלאָ־געס.

**תוכן** (טויכען) - אינהאלט.

**תולדה** (טוילדא) - געבורט, געשיכ־טע, נאטור.

**תוספות** (טויספעס) - צוגאבן, ביי־לאגע, נאמען פון צוגאב־קאמענ־טארן צום טאלמוד.

**תורה** (טוירע) - לערע, געזעץ, די פינף כומאשים. זע: תורה שבעל פה.

**תושב** (טוישעוו) - אלט־געזעסענער, איינוווינער.

**תחבולה** (טאכבולע) - מיטל. מ״צ: תחבלות (טאכבולעס).

**תחום** (טכום) - גרענעץ. זע: תחום שבת, תחום המושב.

**תחיה** (טכיע) - אויפלעבונג, רענע־סאנס, ווידערגעבורט.

**תחלה** (טכילע) - אנהייב, אנפאנג.

**תחנה** (טכינע) - געבעט, א טפילע אף איוורע־טייטש, וואס יידישע פרויען זאגן. מ״צ: תחינות (טכי־נעס).

**תחנונים** (טאכנונים) - געבעטן.

**תחת** (טאכאס) - אונטן, אנשטאט, אפן ארט.

**תחתון** (טאכטוין) - דער אונטערש־טער. תחתונים (טאכטוינים) - אונטערהויזן.

**תיכון** (טיכוין) - מיטעלער. זע: ים התיכון.

**תיכף** (טייקעף) - באלד, גלייך. זע: תיכף ומיד.

**תינוק** (טינויק) - זויגלינג, זייגעדיק קינד. מ״צ: תנוקות (טינויקעס).

**תיקו** (טייקו) - בלייבט א קאשיע, נישט פארענטפערט.

**תיקון** (טיקן) - פארריכטונג.

**תכונה** (טכונע) - כאראקטער, פסי־כאלאגיע, אסטראנאמיע.

**תכלית** (טאכלעס) - צוועק, ציל, צוועקמעסיקייט, העכסטער פונקט.

**תכלת** (טכיילעס) - הימל־בלוי.

**תכריכים** (טאכריכים) - קליידער אין וועלכע מען באגראבט א טויטן.

**תכשיט** (טאכשיט) - צירונג, א טייער קינד; אויך אין פארקערטן זין: א קינד מיט א שלעכטער אויפפי־רונג. צב״ש: דאס איז דער עמע־סער מאכשיט. מ״צ: תכשיטים (טאכשיטים).

**תלוי** (טאלוי) - געהאנגענער, אפהענ־גיק, עס ווענדט זיך אין.

**תליה** (טליע) - עשאפאט, געשטעל אף וועלכן מ׳הענגט א מענטשן.

**תלין** (טאליען) - הענקער. מ״צ: תלינים (טאליאנים).

**תלמוד** (טאלמוד) - לערע, שטודיע, קאלעקציע פון געמארע־ביכער.

**תלמיד** (טאלמיד) - שילער.

**תלמידה** (טאלמידע) - שילערן.

**תם** (טאם) נאיווער, פרומער, אומ־שולדיקער.

**תמוז** (טאמוז) - צענטער כוידעש לויטן יידישן לועד.

**תמונה** (טמונע) - בילד, געשטאלט.

**תמיד** (טאמיד) - שטענדיק, אלעמאל.

**תמיכה** (טמיכע) - אונטערשטיצונג, אונטערלענונג, ארויסהעלפונג.

**תמים** (טאָמים) - גאַנץ, ערלעך, פֿעַלערלאָז, נאַיוו.

**תמימות** (טמימעס) - גאַנצקייט, נאַיִווקייט, אומשולד.

**תמצית** (טאַמצים) - קווינטעסענץ; עסענץ, דער איקער.

**תנא** (טאַנע) - גרויסער יִדישער געלערנטער אין אַמאָליקן יִשׂראל און באָוול. מ״צ: תנאים (טאַנאָים).

**תנאי** (טנאַי) - באַדינג. מ״צ: תנאים (טנאָים).

**תנאים** (טנאָים) - געשריבענער רעליגיעזער אָפּמאַך וועגן כאַסענעבאַדינגונגען. דער יאָנטעוו וואָס ווערט געפּראַוועט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם.

**תנ״ך** (טאַנאַך) - ביבליע (פּאַרקירצונג פֿון: תורה, נביאים און כתובים).

**תנועה** (טנועע) - באַוועגונג, גרימאַסע. מ״צ: תנועות (טנועס).

**תעודה** (טעודע) - צײַגעניש, דיפּלאָם.

**תענוג** (טײַנעג) - פֿאַרגעניגן. מ״צ: תענוגים (טײַנוגים).

**תענית** (טאַנעס) - דאָס פֿאַסטן. מ״צ: תעניתים (טאַנייסים).

**תפילה** (טפֿילע) - געבעט, דאָס דאַווענען. מ״צ: תפילות (טפֿילעס).

**תפילין** (טפֿילן) - רימועלע פֿאַרמעטן אין לעדערנע שײַדלעך, וואָס אַנטהאַלטן פֿיר פּאַרשעס פֿון דער טוירע און מען טוט זיי אָן אויף דער האַנט און אויפֿן קאָפּ בעיִס דעם דאַווענען אינדערפֿרי.

**תפיסה** (טפֿיסע) - געפֿענקעניש, טורמע, אַרעסטאַנטן־הויז, פֿעיִקייט אויפֿצוכאַפּן אַ געדאַנק. מ״צ: תפיסות (טפֿיסעס).

**תפלה** (טיפֿלע) - אַ קלויסטער.

**תקוה** (טיקווע) - האָפֿענונג. זע: התקוה — דאָס ליד פֿון האָפֿענונג.

**תקומה** (טקומע) - באַשטאַנד.

**תקון** (טיקן) - אויסבעסערונג, רעפֿאָרמירונג, פֿערפֿעקציאָנירונג.

**תקופה** (טקופֿע) - עפּאָכע. מ״צ: תקופות (טקופֿעס).

**תקיעה** (טקיִע) - דאָס בלאָזן שופֿער.

**תקיף** (טאַקיף) - מעכטיקער, שטאַרקער, מאַכטהאָבער, פּרעפּאָטענטער.

**תקיפות** (טאַקיפֿעס) - מאַכטהאָבערײַ, פּרעפּאָטענץ.

**תקנה** (טאַקאָנע) - באַשטימונג, אויסבעסערונג, רעגולאַמין.

**תרבות** (טאַרבעס) - קולטור, דערציִונג, רעספּעקט.

**תרגום** (טאַרגום) - איבערזעצונג פֿון כומעש אין אַראַמעיִש.

**תרגמן** (טאַרגמאָן) - איבערזעצער.

**תרומה** (טרומע) - אָפּשייד, געשאַנק, בײַטראָג. מ״צ: תרומות (טרומעס).

**תרועה** (טרועע) - שאַלונג, הילך פֿון אַ שויפֿער. מ״צ: תרועות (טרועס).

**תרופה** (טרופֿע) - היילונג, הייל־מיטל. מ״צ: תרופות (טרופֿעס).

**תרוץ** (טערעץ) - פארענטפערונג.

**תרנגל** (טארנעגויל) - האן.

**תרנגולת** (טאונעגוילעס) - הון.

**תרעומות** (טארומעס) - פאריבל, פארדראס, טיינעס.

**תשבחה** (טישבאכע) - לויב, לויב־געזאנג.

**תשובה** (טשווע) - ענטפער, אומקערונג, כאראטע אף זינד. מ״צ: תשובות. טשוועס).

**תשועה** (טשוע) - הילף, רעטונג. מ״צ: תשועות (טשועס).

**תשוקה** (טשוקע) - גלוסטונג, גלוסטעניש. מ״צ: תשוקות (טשוקעס).

**תשליך** (טאשליך) - צערעמאניע פון גיין צום טייך אין ראשעשאנע און אפטרייסלען די פאלעס פון די בגאדים, קעדיי זיך צו באפרייען פון די זינד; די טפילע וואס ווערט דערביי געזאגט.

## צווייטע אָפּטיילונג

## — א —

**אב־בית־דין** (אָוו בעסדין) ־ עלטסטער פון אַ בעסדין, פון אַ ייִדישן געריכט.

**אָבות־אבותינו** (אָוועס אַוויסיינו) ־ עלטערנס־עלטערן, אונדזערע שטאַמפּאַטערס, אונדזערע אורעלטערן, זיידעס און באָבעס.

**אבן־טוב** (עווען טאָוו) ־ אַן איידלשטיין, אַ מענטש מיט אַסאַך מיַילעס.

**אבן־נגף** (עווען נעגעף) ־ אַ שטרויכלונג.

**אָבוד עצמו לדעת** (אָוויד אַצמוי לאַדאַאַס) ־ באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זע: מאבד עצמו לדעת.

**אָגיל ואשמח** (אָגיל וועסמאַד) ־ פריילעך, לוסטיק און לעבעדיק.

**אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר** אָדאַם יעסוידוי מעאַפּאָר וועסויפוי לעאַפאָר) ־ דער מענטש שטאַמט פון דער ערד און קערט זיך צוריק צו דער ערד.

**אָדם כבהמה נדמה** אָדאָם קעבעהיימע נידמע) ־ דער מענטש איז געגליכן צו אַ בעהיימע. דאָס מיינט: ער באַגייט גאַנץ אָפט נאַרישקייטן.

**אהבת אחים** (אַהאַוואַס אַכים) ־ ברודער־ליבע.

**אהבת ציון** (אַהאַוואַס ציאָן) ליבשאַפט צו ציאָן.

**אוהב ישראל** (אויהעוו ייִסראָעל) ־ ייִדן־פריַינט, ליבהאָבער פון ייִדן.

**אויב ישראל** (אויעוו ייִסראָעל) ־ פיַינט פון ייִדן.

**אולי ירחם** (אולאַי יעראַכעם) ־ עפּשער וועט ער זיך דערבאַרעמען. הלעוויַי זאָל זיך דאָס איַינגעבן.

**אומות העולם** (אומעס האָוילאָם) ־ די פעלקער פון דער וועלט (אויסער ייִדן).

**אומץ לב** (אוימעץ לייוו) ־ העלדנמוט, שרעקלאָז הארץ.

**אומר ועשה** (אוימער וועויסע) ־ געזאָגט און געטאָן.

**אור היום** (אויר האַיוים) ־ טאָגליכט, באַטאָגיקע ליכט.

**אותו האיש** (אויסוי האָיִש) ־ יענער מאַן, יעזוס קריסטוס.

**אותו הדבר** (אויסוי האַדאָוואָר) ־ דאָס זעלביקע, די זעלבע זאַך.

**אותות ומופתים** (אויסעס אומויפסים) ־ צייכנס און וווּנדער. מיינט: דיַיטלעכע באַווײַזן.

**אחד־עשר** (אַכאַד אָסאָר) ־ עלף.

**אחיזת־עינים** (אַכיזאַס אייגאַיִם) ־ פאַרבלענדעניש.

**אחדות עבודה** (אַכדוס אַווֹידאַ) - אַרבעטער־אייניקייט. נאָמען פון אַן אַרבעטער־פראַקציע אין יִשׂראל.

**אחרי רבים להטות** (אַכריי ראַבים לעהאַטוֹיס) - גיין מיט דער מערהייט, זיך נייגן צו דער מאַיאָריטעט.

**אחרון־אחרון־חביב** (אַכרוין אַכרוין כאָוויוו) - דער לעצטער איז דער באַליבסטער; דאָס סאַמע וויכטיקסטע.

**אחרית הימים** (אַכריס האַיאָמים) - סאָף פון די טעג; מיינט: אין דער ווייטער צוקונפט.

**אחנו בני ישראל** (אַכיינו בניי יִסראָעל) - אונדזערע יִדישע ברידער; מיינט: אייגענע מענטשן.

**אח לצרה** (אָך לעצאָרע) - אַ ברודער אין נויט.

**אחרי כחלות הכל** (אַכריי קיכלוֹיס האַקויל) - נאָך אַלעמען.

**אחרי מות** (אַכריי מויס) - נאָכן טויט.

**איזה חכם הרואה את הנולד** (אייזע כאָכעם האָרויע עס האַנוֹילעד) - אַ כאָכעם איז דער וואָס זעט פאָרויס די זאַכן.

**איזה עשיר השמח בחלקו** (אייזע אָשיר האַסאָמייאַך בעכעלקוֹי) - רייך איז דער וואָס שטעלט זיך צופרידן מיט דעם וואָס ער פאַרמאָגט.

**איזה גבור הכבש את יצרו** (אייזע גיבויר האַקויוועש עס יִצרוֹי) - אַ שטאַרקער איז דער וואָס קען זיך באַהערשן, צוימען זיינע פאַרלאַנגען.

**איש צבא** (איש צאַווע) - מיליטערמאַן, סאָלדאַט.

**אימת מות** (איימעס מאָוועס) - טויט־שרעק.

**אילת השחר** (איעלעס האַשאַכאַר) - מאָרגנשטערן, באַגינען.

**אין כל דבר** (איין קאָל דאָוואָר) - ס׳איז גאָרנישט. עס מאַכט נישט.

**אין לשער** (איין לעשאָער) - גאָרנישט אָפּצושאַצן.

**אין חכמה ואין עצה** (איין כאָכמע ווייין אייצע) - עס גילט ניט קיין קלוגשאַפט און קיין פאַרשטאַנד.

**אין חדש תחת השמש** (איין כאָדאָש טאַכאַס האַשעמעש) - נישטאָ קיין נייַעס אונטער דער זון.

**אין לדבר סוף** (איין לעדאָוואָר סאָף) - אַ מייַסע אָן אַן עק, אַ זאַך וואָס ענדיקט זיך גאָרנישט.

**אין דבר** (איין דאָוואָר) - ס׳מאַכט נישט אויס.

**אין סוף** (איין סאָף) - אומענדלעך, אָן אַן עק, אָן אַ ברעג.

**אין קול ואין עונה** (איין קאָל ווייין אוינע) - מיינט: מ׳הערט ניט און מ׳זעט נישט.

**אל מות** (אַל מאָוועס) - אומשטערבלעכקייט.

**אל ארך אפים** (אייל ערעך אַפּאַיִם) - געדולדיקער גאָט.

**אל מלא רחמים** (אייל מאָליי ראַכמים) - דערבאַרעמדיקער גאָט. (טפילע נאָך אַ געשטאָרבענעם).

**אל תתהלל ביום מחר** (אַל טיסהאַלייל בעיוים מאָכאָר) – באַרים זיך נישט מיטן מאָרגנדיקן טאָג. מיינט: גרויס זיך נישט מיט דעם וואָס דו האָסט ניט. ניי זיך ניט קיין בייטל איידער דו האָסט נישט דאָס געלט.

**אל תשליחנו לעת זקנה** (אַל טאַשליכיינו לעיס זיקנע) – זאָלסט אונדז נישט פאַרלאָזן אָף דער עלטער.

**אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו** (אַל טיסטאַקעל בעקאַנקאַן עלאַ בעמאַ שעיעש בוי) – קוק נישט אָפן קרוג, נאָר וואָס אין אים איז דאָ. נעם זיך ניט איבער מיט דער אויסערלעכקייט פון אַ זאַך, נאָר מיט איר אינהאַלט.

**אלף שנים** (עלעף שאָנים) – טויזנט יאָר.

**אלף השישי** (עלעף האַשישי) – זעקסטער טויזנט. מיינט: זייער ווייַט.

**אל תפתח פה לשטן** (אַל טיפטאַדפע לעסאָטן) – עפן נישט דאָס מויל פאַרן סאָטן. מיינט: ברענג עס ניט אַרויס פאַרן מויל.

**אם לא עכשיו אימתי** (איִם לוי אַכשאָוו איימאָסיַי?) – אויב נישט איצט, איז ווען? ווען דען?

**אם אין קמח אין תורה** (איִם איין קעמאַד איין טוירע) – אַז ס'איז נישטאָ קיין מעל איז נישטאָ קיין טוירע. מיינט: אַז אַ מאַטעריעלער באַזע איז נישטאָ קיין בילדונג.

**אם ירצה השם** (איִם יִרצע האַשעם) (מירצעשעם) – מיט גאָטס הילף, אַז גאָט וועט וועלן.

**אם כן** (איִם קיין) – אויב אַזוי, אין אַזאַ פאַל.

**אם אשכחך ירושלים** (איִם עשקאָכייך יערושאָלאַיִם) – זאָל איך וועל אין דיר פאַרגעסן יערושאָלאַיִם (אויסדרוק פון אַ טפילע אין טילים).

**אמנם חטאתי** (אָמנאָם כאָטאָסי) – איך האָב ווירקלעך געזינדיקט. איך בין טאַקע שולדיק.

**אמרו לאלהים** (אימרו לייִלויהים) – רעדט צו גאָט. מיינט: ס'איז ניטאָ צו וועמען צו ריידן; רעדט צום לאָמפּ.

**אָנה אני באָ** (אָנאָ אַני באָ) – ווו וועל איך אַהינקומען? וואָס טו איך?

**אני הגבר** (אַני האַגעווער) – איך בין דער מאַן.

**אני מאמין** (אַני מאַאַמין) – איך גלויב, לעבנס־אידעע, קרעדאָ.

**אנשי הדור** (אַנשיי האַדאָר) – מענטשן פון דער עפּאָכע.

**אנשי שלומנו** (אַנשיי שלוימיינו) – אונדזערע מענטשן, אונדזערע יאַטן.

**אנשי חסד** (אַנשיי כעסעד) – גנעדיקע מענטשן, גוטהאַרציקע לייַטזעליקע מענטשן. דאָס זאָגט מען אויך וועגן מענטשן וואָס פאַרנעמען זיך מיט מעקאַבער זייַן אַ טויטן.

**אסור חזיר** (אסער כאזער) – טרייף ווי כאזער (אזא שווע).

**אסור לדבר** (אסער לעדאבער) – דאס ערגסטע וואס מ׳קען זאגן. נישט ארויסצוברענגען פארן מויל.

**אסרו חג** (איסרע כאג) – דער טאג נאך יאנטעוו.

**איך להעשיר** (אץ לעהאשיר) – ער יאגט זיך רייך צו ווערן. א מענטש וואס יאגט זיך נאך רייכטום.

**ארבע פנות העולם** (ארבע פינעס האוילאם) – אומעטום, אין אלע פיר עקן וועלט.

**ארבע קנפות** (ארבא קאנפעס) – א טאלעס קאטן; א ריטועל אנטועכץ פון מענער, וואס האט ציצעס בא די פיר ברעגן.

**ארבע כוסות** (ארבא קויסעס) – די פיר קויסעס וואס מען טרינקט פייסער באם סיידער.

**ארון קודש** (ארון קוידעש) – דער הייליקער אלמער, אין וועלכן עס שטייען די סייפער – טוירעס אין שול.

**אריכות ימים** (אריכאס יאמיט) – לאנג לעבן.

**אשר־יצר** (אשער יאצאר) – טפילע וואס מען זאגט באם וואשן די הענט נאכן טאן מענטשלעכע באדערפענישן.

**אשת־איש** (איישעס איש) – א פרוי וואס האט א מאן, א פרוי פון א צווייטן מאן.

**אשת חיל** (איישעס כאיל) – א פרוי א פארדינערן, א כוואטסקע פרוי.

**אש להבה** (אייש לעהאווע) – פלאמפייער.

**אתה בחרתנו** (אטא בעכארטאנו) – דו האסט אונדז אויסגעוויילט. מיר די אויסגעוויילטע, די אויבערשטע פון שטויסל.

## — ב —

**באותו הרגע** (בעויסוי הארעגא) – אין דער זעלבער מינוט.

**באו מים עד נפש** (באו מאים אד נעפעש) – די וואסער דערגרייכט צום האלדז, די געפאר איז גרויס.

**באחרית הימים** (בעאכריס האיאמים) – זע: אחרית הימים.

**באין ברירה** (בעאיין ברייררע) – נישט האבנדיק קיין אנדער אויסוועג, אויסגאנג.

**באמונה שלימה** (בעעמונע שליימע) – מיטן עמעסן גלויבן, גלייבן מיטן גאנצן הארצן.

**באשר בכן** (בעאשער בעכיין) – דאס איז דערפאר, קלוימערשט דערפאר, ווייל.

**בבא מעשה** (באבע מייסע) – נארישע מייסע, אויסגעטראכטע מייסע.

**בבלי דעת** (ביוולי דאאס) – נישט ווילנדיק, אומגערן.

**בגד תחתון** (בעגעד טאַכטוין) - אונטער־ראָק, אונטער־קלייד.

**בגדי כבוד** (ביגדיי קאָוועד) - אָנשטענדיקע קליידער.

**בגדי לבן** (ביגדיי לאָוואָן) - ווײַסע קליידער.

**בגדי מלכות** (ביגדיי מאַלכעס) - קעניגלעכע קליידער, קעניגלעכע טראַכט.

**בגלוי ראש** (בעגילוי ראָש) - מיט א הוילן קאָפּ, אָן א היטל.

**בדיל הדל** (בעדיל האַדאַל) - זייער פאַראָרעמט, שטאַרק דערדריקט. (ער שטעלט מיר בעדיל האַדאַל - ער רויִנירט מיר).

**בדרך כלל** (בעדערעך קלאַל) - אין אַלגעמיין גענומען, געוויינלעך.

**בהמה בצורת אָדם** (בעהיימע בעצוראָס אָדאָם) - א בעהיימע מיט א מענטשלעך פּאָנעם (מ׳זאָגט דאָס וועגן א מענטשן אָן א פאַרשטאַנד).

**בהמה דקה** (בעהיימע דאַקע) - א קליין בעהיימעלע, פי.

**בהן שלי** (בעהען שעלי) - אָן אויסדרוק פון א שוועע, ערן־וואָרט.

**בור דאוריתא** (בור דעוירײַסע) - א גראָבער יונג, אן אמאָרעץ.

**בורא עולם** (בוירע אוילאָם) - באַשעפער פון דער וועלט, גאָט.

**בורא פרי הגפן** (בוירע פרי האַגאָפען) - באשאפער פון ווײַן (א בראָכע אף ווײַן).

**בורא פרי העץ** (בוירע פרי האָייץ) - באשאפער פון בוים (בראָכע אף פרוכט).

**בורא פרי האדמה** (בוירע פרי האַאַדאָמע) - באשאפער פון דער ערד (בראָכע אף גרינצײַג).

**בור כרה ויחפרהו** (בויר קאָראָ וויַיאַכפּערייו) - א גרוב געגראָבן און ער האָט אים פאַרשאָטן. אז מען גראָבט פאַר יענעם א גרוב פאַלט מען אַליין אַרײַן.

**בושת פנים** (בושעס פּאָנעם) - שעמעוודיקייט.

**בזה הלשון** (בעזע האַלאָשן) - מיט דער שפּראַך, מיט די ווערטער.

**בזול הזול** (בזויל האַזאָל, בעזיל האַזאָל) - שפּאָט ביליק, זייער ביליק.

**בזכות זה** (בעזכוס זע) - אין דעם זכות.

**בחדרי חדרים** (בעכאַדריי כאַדאָרים) - שטאַרק באַהאַלטן, זייער ווײַט פון אַלעמען.

**בחצי הדרך** (באַכצי האַדערעך) - האַלב וועג, אין מיטן וועג.

**בחצי היום** (באַכצי האַיוים) - האַלבן טאָג, אין מיטן טאָג.

**בחצי הלילה** (באַכצי האַלײַלע) - האַלבע נאַכט, אין מיטן נאַכט.

**בחצי חינם** (בעכאַצי כינעם) - האַלב אומזיסט, זייער ביליק, וואָלוול.

**בחשיבות גדול** (בעכשיוועס גאָדל) - זייער אַנגעלייגט, שטאַרק געשעצט.

**בטל בשישים** (באַטל בעשישים) - עס פאַרלירט זיך אין דער מענגע.
**ביאת השמש** (ביִאַס האַשעמעש) - זון־אונטערגאַנג, זונפאַרגאַנג.
**ביד חזקה** (בעיאַד כאַזאָקע) - מיט אַ שטאַרקן אָרעם, מיט אַ פעסטער האַנט, שטרענג.
**ביד רמה** (בעיאַד ראָמאָ) - איבער־געוואַלט, שטרענג.
**בימים ההם** (באַיאָמים האָהיים) - אין יענע טעג.
**בין אָדם לחברו** (ביין אַדאָם לעכאַ־ווייראָו) - צווישן דעם מענטשן און זיין פריינט, זיין מיטמענטש.
**בין אָדם לעצמו** (ביין אַדאָם לעאַצ־מוי) - צווישן דעם מענטש און זיך זעלבסט.
**בין הזמנים** (ביין האַזמאַנים) - אין צווישן סעזאָן.
**בינו לבינו** (ביינוֹ לעביינוֹ) - דער־וויַיל, פאַר דער צייַט.
**בין השמשות** (ביין האַשמאָשעס) - קעגן נאַכט צו, קעגן אָוונט, פאַר־נאַכט.
**ביעור חמץ** (ביאור כאָמעץ) - דאָס אויסרייניקן פון שטוב דעם כאָ־מעץ ערעוו פייסעד.
**ביקור חולים** (ביקור כוילים) - גע־זעלשאַפט וואָס פאַרנעמט זיך מיט העלפן קראַנקע, באַזוכן קראַנקע.
**ביצה שנולדה** (בייצע שענוילדאָ) - אַן איי וואָס איז געבוירן געוואָרן, אַ זאַך וואָס איז נישט געשטויגן.

**בית דין** (בעסדין) - געריכט־הויז, צוזאַמענשטעל פון אַ רעליגיעזן געריכט.
**בית דין של מעלה** (בעסדין שעל מײַלע) - הימלישער געריכט, העכ־סטער געריכט.
**בית החיים** (בייס האַכאַיִם) - זע: בית עולם. צב"ש: פון ביים האַ־כאַיִם נעמט מען נישט צוריק.
**בית הכסא** (בייס האַקיסיי) - קלאָ־זעט, אָפּטריט.
**בית הכנסת** (בייס האַקנעסעס) - שול, סינאַגאָגע.
**בית המקדש** (בייס האַמיקדעש) - דער טעמפּל אין ירושאַלאַיִם אין פאַרצייַטיקן ייִסראָעל.
**בית הספר** (בייס האַסייפער) - שו־לע, כיידער.
**בית הקברות** (בייס האַקוואָרעס) - הייליקער אָרט. זע: בית עולם.
**בית חולים** (בייס כוילים) - שפּי־טאָל, קראַנקנהויז.
**בית מסחר** (בייס מיסכער) - געֹ־שעפט־הויז, האַנדלס־הויז.
**בית משוגעים** (בייס מעשוגאָיִם) - דול־הויז, אַנשטאַלט פאַר גייַסטיק קראַנקע.
**בית מדרש** (בעסמעדרעש) - קלויז, לערנהויז, שול וווּ מען לערנט און מען דאַוונט.
**בית נבחרים** (בייס ניווכאַרים) - פּאַרלאַמענט.
**בית עָם** (בייס אָם) - פאָלקסהויז.

**בית עולם** (בייסוילעם) - פעלד ווו מ׳באַגראָבט טויטע. אויך בית עלמין (בֵיים אַלמען).

**בכבודו ועצמו** (ביכווּידוי וועאַצמוי) - פּערזענלעך, ער אַליין, טאַקע ער גופע.

**בכל אופן** (בעכאָל אויפן) - יעדנפאַלס, דורכוים.

**בכל אשר אפנה** (בכאָל אַשער עפנע) - וווּ איך זאָל זיך נישט ווענדן.

**בכל מקום** (בכאָל מאָקוים) - איבעראַל, אומעטום.

**בלב ונפש** (בעלייוו וועניפעש) - מיט לײַב און לעבן, מיט דער גאַנצער איבערגעבנקייט.

**בלי גבול** (בלי גוווּל) - אָן א גרענעץ.

**בלי דאגה** (בלי דײַגע) - אָן א דײַגע, אָן זאָרג, אומבאַזאָרגט.

**בלי ישוב הדעת** (בלי יִשעוו האַדאַס) - זיך נישט פאַרטראַכטנדיק, ניט אויסגערעכנט.

**בלי נדר** (בליניידער) - טעקסטועל: אָן א צוזאָג; ריכטיקער באַדײַט: דורכוים, אומבאַדינגט.

**בלי סדר** (בלי סיידער) - אָן אָן אָרדענונג, ניט געפּלאַנט.

**בלי ספק** (בלי סאָפעק) - אָן צווייפל, געוויס, באַשטימט, אוואַדע.

**בלי רוח חיים** (בלי רואַך כאַיִם) - אָן לעבנס-אָטעם.

**בלי רצון** (בלי ראָצן) - אָן ווילן, אומווילִיק, אָן כיישעק.

**בלי תירוץ** (בלי טערעץ) - אָן שום פאַרענטפערונג, אומבאַדינגט.

**בלשון אתה** (בעלאָשן אַטאָ) - ריידן אַף דו, דוצן.

**בלשון סגי נהור** (בעלאָשן סאָגי נאָהויר) - ריידן פאַרשטעלט, סימבאָליש.

**בלשון רבים** (בעלאָשן ראַבים) - ריידן אין אַבסטראַקט, אין אַלגעמיין, אין מערצאָל.

**בלתי בטוח** (בילטי באָטואַך) - ניט זיכער, צווייפלהאַפט, אומבאַשטימט.

**בלתי ידוע** (בילטי יאָדואַ) - אומבאַקאַנט, קיינער קאָן אים נישט.

**במה דברים אמורים** (באַמע דוואָרים אַמורים) - ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, ווען איז עס גערעדט.

**במהרה בימנו** (בימהיירא בעיאָמיינו) - גיך, אין אונדזערע טעג, אין גיכן.

**במקום אחר** (בעמאָקוים אַכער) - אַף אַן אַנדער אָרט, אַנדערשוווּ, ערגעץ אַנדערש.

**במקום שאין אָדם** (בעמאָקוים שעיין אָדאָם) - דאָרט וווּ ס׳איז נישטאָ קיין מענטש (דאָרט פאַרנעם דו אַן אָרט).

**במשך הזמן** (בעמעשעך האַזמאַן) - אין פאַרלויף פון דער צײַט.

**בן־אדם** (בען אָדאָם) - מענטשנזון, מענטשנס קינד. מ״צ: בני אָדם (בניי אָדאָם).

**בן־בית** (בען באַיִס) - א היימישער, שטוביקער, אָפטער אַרײַנגייער.

**בן־דור** (בען דאָר) ־ איינער וואָס געהער צו דער זעלבער גענעראַציע, עפּאָכע.

**בן זכר** (בען זאָכער) ־ יאָנטעוו צום געבורט פון אַ יינגל.

**בן זקונים** (בען זקונים) ־ אַ זון געבוירן אַף דער עלטער.

**בן חורין** (בען כוירין) ־ פרייַער בירגער.

**בן יחיד** (בען יאָכיד) ־ איינאיינציקער זון.

**בן יקיר** (בען יאַקיר) ־ אַ געצערטלטער זון, באַליבטער זון.

**בן עיר** (בען־איר) ־ לאַנדסמאַן, פון איין שטאָט.

**בן עשרים** (בען עסרים) ־ אַ צוואַנציק־יאָריקער.

**בן תורה** (בען טוירע) ־ געלערנטער, געבילדעטער.

**בנים גדלתי ורוממתי** (באָנים גאַדאַלטי וועריומאַמטי) ־ כ׳האָב אויסגעהאָדעוועט קינדער.

**בני ישראל** (בניי יִיסראָעל) ־ ייִדישע קינדער, ייִדן.

**בני תורה** (בניי טוירע) ־ געלערנטע, געבילדעטע, מענטשן מיט וויסן.

**בסוד סודות** (בעסאָד סוידעס) ־ געהיים, אין גרעסטן סעקרעט.

**בסך הכל** (בעסאַך האַקל) ־ אַרום און אַרום, אין אַלגעמיין, אין רעזולטאַט.

**בעבור שנדר** (באַאַוור שענאָדאָר) ־ צוליב דעם וואָס ער האָט פאַר־

שפּראָכן, פאַר זייַן צוזאָג, צוזאָג אין שול צו געבן אַ באַשטייַערונג

**בעונותינו הרבים** (בעאַוווֹיסיינו האָראַבים) ־ לײדער.

**בעיני ראיתי** (בעאייניי ראָיסי) ־ כ׳האָב דאָס אַליין געזען, מיט מייַנע אייגענע אויגן.

**בעל אכסניה** (באַל אַכסאַניע) ־ באַלעבאָס פון אַן אַרייַנפאָר־הויז, האָטעל.

**בעל אשה** (באַל אישע) ־ פאַרהייַראַטער, באַווייַבטער.

**בעל בטחון** (באַל ביטאָכן) ־ דער וואָס האָט שטענדיק האָפענונג; אַ מענטש צו וועמען מ׳קען האָבן צוטרוי.

**בעל בכי** (באַל בעכי) ־ אַ קלאָגער, דער וואָס דאַוונט מיט האַרץ, וויינענדיק.

**בעל ברית** (באַל בריס) ־ דער פאָטער פון יינגל וואָס מען באַשנייַדט.

**בעל גאווה** (באַל גייַווע) ־ גרויסהאַלטער, פאַרריסענער. מ״צ: בעלי גאוות (באַלע־גייַוועס).

**בעל גוף** (באַל גוף) ־ שווערלייַביקער, קולאַק, רייַכער דאָרפסמאַן. מ״צ: בעלי גופים (באַלע גופים).

**בעל דבר** (באַל דאָוואָר) ־ דער מענטש וועגן וועמען מען רעדט.

**בעל דברן** (באַל דאַברען) ־ ריידעוודיקער.

**בעל דין** (באַל דין) ־ אַ צאַד אַפּן געריכט.

**בעל דעה** (באַל דייע) - דייע־זאָגער, באַפעלער, קאָכלעפל. מ"צ: בעלי דעות (באַלע דייעס).

**בעל דקדוק** (באַל דיקדעק) - דער וואָס קען גוט דיקדעק, גראַמאַ־טיק.

**בעל דרשן** (באַל דאַרשן) - רעדנער אין אַ שול.

**בעל דמיון** (באַל דימיען) - פאַנטאַ־זיאָר, מענטש וואָס טראַכט.

**בעל הבית** (באַלעבאָס) - אייגנטי־מער פון הויז,ווירט. מ"צ: בעלי־בתים (באַלעבאַטים).

**בעל חלומות** (באַל כאַלוימעס) - טרוימער.

**בעל חוב** (באַל כויוו) - שולדיקער, דער וואָס איז שולדיק געלט. מ"צ: בעלי חובות (באַלע כויוועס).

**בעל חי** (באַל כאַי) - לעבעדיק באַ־שעפעניש. מ"צ: בעלי חיים (באַלע כאַיִם).

**בעל טובה** (באַל טויווע) - דער וואָס האָט ליב צו טאָן טויוועס.

**בעל יועץ** (באַל יויעץ) - ראַטגעבער, אייצע־געבער.

**בעל כרחו** (באַל קאַרכוי) - מיט געוואַלד, קעגן גוטן ווילן.

**בעל כעסן** (באַל קַיסן) - אויפגע־רעגטער, נערוועזער, היציקער.

**בל כרחך אתה חי** (באַל קאַרכאַך אַטאַ כאַי) - דו לעבסט ווײַל דו מוזט לעבן.

**בעל כוח** (באַל קויעך) - שטאַר־קער.

**בעל מום** (באַל מום) - קריפל, קאַ־ליקע, פעלערהאַפטער.

**בעל מופת** (באַל מויפעס) - דער וואָס ווײַזט וווּנדער.

**בעל מחלוקת** (באַל מאַכלויקעס) - קריגער, דער וואָס רופט אַרויס קריגערײַען.

**בעל מלאכה** (באַלמעלאָכע) - אַר־בעטער, פאַכמאַן, מײַסטער, האַנט־ווערקער. מ"צ: בעל מלאכות (באַלמעלאָכעס).

**בעל מחשבה** (באַל מאַכשאָווע) - אַ מענטש מיט געדאַנקען.

**בעל מפרנס** (באַל מעפאַרנעס) - שפּײַזער.

**בעל נצחון** (באַל ניצאָכן) - זיגער.

**בעל עגלה** (באַלעגאָלע) - פורמאַן, אַנטרײַבער, שמײַסער. מ"צ: בעלי עגלות (באַלעגאָלעס).

**בעל עצה** (באַל אייצע) - ראַטגע־בער.

**בעל עבירה** (באַל אָווירע) - זינ־דיקער.

**בעל פחדן** (באַל פּאַכדן) - שרע־קעוודיקער.

**בעל פה** (באַל פּע) - אַף אויסווייניק.

**בעל צדקה** (באַל צדאָקע) - צדאָקע־געבער, וווילטעטיקער.

**בעל קורא** (באַל קוירע) - פאָרלייע־נער, דער וואָס לייענט פאַר די טוירע אין שול.

**בעל רחמים** (באַל ראַכמים) - דער וואָס האָט ראַכמאָנעס.

**בעל שם** (באַל שעם) - אַ צאַדיק, אַ מענטש מיט אַ נאָמען.

**בעל־שם־טוב** (בעש״ט - באַל־שעם־טאָוו) - מענטש מיט אַ גוטן נאָמען, גרינדער פון חסידיזם.
**בעל תאוה** (באַל טײַװע) - צעלאָזע־נער, לעבּיונג, אויסגעלאַסענער.
**בעל תכלית** (באַל טאַכלעס) - פּראַקטישער מענטש, לעבּט אויס־גערעכנט.
**בעל תפילה** (באַל טפילע) - דער וואָס פאַרבייט דעם חזן באַם דאַוונען.
**בעל תשובה** (באַל טשוווע) - דער וואָס האָט חראָטע אויף זײַנע זינד.
**בעל תקיעה** (באַל טקיִע) - דער וואָס בלאָזט שויפער.
**בעת מעשה** (בעייס מײַסע) - אין דער זעלבער צײַט, פּונקט דעמאָלט.
**בפה מלא** (בעפּע מאַליי) - מיט אַ פולן מויל, אָפן, קלאָרע רייד, זי־כער.
**בפני כל עם** (ביפניי קאָל אַם) - פאַרן גאַנצן פאָלק, אין אַלעמענס קעגנוואַרט. מ׳זאָגט אויך: בפני כל עם ועדה.
**בפועל ממש** (בעפּויעל מאַמעש) - אויסדריקלעך, פּאָזיטיוו, גאַנץ באַ־שטימט.
**בצורת אָדם** (בעצוראַס אָדאַם) - מיטן אויסזען פון אַ מענטשן.
**בצורת חיה** (בעצוראַס כאַיע) - אין געשטאַלט פון אַ כאַיע.
**בקו הבריא** (בעקאַוו האַבריִע) - געזונט.
**בקול רם** (בעקויל ראָם) - אָפן הויכן קאָל.
**בקצור הדבר** (בעקיצער האַדאָוואָר) - אין קורצן, מיט איין וואָרט.
**ברוך הבא** (באָרעכאַבאָ) - זײַ באַ־גריסט. מ״צ: ברוכים הבאים (ברו־כים האַבאָיִם).
**ברוך הוא** (באָרוך או) - געבענטשט איז ער (גאָט).
**ברוכים היושבים** (ברוכים האַיויש־ווים) - געבענטשט זאָלן זײַן די אַנוועזנדיקע, די וואָס זיצן.
**ברוך השם** (באָרוך האַשעם) - גע־לויבט צו גאָט, דאַנקען גאָט.
**ברכה אחרונה** (בראָכע אַכרוינע) - געבענטשט נאָך אַ צובײַס.
**ברכה לבטלה** (בראָכע לעוואַטאָלע) - אַן אומזיסטע בראָכע, אַרויסגע־וואָרפענע אַרבעט.
**בר דעת** (באַר־דאַס) - אַ פאַרשטענ־דיקער, אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד, מיט סייכל.
**בר מזל** (באַר מאַזל) - אַ מענטש וועמען עס גליקט אויף.
**בר מנן** (באַר מינאַן) - געשטאָרבע־נער.
**בר מצווה** (באַר מיצווע) - אַ ייִדיש ייִנגל וואָס ווערט אַלט 13 יאָר.
**בר סמכא** (באַר סאַמכע) - אויטאָ־ריטעט, אַ מענטש אויף וועמען מען קען זיך פאַרלאָזן.
**בר פלוגתא** (באַר פלוגטע) - קעג־נער, אָפּאָנענט.
**בר יונה** (באַר יוינע) - זשוליק, העפ־קער־יונג.

**ברחל בתך הקטנה** (בעראָכל ביט־כאַ האַקטאַנאַ) ־ מיט ראָכלען דײַן קלײנע טאָכטער. עס מײנט: קלאָר און דײַטלעך.
**בשלום ושלוה** (בעשאָלעם וועשאַל־ווע) ־ זײער פֿרידלעך, זײער רויִק.
**בשום אופן** (בעשום אויפן) ־ אַף קײן פֿאַל.
**בשמחה רבה** (בעסימכע ראַבע) ־ מיט גרויס פֿרײד.
**בשורות טובות** (בסורעס טויוועס) ־ גוטע בסורעס, גוטע נײַעס.
**בשורות רעות** (בסורעס ראָעס) ־ שלעכטע נאָכריכטן, שלעכטע נײַעס.
**בשר ודם** (באָסאָר װעדאָם) ־ בלוט און פֿלײש, ניט מער ווי אַ מענטש.
**בת יחידה** (באַס יעכידע) ־ אײנאונ־אײנציקע טאָכטער.
**בת מלכה** (באַס מאַלקע) ־ קײזערס טאָכטער, פּרינצעסן.
**בת קול** (באַס קאָל) ־ עכאָ, ווידער־קאָל, געטלעכע שטים, שטים פֿון הימל.
**בתורת הלוואה** (בעטוירעס האַל־וואָע) ־ געליִענערהײט, אַף באָרג.
**בתשואת חן** (ביטשואָס כײן) ־ מיט גרויס פֿאַרגעניגן.

## — ג —

**גאון הדור** (גאָוין האַדאָר) ־ געניאַ־לער דענקער, עפּאָכע־מאַכנדיקער מענטש. מ״צ: גאוני הדור (געוי־ניי האַדאָר).
**גביר אדיר** (גוויר אַדיר) ־ אַ גאָר גרויסער גוויר.
**גבית עדות** (גוויאַס אײדעס) ־ דער־קלערונג פֿון אַן אײדעס.
**גדול בנים** (גידול באָנים) ־ דער־ציִונג פֿון קינדער.
**גדול בהיימעס** (גידול בעהיימעס) ־ פֿיצוכט.
**גדולי הדור** (גדוילײ האַדאָר) ־ גרוי־סע פֿערזענלעכקײטן פֿון דער צײַט, פֿון יאָרהונדערט.
**גואל הדם** (גויעל האַדאָם) ־ אויס־לײזער פֿון בלוט, נעקאָמע־נעמער, אָפּרעכנער.
**גוי גמור** (גוי גאָמור) ־ פֿולשטענדי־קער קריסט, אינגאַנצן אַ פֿרײַער, גראָבער יונג.
**גזר דין** (גזאַר דין) ־ האַרבער אור־טײל, שווערע שטראָף.
**גלוי לב** (גילוי לעוו) ־ אָפֿנהאַרציק, אָפֿנהאַרציקער.
**גלוי ראש** (גילוי ראָש) ־ אַנטבלויז־טע קאָפּ, אָן אַ היטל.
**גם זו לטובה** (גאַמזו לעטויווע) ־ גוט איז דאָס.
**גמילות חסד** (גמילעס כעסעד) ־ לײַען אַ צווײטן עפּעס, טאָן אַ פֿאַר־גיטיקונג.
**גמילות חסדים** (גמילעס כאַסאָדים) ־ געזעלשאַפֿט וואָס גיט זיך אָפּ מיט לײַען געלט.

**גן עדן** (גאניידן) - פאראדיז, דאס ארט אף יענער וועלט, ווו עס לע־בן די צאדיקים, לויט דער רעלי־גיע.

**גמר חתימה טובה** (גמאר כסימע טויווע) - אן אויסדרוק וואס ווערט באנוצט ערעוו יאמקיפער און דריקט אוים דעם ווונטש, אז אין הימל זאל אנגעכאסמעט ווערן א גוט יאר.

## — ד —

**דבר אחר** (דאוואר אכער) - אן אנ־דער זאך, א כאזער, א שוויין.

**דבר מותר** (דאוואר מוטער) - דער־לויבטע זאך.

**דבר סתר** (דאוואר סייסער) - געהיי־מניש.

**דבר פלא** (דאוואר פעלע) - וווּנדער־בארע זאך.

**דבר עיקר** (דאוואר איקער) - הויפט־זאך, טאמצים.

**דברים בטלים** (דווארים בטיילים) - פוסטע רייד, ארויסגעוואָרפענע רייד, נארישקייטן.

**דברים בעלמא** (דווארים בעאלמע) - סטאם רייד, גלאט אזוי רייד,ריידן אין דער וועלט אריין.

**דבר על הלב** (דאבער אל האלעוו) - רייד צום הארצן, צום דענקען, צום באטראכטן.

**דברי הימים** (דיווריי האיאמים) - כראניק, געשיכטע.

**דברים היוצאים מן הלב** (דווארים האיויצים מין האלעוו) - ווערטער וואס גייען ארוים פון הארצן. אויפריכטיקע ווערטער, אויפריכ־טיקע רייד.

**דגל ישראל** (דעגעל יִיסראעל) - פאן פון יִיסראעל.

**דגל מחנה** (דעגעל מאכנע) - די ארמיי־פאן, לאגער־פאן.

**די והותר** (דײַ וועהויסער) - איבער־גענוג.

**דיני ממונות** (דינײַ מאמענעס) - געלט־זאכן, ציווילע איניאנים, צי־ווילע געזעצן.

**דיני נפשות** (דינײַ נעפאשעס) - קרימינעלע געזעצן.

**דור דור וסופריו** (דויר דויר ווע־סויפראוו) - יעדער עפאכע האט אירע שרײַבער און דענקער.

**דורש טוב** (דוירעש טויוו) - גוט־ווינטשער.

**דין תורה** (דין טוירע) - לאדעניש, געזעץ פון דער טוירע, זיך מיש־פעטן.

**דין וחשבון** (דין וועכעשבן) - באַ־ריכט; אפגעבן א דין וועכעשבן — אפגעבן א רעכענונג.

**דלית אמות** (דאלעד אמעס) - פיר איילן.

**דם שונא** (דאַם סוינע) - בלוטיקער פײַנט, געפערלעכער האסער, פאַרביסענער קעגנער.

**דמי פדיון** (דמיי פּידיען) - אויסלייז־געלט, אויסקויף־געלט.

**דמיון כוזב** (דימיען קויזעוו) - פאַלשע פאַרשטעלונג, טרוים־בילד.

**דן לכף זכות** (דאַן לעקאַף זכוס) - ריכטן אַף דער גוטער זײַט, לויט די מײַלעם.

**דרדקי מלמד** (דאַרדעקי מעלאַמעד) - לערער פון קליינע קינדער.

**דרישת שלום** (דרישעס שאָלעם) - פרידלעכער גרוס, גרוס פון אימיצן.

**דריסת הרגל** (דריסאַס האַרעגעל) - צוטריט.

**דרך אגב** (דערעך אַגעוו) - פאַרבײַגייענדיק.

**דרך הטבע** (דערעך האַטעווע) - נאַטירלעך, לויטן שטייגער.

**דרך הישר** (דערעך האַיאָשער) - גלײַכער וועג, גראָדער וועג, ריכטיקער וועג.

**דרך המלך** (דערעך האַמעלעך) - קעניגלעכער וועג, הויפּט־וועג.

**דת ישראל** (דאַס ייִסראָעל) - דאָס ייִדישע געזעץ, ייִדישער גלויבן, רעליגיע.

**דת משה** (דאַס מוישע) - מוישעס געזעץ. זע: כדת משה.

**דת תורה** (דאַס טוירע) - געזעץ פון דער טוירע, די מיינונג פון דער טוירע.

**ד׳ על ד׳** (דאַלעד אַל דאַלעד) - פיר אַף פיר, אַ קליינער שטעטל.

**ד׳ אמות** (דאַלעד אַמעס) - זע: דלית אמות.

**ד׳ נתן וד׳ לקח** (אַדעינאָי נאָסאָן וואַדעינאָי לאָקאַד) - גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען. פאַטאַליסטישער שפּרוך נאָך אַ טויטן.

— ה —

**הא גברא** (האָ גאַוורע) - דאָס איז דער מענטש.

**הבה נתחכמה** (האָוואָ ניסכאַקמאָ) - לאָמיר זיך איבערקליגן, לאָמיר עפּעס צוטראַכטן.

**הבל הבלים** (העוועל האַוולאָים) - נאַרישקייטן, פּוסטע זאַכן, גאָרנישט מיט גאָרנישט, אַבסורד, אַבסורדאַלע זאַכן, אַ נעכטיקער טאָג.

**הדרת פנים** (האַדראַס פּאָנעם) - לויכטנדיקע געזיכט, איידעלע געזיכט, שײַנדל.

**הושענה רבה** (הוישאַנע ראַבע) - 7טער טאָג פון סוקעס.

**הוצאת ספרים** (הויצאַאַס ספאָרים) - פאַרלאַג, פאַרלאַג־געשעפט.

**הזכרת נשמות** (האַזקאָרעס נעשאָ־

מעס) - טפילע צו דערמאָנען די טויטע.

**החיים והמות ביד הלשון** (האַכאַים וועהאַמאָוועס בעיאַד האַלאָשן) - דאָס לעבן און דער טויט זיינען אָפּהענגיק פון צונג. דער צונג קען אַ מענטשן אומברענגען.

**היוצא מן הכלל** (היויצע מין האַקלאַל) - אַן אויסנאַם.

**היוצא מדברנו** (האַיויצע מידוואָרייני) - דער אויספיר פון אונדזערע רייד. וואָס קומט אַרויס פון אונדזערע רייד.

**היתר עסקא** (העטער איסקע) - דערלויבעניש צו נעמען פּראָצענטער.

**הכל בכל** (האַקל באַקל) - אַלץ מיט אַן אַנדער, דאָס גאַנצע אייגנטום.

**הכנסת כלה** (האַכנאָסעס קאַלע) - געזעלשאַפט וואָס זאָרגט פאַר אָרעמע קאַלעס.

**הכנסת אורחים** (האַכנאָסאַס אָרכים) - אויפנאַם־פּלאַץ פאַר אָרעמעלייט און פאַר וואַנדערנדיקע.

**הלך איש לדרכו** (האָלעך איש לע דאַרקוי) - יעדער איינער גייט אין זיין וועג, זיך פונאַנדערגיין, זיך פונאַנדערפאָרן.

**הלך בראש** (האָלעך בעראָש) - פאָרויסגיין, גיין דער ערשטער.

**הלכה למשה מסיני** (האַלאָכע לעמוישע מיסינאַי) - אַ הייליקער געזעץ, קעגן וועלכן מ'קען ניט גיין.

**הלך לעולמו** (האָלעך לעוילאָמוי) - ער איז אוועק אין זיין וועלט. מיינט: געשטאָרבן, פאַרשוווּנדן געוואָרן, אויסגעצויגן די פיס.

**המבדיל בין קודש לחול** (האַמאַווריל ביין קוידעש לעכויל) - דער וואָס טיילט אָפּ צווישן הייליקייט און וואָכעדיקייט (אַ פּראָזע פון אַ טפילע שאַבעס צו נאַכט). מיינט: עס איז אַן אונטערשייד צווישן איין זאַך און דער צווייטער.

**המן־טאַש** (האָמען־טאַש) - דרייַקאַנטיק געבעקס מיט מאָן, וואָס מען עסט פּורים.

**המנס מפלה** (האָמענס מאַפּאָלע) - האָמענס דורכפאַל. מיינט: געליטן אַ מיִעסן דורכפאַל, אַזוי ווי האָמאָן.

**המון עם** (האַמוין אָם) - האַרעפּאַשנע פאַלקסמאַסן, פּראָסטער נאַראָד.

**הנאהבים והנעימים** (האַנעהאָווים וועהאַנעימים) - די ליבלעכע און די אַנגענעמע.

**הנשמה לך והגוף שלך** (האַנעשאָמע לאַך וועהאַגוף שעלאַך) - צו דיר באַלאַנגט דער גייַסט און דער קערפּער. רעליגיעזער אויסדרוק וואָס מיינט: דאָס מענטשלעכע וועזן געהערט צו גאָט.

**הסבּ־בעט** (העסעוו־בעט. אויך: העסעבעט) - געזעס אויסגעבעט מיט קישנס פאַרן עלטסטן פון דער פאַמיליע צום סידער.

**הצלחה וברכה** (האַצלאָכע אובראָכע) - גליקלעכקייט און געבענטשקייט. מיינט: אַ סך גליק.

**הרי חושך** (האַריי כוישעך) — ווײַט אונטער די פינצטערע בערג, עק וועלט.

**הרים וגבעות** (האָרים אוגוואָעס) — בערג און בערגלעך. מיינט: צוזאָגן גאָלדענע בערג.

**הרחבת הדעת** (האַרכאָוואָס האַדאַאָס) — געמיטלעכקייט.

**הר הצופים** (האַר האַצויפים) — נאָמען פון אַ באַרג אין ירושלים, אויף וועלכן עס שטייט איצט דער העברעיִשער אוניווערזיטעט.

**הר ציון** (האַר ציוין) — באַרג ציון, איינער פון די בערג, אויף וועלכע עס איז געבויט די שטאָט ירושלים.

**הרי את** (האַריי אַט) — פראַזע וואָס ווערט געזאָגט באַם פאַרקנאַסן אַ פרוי. (די פולע פראַזע איז: הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל).

**הרף עין** (הערעף אײַען) — אויגנבליק, אויף גיך, אויף שנעל.

**הרת עולם** (האַראַס אוילאָם) — וועלט צעשטערונג, וועלט־צערודערונג.

**השגחת הבורא** (האַשגאָכאָס האַבוירע) — אויפזיכט פון באַשעפער, געטלעכע פראָווידענץ.

**השגחת הנפש** (האַשגאָכאָס האַנעפעש) — אויפפאַסונג אויפן קערפּער.

**השגחת השמים** (האַשגאָכאָס האַשאָמאַיִם) — הימלישע אויפזיכט, פראָווידענץ.

**השיבנו נאזאד** (האַשיוויינו נאַזאַד) — פאַלקס אויסדרוק, וואָס מיינט: גיי צוריק, געהאַט כאַראַטע.

**השמח בחלקו** (האַסאָמייעך בעכעלקוי) — אַ צופרידענער מיט דעם וואָס ער פאַרמאָגט, באַשיידענער.

**השם יתברך, הש"י** (האַשעם ייִסבאָרעך) — סינאָנים פון גאָט, געלויבט זאָל זײַן זײַן נאָמען.

**השתפחות הנפש** (הישטאַפּכוס האַנעפעש) — העכסטע באַגײַסטערונג, עקסטאַז, זיך אַראָפּריידן פון האַרצן.

**התועה בדרכי החיים** (האַטויע בעדאַרכיי האַכאַיִם) — דער וואָס בלאָנדזשעט איז לעבן. נאָמען פון אַ בוך פון העברעיִשן שרײַבער מאַפּו.

— ו —

**ואהבת לרעך כמוך** (וועהאָאַווטאָ לערייאַכאָ קאָמויכאָ) — האָב ליב דײַן כאַווער ווי זיך אַליין.

**והם פשעו בי** (וועהיים פּאָשו בי) — זיי האָבן געזינדיקט קעגן מיר. זיי האָבן מיר ניט געפאָלגט.

**והא ראיה** (וועהאָ ראַיע) — אַט איז דער באַווײַז, אַט זעען מיר דאָך.

**והילד איננו** (וועהאַיעלעד אייגעגו) — און דאָס קינד איז פאַרשוווּנדן, ער איז נישט געוואָרן.

**ויהי אור** (וואיעהי אויר) - ס'איז געווארן ליכטיק.

**ויהי היום** (וואיעהי האיוים) - און ס'איז געקומען דער טאג, ס'האט פאסירט.

**ויהי הלילה** (וואיעהי האלאילע) - אין איינער א נאכט, אין יענער נאכט.

**ויהי ערב ויהי בוקר** (וואיעהי ערעוו וואיעהי בויקער) - און עס איז געווען נאכט און עס איז געווארן טאג (א פראזע פון כומעש ברײשים).

**וכל מאמינים** (ווכאל מאמינים) - אלע גלייבן, א געמיש.

**ונתנה תוקף** (אונסאנע טויקעף) - א טפילע פון יאמקיפערדיקן דאווענען. מ'זאגט: אים אנקלאגן אדער לאדן צום „נתנה תוקף", דאס מיינט: מ'קען אים גארניט טאן.

**ועד הקהל** (וואאד האקאהאל) - פארוואלטונג פון א קעהילע.

**ועד הרבנים** (וואאד האראבאנים) - ראט פון ראבאנים.

**ועל כולם** (וועאל קולאם) - נאך אלעמען, די הויפט־זאך, גאר צום סאף.

**ושמחת בחגך** (וועסאמאכטא בעכאגעכא) - זאלסט זיך פרייען מיט דיין יאנטעוו.

— ז —

**זהב וכסף** (זאהאוו וועקעסעף) - גאלד און זילבער.

**זהב טהור** (זאהאוו טאויר) - ריין גאלד.

**זה עכשיו** (זע אכשאוו) - אקערשט, אט איצט, אצינד, אין דער רעגע, נאר וואס.

**זווג טוב** (זיוועג טויוו) - א גוטער שידעך, גוט צוזאמענלעבן.

**זולל וסובא** (זוילעל וועסויווע) - א פרעסער און זויפער.

**זכור את אשר עשה לך עמלק** (זכויר עס אשער אסא לעכא אמאלייק) - געדענק וואס דאס פאלק אמאלייק האט דיר געטאן (דאס זאגט מען איצט אויך וועגן די נאציס). נישט פארגעסן און נישט פארגעבן!

**זכות אבות** (זכוס אוועס) - פראטעקציע פון עלטערן. מ'רעכנט זיך מיט אים צוליב די עלטערן.

**זכר לחורבן** (זייכער לעכורבן) - א דערמאנונג פון כורבן, פון דער צעשטערונג וואס יידן האבן געליטן. אן איבערבלייבעכץ פון עפעס.

**זכרונו לברכה** (זיכרוינוי לעווראכע) - זיין אנדענק זאל זיין געבענטשט, אויסדרוק פון רעספעקט צו א געשטארבענעם.

**חבוט הקבר** (כיבוט האַקייווער) ־ אַפּקומעניש אַף יענער וועלט.

**חבלי לידה** (כעוולײ ליידע) ־ געבורטס־ווייען.

**חברה־מאַן** (כעוורע־מאַן) ־ אַ וווילער יונג, אַ גאַנעוו.

**חברה קדישא** (כעוורע קאַדישע) ־ אַ געזעלשאַפט וואָס זאָרגט וועגן באַערדיקן די געשטאָרבענע, וועגן אויפהאַלטן אַ בייסוילעם אאַ"וו.

**חברה ש"ס** (כעוורע שאַס) ־ געזעלשאַפט אָדער גרופּע וואָס לערנען טוירע אין שול.

**חברה תהילים** (כעוורע טילים) ־ גרופּע וואָס גיט זיך אָפּ מיטן זאָגן טילים.

**חג האָסיף** (כאַג האָאַסיף) ־ יאָנטעוו פון אײַנזאַמלען די טוווּע (סוקעס).

**חג הבכורים** (כאַג האַביקוירים) ־ יאָנטעוו פון צײַטיקע פרוכט (שווּעס).

**חד גדיאָ** (כאַד גאַדיע) ־ אַ מײַסע מיט אַ ציגעלע, וואָס ווערט געלייענט פייסעך צום סיידער. פאַרנעמען אין כאַד־גאַדיע — אַרעסטירן.

**חדר מיוחד** (כײדער מעיוכעד) ־ איינצל־קאַמער, אָפּגעזונדערטער צימער.

**חדר מתוקן** (כײדער מעסוקן) ־ רעפאָרמירטער כיידער, מאָדערנער כיידער.

**חדש ימנו כקדם** (כאָדייש יאָמיינו קעקעדעם) ־ באַנײַ אונדזערע טעג אַזוי ווי אַמאָל. אויסדרוק פון בענקשאַפט צום אַמאָל, וואָס ווערט געזאָגט באַם דאַווענען. טעוויע באַ ש. אַליינעמען פּאַרטײַטשט דאָס: אַלץ אַזוי ווי געווען.

**חוהאָ וטלולה** (כוכע אוטלולע) ־ אַן אויסדרוק פון אָפּשפּאָטונג. עס טוט זיך אַף טיש און אַף בענק.

**חוט השדרה** (כוט האַשעדרע) ־ רוקנביין, פאָדעם פון רוקנביין.

**חול המועד** (כויל האַמויעד) ־ האַלביאָנטעוו, די צווישן־טעג פון סוקעס און פייסעך.

**חולה נופל** (כוילע נויפל) ־ עפּילעפּטיקער, דער וואָס לײַדט פון פּאַליקע.

**חולה מסוכן** (כוילע מעסוקן) ־ געפערלעך קראַנקער.

**חוץ לארץ** (כוץ לאָאָרעץ) ־ אויסלאַנד.

**חוץ מזה, חוץ לזה** (כוץ מיזע, כוץ לאָזע) ־ אויסער דעם, כוץ דעם..

**חוץ לדרך הטבע** (כוץ לעדערעך האַטעווע) ־ אומנאַטירלעך, איבערנאַטירלעך.

**חוקר ודורש** (כויקער ועדוירעש זײַן) ־ גוט אויספאָרשן און נאָכקלערן, גרינטלעך אונטערזוכן.

**חוק ולא יעבור** (כויק וועלוי יאַאַווויר) ־ אַ געזעץ וואָס מען קען נישט איבערטרעטן.

**חוש הריאה** (כוש האריע) - געפיל פון זען.
**חוש הריח** (כוש האריעד) - געפיל פון שמעקן.
**חוש השמיעה** (כוש האשמיע) - גע־פיל פון הערן, געהער.
**חושך ואפילה** (כוישעך וועאפיילע) - שטאק פינצטער, שרעקלעך פינ־צטער, זייער שלעכט.
**חמאת נעורים** (כאטאס נעורים) - יוגנט־זינד.
**חי וקים** (כאי וועקאיאם) - לעבעדיק און באשטעטיקט. א פראסטער חי וקים: א פראסטער מענטש.
**חיי שעה** (כאיע שא) - ציטווייליק לעבן, לעבן מיטן טאג.
**חי** (כאי) געלעבט - לוסטיק און לע־בעדיק, האבן האנאע פון לעבן.
**חילול הכבוד** (כילעל האקאווער) - פראפאנירן די ערע. ניט רעספעק־טירן וועמען.
**חילול השם** (כילעל האשעם) - פרא־פאנירונג, לעסטערונג פון גאטס נאמען. פארשוועכונג פון א היי־ליקער זאך.
**חכמת היד** (כאכמאס האיאד) - כי־ראמאנטיע.
**חכמת הרפואה** (כאכמאס הארע־פוע) - מעדיצין.

**חלול שבת** (כילעל שאבעס) - פאר־שוועכונג פון שאבעס טוענדיק זא־כן וואס זיינען ניט דערלויבט.
**חלוקי דעות** (כילוקע דייעס) - נישט־איינשטימיקייט, מיינונגס - פאר־שיידנהייטן.
**חלילה וחס** (כאלילע וועכאס) - גאט באהיט, בעשום אופן נישט.
**חמשה עשר בשבט** (כאמישא אסאר בישוואט) - דער 15טער טאג אין יידישן כוידעש שוואט, יאנטעוו לעקאוועד די פלאנצונגען.
**חנוכת הבית** (כאנוקאס האבאיס) - יאנטעוו לעקאוועד א נייי הויז אדער וווינונג.
**חס וחלילה** (כאס וועכאלילע) - זע: חלילה וחס.
**חס ושלום** (כאס וועשאלעם) - בא־היט גאט, די שא זאל ניט זיין!
**חסד של אמת** (כעסעד שעל עמעס) - נאמען פון א כעוורע וואס בא־גראבט אומזיסט מייסים.
**חסר דעה** (כאסער דייע) - נישט באם זינען, וואנזיניקער.
**חשבון הנפש** (כעשבן האנעפעש) - זעלבסט־קריטיק, באלאנס פון איי־גענעם לעבן.

## — ט —

**טביעת עין** (טוויעס איען) - שארף אויג, דערקאנען יענעם מיטן ער־שטן אויגנבליק.

**טהרת המשפחה** (טהאראס האמיש־פאכע) - פאמיליע־ריינקייט, אפ־געהיטקייט אין פאמיליע־לעבן.

**טוב לב** (טויוו לייוו) - גוטהאַרציק.

**טוב מאוד** (טויוו מעויד) - זייער גוט

**טל ומטר** (טאַל אומאַטאַר) - טוי און רעגן. מ'זאָגט: קליין ווי אַ טל ומטר.

**טעם גן־עדן** ((טאַאַם גאַניידן) - זייער געשמאַק.

**טעם טפל** (טאַאַם טאָפל) - ביינגע־שמאַק, נאָכמאַם.

**טפה סרוחה** (טיפּע סרוכע) - פאַר־שטונקענער טראָפּן.

**טריף־פסול** (טרייף־פּאָסל) - אַ פאַר־באָטענע זאַך, אַ פאַרבאָטן בוך.

— י —

**יבא יומו** (יאָווי יוימוי) - ס'וועט קו־מען זיין טאָג, ס'וועט קומען דער טאָג; מ'וועט זיך אָפּרעכענען מיט אים.

**יבוא משיח** (יאָווע מאָשיעך) - ס'וועט קומען דער אויסלייזער.

**יגעתי ומצאתי** (יאָגאַטי אומאָצאָסי) - כ'האָב געאַרבעט און געפונען; אַז מען זוכט געפינט מען.

**יגיע כפים** (יעגיאַ קאַפּאַיִם) - דער־גרייכונג מיט די אייגענע הענט, דורך האַרעוואַניע, דורך שוויים און מי.

**יד אחת** (יאַד אַכאָס) - צוזאַמענגע־נומען, פאַראייניקט.

**ידידי אהובי** (יעדידי אַהוווי) - מיין ליבער פריינט.

**יודע לבבות** (יוידייע לעוואָוועס) - לייענט יענעמס געדאַנקען.

**יודע ספר** (יוידייע סייפער) - גע־לערנטער, באַלעזענער, קענער, לאַמדן.

**יום הדין** (יאָם האַדין) - טאָג פון מישפּעט, יאָמקיפּער.

**יום ולילה** (יוים וואַלאַילאָ) - טאָג און נאַכט.

**יום טוב** (יאָנטעוו) - פייערטאָג, פאַרווייַלונג, פריילעכער טאָג.

**יום העצמעות** (יוים האַאַצמאָוס, יאָם האַאַמצאָוס) - טאָג פון זעלב־שטענדיקייט אין יִשׂראל, טאָג פון אומאָפּהענגיקייט.

**יומי דפגרא** (יומע דעפּאַגרע) - יאָנטעוו־טעג, טעג פון פייערונג.

**יום כפור, יום הכפורים** (יאָמקיפּער, יוים האַקיפּורים) - טאָג פון פאַר־געבונג.

**יוצא מן הכלל** (יויצע מין האַקלאַל) - אַז אויסנאַם, אַנדערש פון אַלע־מען.

**יועצים ומשרתים** (יויצאים אומע־שאָרסים) - אונטערשטופּער, קאַכ־לעפל.

**יוצר משרתים** (יויצער מעשאָרסים) - זע: יועצים ומשרתים.

**יושב ראש** (יוישעוו ראָש) - פאָר־זיצער, פרעזידענט. מ"צ: יושבי־ראש (יוישווי ראָש).

**יותר מדאי** (יויסער מידאי) - צו־ פיל, איבערגענוג. זע: די והותר, עד בלי די.

**יחוס עצמו** (ייכעס אצמוי) - אייגע־ נער ייכעס.

**יחוס שדוך** ( ייכעס־שידעך) - א שידעך פון איידעלן שטאנד.

**יחיד במינו** (יאכיד בעמינוי) - אן איינציקער פון דעם סארט, אן אויסנאם.

**יחידי סגולה** (יעכידיי סגולע) - אויסגעוויילטע, געקליבענע, אוי־ בערשטע פון שטויסל, יאכסאנים.

**יין כשר** (יאין קאשער) - קאשערער וויין.

**יין נסך** (יאין נעסעך) - קריסטלעך וויין, וואס יידן טארן ניט נוצן.

**יין שרוף, יי״ש** (יאין סארוף, יאש) - בראנפן, שנאפס, שארפע גע־ טראנקען.

**יישר כח** (יאשער קויעך) - א שיי־ נעם דאנק, אנערקענונג.

**ים המלח** (יאם האמעלאך) - געזאל־ צענער יאם, טויטער יאם.

**ים הגדול** (יאם האגאדל) - גרויסער אקעאן.

**ים הקרח** (יאם האקעראך) - אייז־ אקעאן.

**ים התיכון** (יאם האטיכוין) - מיטל־ לענדישער יאם.

**ים סוף** (יאם־סוף) - רויטער יאם.

**ימח שמו וזכרו** (יימאך שמוי ווע־ זיכרוי) - זיין נאמען און זיין אנ־ דענק זאל אפגעמעקט ווערן, זאל פון אים ניט בלייבן קיין געדע־ כעניש.

**ימים נוראים** (יאמים נוראים) - פארכטיקע טעג; די יאנטויווים ראָ־ שעשאנע און יאמקיפער.

**יקום פורקן** (יעקום פורקאן) - זאל אויפשטיין דער אויסלייזער (א פראזע פון דאווענען). מ׳באנוצט דעם אויסדרוק אף צו באצייכענען דעספעקטיוו א פערזאן.

**יקר המציאות** (יעקאר האמעציייעס) - אן אנטיק, א זעלטענע זאך, זעל־ טנהייט.

**יפת תואר** (יעפאס טויער) - א שיינהייט.

**יציאת מצרים** (יעציאס מיצראים) - דאס ארויסגיין פון די יידן פון מיצראים (מ׳באנוצט דעם אויס־ דרוק ווען א זאך קומט אן שווער).

**יציאת נשמה** (יעציאס נעשאמע) - דער לעצטער קרעכץ באם אויס־ גיין, דאס אויסגיין פון דער נע־ שאמע.

**יצר הרע** (יעיצער הארע) - שלעכ־ טער גייסט, אנרעגונג צו טאן שלעכטס אדער א פארבאטענע זאך.

**יצר טוב** (יעיצער טויוו) - גוטער גייסט, אנרעגונג צו טאן גוטס.

**יראת הכבוד** (ייראס האקאווועד) - אכטונג, רעספעקט.

**יראת שמים** (ייראס שאמאים) - פרומקייט, גאטספארכטיקייט. מען זאגט עס אויך אין פארקערטן זין.

**יש אומרים** (יעש אמוי'ם) - אַנדערע זאָגן, מען זאָגט, ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַ סוואָרע.

**ישוב הדעת** (יישעוו האַדאַס) - געזעצמעסיקייט, באַטראַכטיקייט, אויסגערעכנטקייט.

**ישועות ונחמות** (יעשועס ווענעכאָמעס) - הילף און טרייסט. מען זאָל הערן ישועות ונחמות — מען זאָלן הערן גוטע נײַעס.

**יתגדל ויתקדש** (יִסגאַדאַל וועייִסקאַדאַש) - זאָל ער געגרויסט און געהייליקט ווערן — ווערטער פון קאַדיש, וואָס מ'זאָגט נאָך אַ געשטאָרבענעם און באַם דאַווענען.

— כ —

**כאשר אבדתי אבדתי** (קעאַשער אָוואָדיטי אָוואָדיטי) - מיינט: איך בין שוין אַלץ איינס אַ פאַרלוירענער.

**כבד פה** (קוואַד־פע) - שטאַמלער, זאַהיקע.

**כבדהו וחשדהו** (קאַבדייו ועכאַשדייו) - זאָלסט אים אַכטן און ניט געטרויען. דאָס מיינט: גליוב אים; אָבער האַלט אים אָפן אויג.

**כבד את אביך ואת אמך** (קאַבייד עס אָוויכאָ וועס אימעכאָ) - שעץ דײַן פאָטער און דײַן מוטער.

**כבוש הארץ** (קיבוש האָאַרעץ) - דעראָבערונג פון דער ערד, דעראָבערונג פון יִשׂראל.

**כבוש עבודה** (קיבוש אַווידע) - דעראָבערן די אַרבעט, פאַרכאַפּן די אַרבעט.

**כדרך הטבע** (קעדערעך האַטעווע) - ווי דער שטייגער איז.

**כהן־גדול** (קויהען גאָדל) - דער ערשטער קויהען, הויפּט־פּריסטער, הויפּט־אָנפירער.

**כהרף עין** (קעהערעף אַ:ין) - אין איין אויגנבליק.

**כוח הדבור** (קויעך האַדיבער) -רעדנער־קראַפט.

**כופר בעיקר** (קויפער בעיִקער) - אַן אַפּיקוירעס, אַטעיִסט.

**כוח הדמיון** (קויעך האַדימיען) - פאַרשטעלונג קראַפט, קראַפט פון דענקען, פאַנטאַזיע.

**כוח הזכרון** (קויעך האַזיקאָרן) - געדענק־קראַפט.

**כזב ושקר** (קאָזאָוו וועשעקער, קיזעוו וועשעקער) - אינגאַנצן פאַלש, געמיינער ליגן, פאַלשקייט און געמיינהייט.

**כחול הים** (קעכויל האַיאַם) - ווי זאַמד באַם יאַם, זייער פיל.

**כחומר ביד היוצר** (קעכוימער בעיאַד האַיויצער) - ווי ליים אין האַנט פון טעפער. מיינט: מ'קאָן מאַכן מיט אים וואָס מען ווילן; ער האָט ניט קיין אייגענעם ווילן.

**כחרש הנשבר** (קעכערעש האנישבער) - ווי א צעבראכן שערבל.

**כיד המלך** (קעיאַד האַמעלעך) - אפן קייזערלעכן אופן, מיט דער ברייטער האנט.

**כי טוב** (קי טויוו) - ס'איז גוט, ס'איז וווּיל, צו גוטן.

**כך הוה** (קאַך האָווע) - אזוי איז עס געווען, פונקט געטראפן.

**כך וכך** (קאַך וועקאַך) - אזויפיל און אזויפיל.

**כלאחד יד** (קעליעאַכאַד יאַד) - פארבייגייענדיק, אוועקגעמאכט מיט דער האנט.

**כלא ידע** (קעלוי יאַדע) - ווי ער וויים גארנישט, מאכט זיך קעלוי יאַדע — נישט וויסנדיק.

**כל בו** (קאָלבוי) - אלץ וואס איז דער קארט, טוט אלץ וואס מען טאר נישט, קען אלץ.

**כל דבר אָסור** (קאָל דאָווער אָסער) - אלץ וואס איז פארבאטן. דאס ערגסטע.

**כל דכפין** (קאָל דיכפין) - אלע וואס זיינען באדערפטיק, הונגעריק (שפרוך פון דער אגאדע).

**כל המינים שהוא** (קאָל האַמינים שעהו) - פון אלצדינג.

**כל המקומות שבעולם** (קאָל האַמעקוימעס שעבעאוילאָם) אלץ איז דער גאנצער וועלט, אומעטום.

**כל הנערים** (קאָל האַנאָרים) - אלע קליינוואַרג, דרויב.

**כל הצרות שבעולם** (קאָל האַצאָרעס שעבעאוילאָם) - אלע צאָרעס פון דער וועלט.

**כל ולך** (קאָל וועלאַך) - געזעלשאפטלעכער קאכלעפל.

**כלו זכאי** (קולוי זאַקאַי) - אינגאנצן גערעכט, פולשטענדיק ערליך.

**כלו חייב** (קולוי כאַיעוו) - אינגאנצן שולדיק, דורכויס פארזינדיקט.

**כל זמאַן** (קאָל זמאַן) - אזוי לאנג ווי, ביז וואנען.

**כל זמן שהנשמה בקרבי** (קאָל זמאַן שעהאַנעשאָמע בעקירבי) - אזוי לאנג ווי איך לעב נאך.

**כל חמתי** (קאָל כאַמאָסי) - מיין גאנצער צארן.

**כל טוב** (קאָלטוּוו) - אלדאס גוטס, פון אלעמען גוטן.

**כלי זמר** (קלעזמער) - איינער אדער א סאך מוזיקאנטן וואס שפילן אף כאסענעס. מ"צ: אויך: כלי זמרים (קלעזמאָרים).

**כלי קודש** (קליי קוידעש) - הייליקע געשיר, גייסטלעכע (ראבאנים, שאַמאָסים אא"וו).

**כל ימיו** (קאָל יאָמאָוו) - זיין גאנצן לעבן.

**כלי תשמיש** (קליי טאַשמיש) - זאכן וואס מען באנוצט.

**כלל ישראל** (קלאַל ייסראָעל) - יידישער קאלעקטיוו, אלע יידן.

**כל מום רע** (קאָל מום ראָ) - יעדער פעלערהאפטער, יעדער אנשיקעניש.

**כלנו מבינים** (קולאַנו מעווינים) – אַלע פֿאַרשטייען מיר, מיר זײַנען אַלע פֿאַרשטענדיק, מיר זײַנען אַלע מעווינים.

**כלנו חכמים** (קולאַנו כאַכאָמים) – אַלע זײַנען מיר קלוג.

**כל עבודות זרה** (קאָל אַווֹוידעס זאַרע) – דינען פֿאַרשיידענע געצער, טאָן אַלערליי מעלאָכעס.

**כל עבודת פרך** (קאָל אַווֹוידאַס פּערעך) – די שווערסטע אַרבעט.

**כלפי פנים** (קלאַפּיי פּנים) – אַף אינעווייניק, אינערלעך.

**כל פנות עולם** (קאָל פּינוים אוילאָם) – אַלע עקן וועלט.

**כלפי חוץ** (קלאַפּיי כוץ) – אַף אויסנווייניק, אויסערלעך.

**כל תפוצות העולם** (קאָל טפוצעס האָאוילאָם) – אַף דער גאַנצער וועלט.

**כל תפוצות ישראל** (קאָל טפוצעס ישראל) – אומעטום ווּו ייִדן וווינען.

**במנהג ישראל** (קעמינהעג ייִסראָעל) – ווי ס'פֿירט זיך בײַ ייִדן, לויט דער ייִדישער טראַדיציע.

**כנגד זה** (קענעגעד זע) – אַנטקעגן דעם.

**כן יאבדו** (קיין יויוודו) – אַזוי זאָלן זיי פֿאַרלוירן גיין; זאָלן זיי גיין צום טײַוול!

**כן ירבו** (קיין ייִרבו) – אַזוי זאָלן זיי זיך מערן; האַלעוואַי זאָל זײַן אַסאַך אַזעלכע!

**כנסת ישראל** (קנעסעס ייִסראָעל) – דאָס פֿאָלק ייִסראָעל, דאָס ייִדיש פֿאָלק.

**כסא הכבוד** (קיסע האַקאָוועד) – דער געטלעכער טראָן.

**כעפרא דערעא** (קעאַפּרע דעאַרע) – מאַכן מיט בלאָטע צוגלײַך, שטאַרק אויסזידלען.

**כעלות השחר** (קעאַלוים האַשאַכאַר) – מיטן באַגינען, קאַיאָר.

**כפול שמונה** (קאָפּל שמוינע) – געפּלאַכטן אין אַכטן (ציצעס), היפּער, גאַר־גאַר.

**כפלי כפלים** (קיפּליי קיפּלאַיִם) – פֿיל מאָל מער.

**כפי הנראה** (קעפּי האַנירע) – ווי עס זעט אויס, וואַרשײַנלעך.

**כפרת עון** (קאַפּאָראַס אַווֹין) – זינדפֿאַרגעבונג.

**כשרה מציאה** (קאַשערע מעציִע) – גאַר ביליק.

**כתוב וחתום** (קאָסוו וועכאָסום) – אונטערגעשריבן און געשטעמפּלט; אַ זיכערע זאַך.

**כתבי הקודש** (קיסוויי האַקוידעש) – הייליקע שריפֿט, ביבל, טאַנאַך.

**כתב־יד** (קסאַוו־יאַד) – מאַניסקריפּט.

**כתבים אחרונים** (קסאָווים אַכרוינים) – לעצטע שריפֿטן, לעצטע ווערק.

**כת לצנים** (קאַט לייצאָנים) – באַנדע לייצים, אָפּשפּעטער.

**כתל מערבי** (קויסעל מאַראָווי) – די מײַרעוו־וואַנט, וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון בײס האַמיקדעש אין ירושלים.

**לא אלמן ישראל** (לוי אלמאן יִיס־ראעל) ־ ישראל האט ניט פארלארן זײַן לעבנס־באגלייטערן (דאס מיינט, גאט האט זיי ניט פארלאזן.

**לא תחמד** (לוי סאכמויד) ־ דו זאלסט ניט גלוסטן, ניט באגערן.

**לא תגנוב** (לוי סיגנעוו) ־ זאלסט ניט גאנווענען, צונעמען יענעמס.

**לא תרצח** (לוי סירצעך) ־ זאלסט ניט מארדן, ניט הארגענען.

**לא תנאף** (לוי סינאף) ־ זאלסט ניט זײַן אויסגעלאסן.

**לאלתר לחיים** (לעאלטער לעכאַים) ־ גלייך צום לעבן.

**לא אמות כי אחיה** (לוי אמעס קי עכיע) ־ איך וועל ניט שטארבן, נאר איך וועל לעבן. דאס מיינט: כ'האב די האפענונג ניט אויפגעגעבן. מיר וועלן ניט אונטערגיין.

**לא בשמים ולא בארץ** (לוי בעשאמאַים וועלוי בעארעץ) ־ ניט אפן הימל און ניט אף דער ערד. עס מיינט: ער ווייס ניט אף וואס פאר א וועלט ער געפינט זיך.

**לא דובים ולא יער** (לוי דובים וועלוי יאר) ־ ניט קיין בער און ניט קיין וואלד. עס מיינט: ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. עס הייבט זיך גארנישט אן. די גאנצע מײַסע איז אן אויסגעטראכטע.

**לא המתים יהללו יה** (לוי האמייסים יעהאללויא) ־ טויטע קענען ניט לויבן גאט. (א זאץ פון טילים).

**לא היה ולא נברא** (לוי האיא וועלוי ניווראָ) ־ ניט ריכטיק. עס איז אזוינס גאר ניט געווען.

**לא היה דברים מעולם** (לוי האיא דווארים מעוילאם) ־ עס איז גאר קיינמאל ניט געווען.

**לאחר המעשה** (לעאכער האמײַסע) ־ נאך אלעמען.

**לאחר מאה שנה** (לעאכער מייע שאנע) ־ נאך די הונדערט יאר, נאכן טויט.

**לא זו הדרך** (לוי זו האדערעך) ־ דאס איז ניט דער וועג, אזוי האנדלט מען ניט, אזוי באגייט מען זיך ניט.

**לא טוב** (לוי טויוו) ־ ס'איז ניט גוט, ס'טויג ניט.

**לא יוצלח** (לוי יויצלעך) ־ טויג צו גארנישט. א מויגעניכטס.

**לא יזכר ולא יפקד** (לוי יִזאכער וועלוי יִפאקעד) ־ זײַן נאמען זאל ניט דערמאנט ווערן און ניט גע־דאכט ווערן.

**לא יחרץ כלב לשונו** (לוי יעכרעץ קעלעוו לעשוינוי) ־ דער הונט זאל דאס מויל ניט עפענען, ער זאל ניט האווקען, ניט בילן, פארשטאפן ס'מויל.

**לא יעלה ולא יבוא** (לוי יאלע וועלוי יאווע) ־ עס וועט ניט אויפגיין און עס וועט ניט קומען. עס מיינט: עס וועט צו דעם ניט קו־

מען, האַלוואַי זאָל צו דעם ניט
קומען.
**לא כל שכן** (לוי קאָל שקיין) - אַוודאַי און אַוודאַי.
**לא כלום** (לוי קלום) - ס'איז גאָר-ניט, ס'מאַכט ניט אויס.
**לא מעוקצך ולא מדובשך** (לוי מעוקצעך וועלוי מעדוווּשעך) - איך וויל ניט דײַן האָניק און וויל ניט דײַן ביס. איך פֿאַרלאַנג פֿון דיר ניט קיין טויוועס, אָבער טו מיר ניט קיין שלעכטס.
**לא עכברא גנב אלא חורא גנב** (לוי אַכבאָראָ גאַנעוו עלאָ כורע גאַנעוו) - ניט די מויז איז שולדיק, נאָר די לאָך איז שולדיק.
**לא עליכם** (לוי אַלייכעם) - ניט פֿאַר אײַך געדאַכט.
**לא עלינו** (לוי אַליינו) - ניט פֿאַר אונדז געדאַכט.
**ל"ג בעמר** (לאַגביימער) - 33טער טאָג פֿון ערשטן טאָג פּייסעך. אַ טראַדיציאָנעלער יאָנטעוו פֿאַר קינדער.
**לדור דורות** (לעדויר דוירעס) - אויף לאַנגע יאָרן, לאַנגער צײַט-אַלטער, טקופֿעס.
**לו השמים ולו הארץ** (לוי האַשאָמאַיִם וועלוי האָאָרעץ) - צו אים געהערט דער הימל און די ערד. עס מיינט אַלץ באַלאַנגט צו אים.
**לחיים טובים** (לעכאַיִם טויווים) - צו אַ גוטן געזונטן לעבן.
**לחם חסר** (לעכעם כעסער) - אומזיסט ברויט, ניט פֿאַרדינט עסן, שנאָרערײַ, אויסגעבעטלט ברויט.
**לינת הצדק** (ליִנאַס האַצעדעק) - אַ פּלאַץ צום שלאָפֿן פֿאַר אָרעמע לײַט, נאַכט-געלעגער.
**לית דין, לית דין** (לייס דין, וועלייס דאַיען) - אָן אַן אורטייל, אַנאַרכיע, ניטאָ קיין ריכטער, אומאָרדענונג.
**ליתר בטחון** (לייסער ביטאָכן) - צוליב מער זיכערקייט.
**לכל הדעות** לעכאָל האַדייעס) - לויט אַלע מיינונגען. יוויצע זײַן לעכאָל האַדייעס, פֿון יעדן שטאַנדפּונקט
**לכל הפחות** (לעכאָל האַפּאָכעס) - אַמווייניקסטנס, כאָטש אויף אַזוי-פֿיל.
**לכל היותר** (לעכאָל היוסייר) - העכסטנס, דאָס גאַנצע איבערגעבליבענע.
**למה זה אנכי** (לאָמאָ זע אָנויכי) - נאָך וואָס האָב איך עס געדאַרפֿט, פֿאַרוואָס? צו וואָס זאָל איך עס וועלן?
**למנצח על הגיתים** (לאַמנאַצייעך אַל הגיטיס) - דירגירן אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט.
**למעלה מן הטבע** (לעמאַלע מין האַטעווע) - איבערנאַטירלעך, ניט געווינלעך, געהיים, מעטאַפֿיזיש.
**למען השם** (לעמאַן האַשעם) - אין גאָטס נאָמען (דער אויסדרוק ווערט באַנוצט ווען מען פֿאַרלאַנגט עפּעס און מען בעט זייער יענער זאָל עס טאָן).
**לעילא ולעילא** (לעאיילע אולעיילע - אויף העכער און העכער; אַזוינס ווי אַזעלכעס.

**לעולם ועד** (לעאוילעם וואעד) - אף אייביק באשטימט.

**לעיני כל** (לעאיינע קויל) - פאר אלע־מענס אויגן.

**לעיני השמש** (לעאיינע האשעמעש) - עפנטלעך. זע: בפהרסיא.

**לעת עתה** (לעייס אטע) - אזוי ווי עס איז, דערווייַל, פארלויפיק.

**לפי ערב** (לעפי ערעוו) - ציַיטווייַליק. דערווייַל.

**לפי ערך** (לעפי ערעך) - פארהעלטנישמעסיק.

**לפי שעה** (לעפי שאָ) - מאמענטאל, ציַיטווייליק.

**לפנים משורת הדין** (ליפנים מעשוראס האדין) - בעסער ווי עס פאדערט דאס געזעץ. בעסער, ווי עס באדארף צו זיַין.

**לקוי לבנה** (ליקעלעוואנע) - לעוואנע־פארטונקלונג.

**לקוי חמה** (ליקעכאמע) - זון־פאר־טונקלונג.

**לשון הרע** (לאָשן האָרע) - רעכילעס, ריידן שלעכטס.

**לשם שמים** (לעשעם שאמאים) - צוליב גאט. עס מיינט אויך: צוליב אן אידעאל.

**לשון יחיד** (לאָשן יאָכיד) - איינצאל.

**לשון רבים** (לאָשן ראָבים) - מער־צאל.

**לשון קודש** (לאָשן קוידעש) - הייליקע שפראך, העברעיש.

## — מ —

**מאי טעמא** (מעיַ טייַמע) - צוליב דעם מאָטיוו.

**מאין יבוא עזרי** (מעאַיִן יאָווי עזרע) - פון וואנען וועט קומען מיַין הילף?

**מאי קא משמע לן** (מאי קאַ מאַשמע לאָן) - וואס זשע לאָזט עס מיך צו הערן? וואס מיינט עס, וואס באדיַיט עס?, וואס איז דער געדאנק?

**מאי נפקה מנה?** (מאי נאפקעמינע) - וואס איז דער אונטערשייד?

**מאשפות ירום אביון** (מעאשפויס יארעם עוויען) - פון מיסט הייבט ער אויף דעם ארעמאן, פון א גארניט מאכט ער א מענטש.

**מאת שנים** (מייעס שאָנים) - יאר הונדערט, הונדערט יאר.

**מבקר חולה** (מעוואקער כוילע) - באזוכן א קראנקן, אפשטאטן א וויזיט צו א קראנקן.

**מגדל אור** (מיגדעל אויר) - לייַכט־טורעם.

**מגן־דוד** (מאגען דאוויד) - עמבלעם פון דאוויד, ייִדישע עמבלעם.

**מדי למדי** (מידיַי לעמידיַי) - גאנץ גענוג.

**מדי שנה בשנה** (מידיי שאָנאָ בעשאָנאָ) - יאר איַין יאר אויס.

**מה בכך** (מאָ בעקאך) - וואס זשע איז? וואס מאכט עס אויס?

**מה יקר** (מאַ יאָקאָר) – ווי טייער, וויפל קאָסט עס?

**מה יש** (מאַ יעש) – וואָס איז דאָ? וואָס פאַר אַ וועזנטלעכעס? רעאַ־ליטעט?

**מה רעש** (מאַ ראַאַש) – וואָס פאַר אַ זומל, וואָס פאַר אַ געפּילדער?

**מה אנו מה חיינו** (מאַ אָנו מאַ כאַיעינו) – ווער זיינען מיר, וואָס איז אונדזער לעבן?

**מה טוב** (מאַ טויוו) – ווי גוט עס איז, ווי אָנגענעם עס איז.

**מהיום והעלה** (מעהאַיום וועהאָלאָ) – פון היינט אָן און ווייטער.

**מהכלל אל הפרט** (מעהאַקלאַל על האַפּראָט) – פון דעם אַלגעמיינעם צום איינצעלנעם.

**מהפרט אל הכלל** (מעהאַפּראָט על האַקלאַל) – פון דעם איינצעלנעם צום אַלגעמיינעם.

**מה שלומך** (מה שלוימכאָ) – וואָס מאַכסטו? ווי גייט עס דיר?

**מהיכא תיתי** (מאַכטייסע) – פאַר־וואָס טאָקע ניט?, עס מאַכט ניט אויס, זאָל זיין אַזוי.

**מה נפקא מינה** (מאַ־נאַפקע־מינע) – וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס איז דער אונטערשייד?

**מה נשתנה** (מאַ נישטאַנע) – פאַר־וואָס איז עס אַנדערש? וואָס עפּעס? ווי פּאַסט זיך?

**מה פשעי מה חטאתי** (מע פּישי מע כאַטאָסי) – וואָס איז מיין שולד? מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט.

**מוכן ומזומן** (מוכען אומזוומען) – איינגאַנצן גרייט, פיקס און פער־טיק.

**מוכר ספרים** (מויכער ספאָרים) – ספאָרים־הענדלער, ביכער־פאַרקוי־פער.

**מוסר השכל** (מוסער האַסקל) – גוטע לערע, מאָראַל, אַרויסלערנען עפּעס גוטס, אַרויסדרינגען אַ קלוגן גע־דאַנק, זיך אָפּלערנען.

**מוציא לאור** (מויצי לאָויר) – אַרויס־געבער, פאַרלעגער.

**מורא שמים** (מוירע שאָמאַיִם) – גאָטספאַרכטיקער, מוירע פאַר גאָט.

**מורד במלכות** (מוירעד בעמאַלכעס) – פאַראַט צו דער רעגירונג.

**מורה דרך** (מוירע דערעך) – וועג־ווייזער.

**מורנו ורבנו** (מוירייִנו וועראַביינו) – אונדזער לערער און ראָוו, אונדזע־רע לערער און ראַבאָנים.

**מזכיר נשמות** (מאַזקיר נעשאָמעס) – דערמאָנען די טויטע.

**מזל־טוב** (מאַזלטאָוו) – גרויס גליק, גוטן שיקזאַל, באַגריסונג.

**מזמור שיר ליום השבת** (מיזמער שיר לעיוים האַשאַבעס) – אַ לויב־געזאַנג לעקאָוועד שאַבעס, אַ טפי־לע פון שאַבעסדיקן דאַווענען.

**מחוץ למחנה** (מעכוץ לעמאַכנע) – אויסער די רייען, אויסערן קלאַל.

**מחיה מתים** (מעכאַיע מייסים) – מאַכן פון טויט לעבעדיק, צוריק אויפלעבן.

**מחלל שבת** (מעכאַלעל שאַבעס) – פאַרשוועכער פון שאַבעס, פאַר־לעצט דעם רו טאָג (שאַבעס).
**מחלת הלב** (מאַכלעס האַלייוו) – האַרץ־קראַנקהייט, ברוסט־קראַנק־הייט.
**מי באר** (מיי בעאייר) – ברונעם־וואַסער.
**מי באש** (מי באַייש) – ווער דורך פייַער?
**מי במים ומי באש** (מי בעמאַיִם אומי בעאייש) – ווער עס וועט אומקומען פון וואַסער און ווער פון פייַער (א זאָץ פון א טפילע).
**מיושב בדעתו** (מעיושעוו בעדאַ־טוי) – א געלאַסענער מענטש, אַן אויסגערעכנטער, א געזעצטער.
**מי יודע** (מי יוידייע) – ווער ווייס? ווער קען וויסן?
**מי ירום ומי ישפל** (מי יאָרום אומי יעשאַפעל) – ווער עס זאָל דערהייבן ווערן און ווער עס זאָל דערנידע־ריקט ווערן.
**מים אחרונים** (מאַיִם אַכרוינים) – לעצטע וואַסער, אָפּגיסן די נעגל נאָכן עסן.
**מים חיים** (מאַיִם כאַיִם) – קוועליק וואַסער, פריש וואַסער, לעבעדיק וואַסער.
**מים ראשונים** (מאַיִם רישוינים) – ערשטע וואַסער, אָפּגיסן די נעגל אינדערפרי.
**מינים רבים** (מינים ראַבים) – מע־רערליי, אַסאַך סאָרטן, אַלערליי סאָרטן.
**מי שנתעשר** (מי שעניסאַשער) – אַן אויפגעקומענער גוויר, איינער וואָס איז רייַך געוואָרן.
**מיתה משונה** (מיסע מעשונע) – אומנאַטירלעכער טויט, אומפאַר־שטענדלעכער טויט, ניט קיין גע־וויינלעכער טויט.
**מיתה על קידוש השם** (מיסע אַל קידעש האַשעם) – מאַרטירערטום.
**מי רגלים** (מיי ראַגלאַיִם) – אורין, השתנה.
**מי שברך** (מי שעביירעך) – לויב־טפילע פאַר גאָט. „מאַכן אַ מי שב־רך" מיינט: אָפּזידלען יענעם.
**מכאן ומכאן** (מיקאַן ומיקאַן) – פון ביידע זייַטן.
**מכאן ואילך** (מיקאַן וועאיילעך) – פון איצט אָן און ווייַטער, פון דאַ־נען און ווייַטער.
**מכות בכורות** (מאַקעס בכוירעס) – פלאָג פון ערשט־געבוירענע, ערשט גע־באָרענע זין, הויפּט־פּלאָגן, די צענ־טע מאַקע פון די פאַרצייַטיקע מיצ־רים.
**מכות רצח** (מאַקעס רעצעך) – מער־דערלעכע קלעפּ.
**מכלכל חיים בחסד** (מעקאַלקייל כאַיִם בעכעסעד) – ער שפּייַזט די לעבעדיקע מיט גענאָד.
**מכל המינים** (מיקאָל האַמינים) – פון אַלערליי סאָרטן, פאַרשיידע־נעס, אויסוואַל.
**מכיר טוב** (מאַקיר טויוו) – דאַנקבאַ־רער, דאַנקבאַרקייט.

**מכל טוב** (מיקאָל טוּוו) – פון אַלעם גוטן, פון אַלדאָס גוטס.

**מכל פנות העולם** (מיקאָל פּינעס האָוילעם) – פון אַלע ווינקלען, פון אַלע עקן וועלט.

**מכל מקום** (מיקאָל מאָקוים) – פון יעדן אָרט, פונדעסטוועגן, פון אָר־מעטום.

**מכת מות** (מאַקעס מאָוועס) – טויט־שלאָג.

**מלא ודגוש** (מאָליי ווערדאָגוש) – אָנ־געפּראָפּט.

**מלא חן** (מאָליי כיין) – זייער סימ־פּאַטיש, פול מיט גראַציע.

**מלא מפה אל פה** (מאָליי מיפּע על פּע) – פול אָנגעפּאַקט.

**מלאכת השרת** (מעלאָכעס האַשאָ־רעס) – דינסט־מעלאָכע, אַמט־דינסט.

**מלון עברי** (מילוין איווריי) – העב־רעיִש ווערטערבוך.

**מלך אביון** (מעלעך עוויעין) – אָרע־מאַנסקער קעניג, הערשער איבער די אָרעמע.

**מלך עליון** (מעלעך עליון) – דער אייבערשטער גאָט, הערשער (אויס־צוגן פון אַ טפילע).

**מלמעלה ומלמטה** (מילמאַלע אומיל־מאַטע) – פון אויבן און פון אונ־טן. פאָלקס־אויסדרוק: ס'איז אינ־ערגעץ נישטאָ.

**מלמעלה למטה** (מילמאַלע לעמאַ־טע) – פון אויבן צו אונטן.

**ממה נפשך** (מימאָ נאַפשאָך) – איינס פון דיביידע.

**ממלא מקום** (מעמאַליי מאָקוים) – פאַרטרעטן יענעם, גיין אויף זיין אָרט, פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

**ממקום למקום** (מימאָקעם לעמאָ־קעם) – פון איין אָרט אויף צווייטן.

**ממשלת זדון** (מעמשעלעס זאָדוין) – ברוטאַלע הערשאַפט.

**ממשלת עם** (מעמשאַלעס אָם) – פאָלקס־הערשאַפט, פאָלקס־רעגי־רונג.

**מן הסתם** (מין האַסטאָם) – וואר־שיינלעך.

**מנהל מסחר** (מענאַהעל מיסכער) – געשעפטספירער.

**מנהל ספריה** (מענאַהעל סיפריע) – ביבליאָטעקאַר.

**מנורה תלויה** (מענוירע טלויע) – הענג־לאָמפּ, הענג־לייכטער, קאָרוּנ־לאָבריע.

**מסירת נפש** (מעסירעס נעפעש) – זעלבסטאָפּפערונג.

**מסכנות נפשות** (מעסוקאָנעס נעפאָ־שעס) – געפערלעך, לעבנס־געפער־לעך. זע: סכנת נפשות.

**מספר יהודי** (מיספּאַר יעסוידי) – קאַרדינאַלע צאָל, אויסערגעוויינ־לעכע צאָל.

**מעשה נורא** (מאַאַסע נוירע) – שרעקלעכע געשיכטע, וווּנדערלע־כע פּאַסירונג.

**מעשים טובים** (מייסים טויווים) – גוטע טאַטן, גוטע האַנדלונגען.

**מעין המתגבר** (מעאַין האַמיסגאַ־בער) – קוואַליקער קוואַל, אַ קוואַל וועמענס וואַסער פאַרמערט זיך,

א קוועליקער מענטש מיט אטאך גערדאנקען.

**מעלה גרה** (מאלע גיירע) - איבער־קײַען דאס זעלבע. איבערכאַזערן פּרעמדע רייד.

**מענה לשון** (מאַנע לאשן) - מאנא־לאג, א בארעדעוודיקער, א גרוים מויל.

**מעשה חלום** (מײַסע כאלעם) - א טאט ניט צום רעאליזירן, אז אויסגעטראכטע זאך.

**מעשה שטן** (מײַסע סאטן) - האנד־לונג פון ניט גוטן, אפגעטאן א שפּיצל, אן אקט פון א סוינע.

**מעשים תעתועים** (מײַסים טאטו־ים) - באטריגערישע טאטן, נידער־טרעכטיקע האנדלונגען, אינטריגעס.

**מעתה .ועד עולם** (מייאטא וועאד אוילאם) - פון איצט אף אייביק.

**מעת־לעת** (מעסלעס) - א טאג מיט א נאכט, 24 שא. מעיים לעייס— פון צײַט צו צײַט.

**מציאה גדולה** (מעציע גדוילע) - א גרויסע מעציע, גרוים געווינס, זייער ביליק.

**מקום מנוחה** (מאקעם מענוכע) - אנגענעם פּלאץ, אז ארט ווו צו פארברענגען, רויק פּלאץ.

**מקום פּסק** (מעקאיעם פּסאק) - אויס־פירן דעם אורטייל. אנלערנען.

**מרה שחורה** (מארע שכוירע) - מע־לאנכאליע.

**מרחם על הבריות** (מעראכעם אל האברִיעס) - ער דערבארעמט זיך אף באשעפענישן.

**מרבה הוצאה** (מארבע הויצאע) - מאכן גרויסע אויסגאבן.

**מרביץ תורה** (מארביץ טוירע) - פארשפרייטער פון דער טוירע.

**מרעיש עולם** (מאריש אוילעם) - אנ־מאכן א טומל, אויפרודערן א וועלט.

**משורר עממי** (מעשוירער אמאמי) - פאלקס־דיכטער.

**משה רבינו** (מוישע ראביינו) - מוי־שע אונדזער לערער. (אזוי ווערט גערופן דער מענטש וואס האט ארויסגעפירט, לויט דער לעגענדע, די יידן פון מיצראַיִם).

**מששת ימי בראשית** (מישיישעס יעמיי ברייישעס) - פון פאר די זעקס טעג פון וועלט־באשאף. שוין פון זייער לאנג.

**משא ומתן** (מאסע אומאסן) - האנ־דל, אונטערהאנדלען.

**משנה מקום משנה מזל** (מעשאנע מאקוים מעשאנע מאזל) - ווען מע בײַט דעם פּלאץ בײַט מען דעם מאזל.

**משנה תורה** (מישנע טוירע) - אי־בערכאזערונג פון דער לערע.

**מתן בסתר** (מאטאן בעסייסער) - א גיבער אין געהיים. טיילן צדאקע קיינער זאל ניט וויסן.

**מתן חוקים** (מאטאן כוקים) - גע־זעצגעבונג.

**מתנת יד** (מאטנעס יאד) - אונטער־קויפן (כאבאר). א שטארקן קלאפּ.

**מתן תורה** (מאטאן טוירע) - דאס געבן די טוירע. זע: שבועות.

## — נ —

**נבול פה** (ניבול פע) ־ מיִעסע רייד, שמוציקע רייד, אויסגעלאַסענע רייד, פּאָרנאָגראַפּיע.

**נוח לבריות** (נויעך לאַבריִעס) ־ אַן אָנגענעמער מענטש, אַן אויפגע־לייגטער, אַ געמיטלעכער, אַ מענטש וואָס מען קען מיט אים גוט פאַר־ברענגען.

**נוטה למות** (נויטע לאָמוס) ־ גע־נויגט צו שטאַרבן, האַלט באַם שטאַרבן, קוים וואָס ער לעבט, איינער וואָס גויסעט, האַלט באַם צעפאַלן זיך.

**נושא חן** (נויסע כיין) ־ געפעלן ווע־רן, אויסנעמען.

**נחמו נחמו עמי** (נאַכמו נאַכמו אַמי) ־ געטרייסט, זיי געטרייסט מיין פאָלק.

**נחת רוח** (נאַכעס רועד) ־ גרויס פאַרגעניגן, פיל צופרידנקייט.

**נטילת ידים** (נעטילעס יאַדאַיִם) ־ הענט־וואַשן.

**ניצוץ אלהים** (ניצויץ עלויהים) ־ געטלעכער פונק. שפּליטער פון געטלעכקייט.

**נס מן השמים** (נעס מין האַשאַ־מאַיִם) ־ אַ וואונדער פון הימל, ס'איז אַזוי באַשערט פון גאָט, גאָטס וואונדער.

**נסים ונפלאות** (ניסים וועניפלאַ־עס) ־ גוואַלדאָוונע וואונדער, אַזוינס ווי אַזעלכעס.

**נע ונד** (נאַ וועגאַד) ־ וואַנדערשטאַם, פאַרוואָרלאָזט. אַ וואָגלער. איינער וואָס האָט ניט קיין באַשטימטן אָרט.

**נעשה ונשמע** (נאַאַסע וועגישמאָ) ־ מיר וועלן הערן און טאָן, הערן און אויספאָלגן (אַן אויסדרוק פון דער ביבל).

**נפקא מינה** (נאַפקע מינע) ־ אונ־טערשייד. זע: מאַי נפקא מינה.

**נקי כפים ובר לבב** (נקי קאַפּאַיִם איוואַר לעוואָוו) ־ האָט ריינע הענט און אַ לויטער האַרץ.

**נר אזכרה** (נייר אַזקאָרע) ־ יאָר־צייַט־ליכט, דערמאָנונגס־ליכט.

**נר תמיד** (נייר טאָמיד) ־ דאָס איי־ביקע ליכט.

## — ס —

**סבר פנים יפות** (סייווער פּאָנעם יאַ־פויס) ־ פרייַנטלעכקייט, גוטמוטי־קייט, גאַסט־פרייַנטלעכקייט.

**סגי נהור** (סאַגי נאַהויר) ־ אַ בלינ־דער, ריידן פאַרשטעלט.

**סדר העולם** (סיידער האַאוילעם) ־ דער שטייגער פון דער וועלט, וועלט־אָרדענונג, סיסטעם.

**סורר ומורה** (סוירער אומוירע) ־

ווידערשפעניקער, א זון וואס פאלגט ניט די עלטערן.

**סטרה אחרא** (סיטרע אכרע) – יענע זייט, די הערשאפט פון טייוול.

**סך הכל** (סאכאקל) – רעזולטאט, פולע סומע, אלגעמיינער חשבון, באלאנס.

**סכנה גדולה** (סאקאנע גדוילע) – גרויסע געפאר, זייער געפערלעך.

**סכנת נפשות** (סאקאנעס נעפאשעס) – זייער געפערלעך, געפערלעך פארן קערפער, פארן געזונט.

**סלחתי כדבריך** (סאלאכטי קידוואָרעכא) – כ'האב דיר פארגעבן, דיר מוחל געווען.

**סם המות** (סאם האמאוועס) – ביטער ווי דער טויט, גיפטיק, אפיום.

**סמן מובהק** (סימען מוּווהעק) – קלארער באווייז, באשיינפערלעך.

**ספר יומי** (סייפער יומי) – טאגבוך.

**ספר רשימות** (סייפער רעשימעס) – נאטיץ־בוך, פארצייכענונג־בוך.

**ספר שירים** (סייפער שירים) – לידער־בוך, א בוך פאעזיע, דיכטונג־בוך.

**סתרי תורה** (סיסריי טוירע) – פארבארגענע לערע, געהיימע זאכן, אומפארשטענדלעכע רייד.

## — ע —

**עבדים היינו** (אוואדים האיינו) – קנעכט זיינען מיר געווען (א זאץ פון דער הגדה, וואס דערציילט אז מיר זיינען געווען קנעכט אין מיצראים).

**עבודה זרה** (אווידע זארע) – געצנדינעריי, דינען א פרעמדן גאט, טרייפענע ארבעט.

**עבודת היום** (אווידאס האיוים) – טאג־ארבעט, בייטאגיקע ארבעט.

**עבודת הבורא** (אווידאס האבוירע) – גאטעסדינסט, זיין פרום.

**עבודת הצבא** (אווידאס האצאבא) – מיליטער־דינסט.

**עבודת פרך** (אווידאס פערעך) – שווערע ארבעט, הארעוואניע, מי, שקלאפערישע ארבעט.

**עבר זמן** (אוואר זמאן) – שוין אריבער די צייט, שוין צו שפעט, ס'איז שוין ניט נייטיק. עבר זמנו בטל קרבנו (אוואר זמאנוי באטל קארבאנוי) – די פארצווייגטע יידישע קארבאנעס פלעגט מען ברענגען אין א באשטימטער צייט, פון דעם האט זיך גענומען דאס פאלקסווערטל: מען דארף זיך ניט אנשטרענגען, ווייל די צייט איז שוין פארביי, ס'איז מער ניט אקטועל.

**עגמת נפש** (אגמאס נעפעש) – הארץ־קלעמעניש, אנגסט, קרענקונג, שווער געמיט.

**עד בלי די** (אַד בלי דאַי) ־ איבערגענוג, צופיל.

**עד היום** (אַד האַיוים) ־ ביזן היינטיקן טאָג, ביז איצט.

**עד היכן** (אַד הייכען) ־ ביז וואַנען, ווי וויַיט?

**עד כאן אומרים** (אַד קאַן אוימרים) ־ מען זאָגט ביז אַהער. ביז אַהער און געגוג, ביז אַהער און ניט וויַיטער.

**עד מתי** (אַד מאָסיַי) ־ ביז ווי לאַנג נאָך, וויפל איז דער שיר צו וואַרטן?

**עד עולם ועד** (אַד אוילעם וואָעד) ־ אויף אייביק, אויף אַלע אייביקייטן.

**עובר בטל** (אויוועער באָטל) ־ ניט באַם זינען, שוין ניט באַ די געדאַנקען, די געדאַנקען אַרבעטן שוין באַ אים ניט. ער איז צו אַלט.

**עוזר דלים** (אויזער אַדלים) ־ העלפט אָרעמע, שטיצט נויטבאַדערפטיקע.

**עולה יפה** (אוילע יאָפאָ) ־ געראָטן, געלונגען.

**עולם הבא** (אוילעם־האַבע) ־ באַפרידיקונג אויף יענער וועלט.

**עולם הזה** (אוילעם־האַזע) ־ די וועלט. אוילעם האַזעניק ־ איינער וואָס האָט ליב פאַרגעניגנס, האָט ליב צו געניסן פון דער וועלט.

**עולם ומלאו** (אוילעם אומלאָע) ־ אַ פולע וועלט, אַ לעבעדיקע וועלט.

**עונש מות** (אוינעש מאָוועס) ־ טויטשטראָף.

**עורך שלחן** (אָרוך שולכאָן) ־ גרייטן צום טיש.

**עזות פנים** (אַזעס פאָנעם) ־ פרעכער, גראָבער יונג, באַליידיקטיקער, אומפאַרשעמטער, כוצפעדיקער.

**עזרת נשים** (עזראָס נאָשים) ־ פרויען־אַפטיילונג.

**עין בעין** (אַיִן בעאַיִן) ־ באַשיימפערלעך, אויג אויף אויג.

**עין תחת עין** (אַיִן טאַכאַס אַיִן) ־ אַן אויג פאַר אַן אויג, אָפּרעכענונג, נעקאָמע, געבן די זעלבע שטראָף וואָס ער האָט צו יענעם געטאָן.

**עיקר שחכתי** (איקער שאָכאַכטי) ־ איך האָב פאַרגעסן דעם איקער, די הויפּט־זאַך.

**עיר ואם** (איר וואָיים) ־ אַ גרויסע שטאָט.

**על אחרון אחרון** (אַל אַכרוין אַכרוין) ־ אויף דאָס לעצטע צום לעצטן.

**על אחת כמה וכמה** (אַל אַכאַס קאַמאָ וועקאַמאָ) ־ אויף אַזויפיל און אַזויפיל, אַוואַדע און אַוואַדע.

**על דבר** (אַל דוואַר) ־ איבער דעם.

**על זה** (אַל זע) ־ דערויף.

**על כל דברי שירות ותשבחות** (אַל קאָל דיוורײ שירעס וועטישבאָכעס) ־ אויף אַלע לויב־געזאַנגען, נאָך אַלע גוטע ווערטער.

**על כל פנים** (אַל קאָל פאָנעם) ־ ווי עס זעט אויס, יעדנפאַלס, פונדעסטוועגן.

**על כן** (אַל קיין) ־ דעריבער, דערום.

**על ידי** (אַל יעדײ) ־ דורך.

**על ידי זה** (אַל יעדיי זע) - דורכדעם, דאָדורך.
**על מנת** (אַל מענאָס) - דערמיט, מיט דעם תנאי, מיט דעם באַדינג.
**על מנת לקבל פרס** (אַל מענאָס לע־קאַבל פּראָס) - מיטן באַדינג צו קריגן באַצאָלט.
**על פה** (אַל פּע) - אויסנווייניק. אויך: בעל פה.
**על פי** (אַל פּי) - וועדליק, לויט ווי נאָך.
**על פי דקדוק** (אַל פּי דיקדעק) - גראַמאַטיש, לויט די קלאַלים פון גראַמאַטיק.
**על פי טבע** (אַל פּי טעווע) - לויט דער נאַטור, לויטן כאַראַקטער.
**עליו השלום** (אַלאָוו האַשאָלעם) - זאָל ער רוען אין פרידן.
**עליה השלום** (אַלעיה האַשאָלעם) - זעליקע פרוי (אויסדרוקן נאָך אַ טויטן).
**עלילת דם** (אַלילאָס דאָם) - בלוט בילבול.
**על פי החוק** (אַל פּי האַכויק) - גע־זעצלעך, לויטן געזעץ.
**על פי יושר** (אַל פּי יוישער) - לויט גערעכטיקייט, לויט מענטשלעכ־קייט.
**על פי נס** (אַל פּי נעס) - דורך אַ נעס.
**על פי שכל** (אַל פּי סייכל) - לויטן סייכל נאָך, לאָגיש.
**על פי רוב** (אַל פּי רויוו) - מיינסטנס, אַממערסטנס, קימאַט שטענדיק, לויט דער מאַיאָריטעט, מערהייט.

**על פי דין** (אַל פּי דין) - לויטן גע־זעץ.
**על פי המסורת** (אַל פּי האַמעסוי־רעס) - לויט דער טראַדיציע, טראַ־דיציאָנעל.
**על רגל אחת** (אַל רעגעל אַכאָס) - אויף איין פוס, אויף גיך, אויף שנעל.
**על צד היותר טוב** (אַל צאַד האַ־יויסער טאָוו) - מיט דעם וואָס ס'איז צום בעסטן, מער באַקוועמער, אויפן בעסטן אויפן.
**על קידוש השם** (אַל קידוש האַ־שעם) - צוליב גאָטס הייליקייט, זיך אָפּפערן פאַר גאָטס־וועגן, איינשטעלן דאָס לעבן.
**על ראשון ראשון** (אַל רישוין רי־שוין) - אויף דאָס ערשטע צום ערשטן. מיינט: גיין לויט אַ סיי־דער.
**עם הארץ** (אַם האָאַרעץ) - גראָבער יונג, אומוויסנדיקער, ניט קיין געלערנטער.
**עם הארצות** (אַם האַראַצעס) - אומ־וויסנהייט, איגנאָראַנץ.
**עמק הבכא** (איימעק האַבאָכאָ) - יאָמער־טאָל.
**עם ישראל חי** (אַם יִסראָעל כאַי) - דאָס יידישע פאָלק לעבט, וועט ניט אונטערגיין.
**עם עולם** (אַם־אוילעם) - פאָלקס־מענטשן.
**עני חשוב כמת** (אָני כאָשעוו קע־מעס) - אַן אָרעמאַן איז גלייך צו אַ טויטן.

**ענין צדדי** (איניען צדאָדי) – אַ זײַ־טיקער איניען, אַ בײַ־זאַך, אַ נעבן־זאַך.

**עץ הדעת** (אייץ האַדאַאַס) – בוים פון וויסן.

**עץ הגבורה** (אייץ האַגעווורע) – בוים פון מעכטיקייט, פון העל־דישקייט.

**עץ החיים** (אייץ האַכאַיִם) – בוים פון לעבן, הענטל פון אַ סייפער מוירע.

**ערלת לב** (אָרלאַס לייוו) – פאַר־שטאָפּטע האַרץ, אײַנגעאַקשנטער.

**עשרה בטבת** (אַסאָרע בעטייוועס) – צענטער טאָג אין כוידעש טייוועס, אַ פאַסט־טאָג.

**עשרה הרוגי מלכות** (אַסאָרע האַרו־גיי מאַלכעס) – די צען מאַרטי־רער, צען געלערנטע וואָס די רוי־מישע מעלוכע האָט אומגעבראַכט.

**עת לעשות** (אייס לעאַסויס) – אַ צײַט צו טאָן, צו אַרבעטן, צו האַנדלען.

**עת צרה** (אייס צאָרע) – שלעכטע צײַט, אין צײַט פון אומגליק.

— פּ —

**פגיעה בכבוד** (פּגיע בעקאָוועד) – באַליידיקונג, אָנרירן יענעמס קאָ־וועד, יענעמס ערע.

**פדיון הבן** (פּידיען האַבען) – אויס־לייזן דעם בכאָר (ערשטן זון) אַ טראַדיציאָנעלער מינהעג.

**פדיון שבוים** (פּידיען שווויִים) – אויסלייזן געפאַנגענע.

**פושע ישראל** (פּאָשע יִסראָעל) – פאַרעטער פון ייִדנטום.

**פה אחד** (פּע עכאָד) – אײַנשטימיק.

**פה אל פה** (פּע על פּע) – מינדלעך, פון מויל צו מויל.

**פותר חלום** (פּויסער כאַלעם) – אויס־טײַטשן אַ כאַלעם.

**פחיתות הכבוד** (פּכיסעס האַקאָ־וועד) – באַליידיקונג.

**פועל יוצא** (פּויעל יוצע) – אויסגאַנג, רעזולטאַט, קאָנסעקווענץ, די אונ־טערשטע שורע.

**פועל ציון** (פּויעל ציאָן) – ציאָניס־טישער אַרבעטער, נאָמען פון אַ פּאַרטיי „פּועלי ציון".

**פי שנים** (פּי שנאַיִם) – צוויי מאָל, צווייפאַך, שטאַרקער, טאָפּלט.

**פירוד הדעות** (פּיירוד האַדייעס) – מיינונגס־פאַרשיידנהייטן.

**פיזור הנפש** (פּיזער האַנעפעש) – צעטראָגנקייט, געמיטלאָזיקייט.

**פירוש המילות** (פּיירעש האַמי־לעס) – באַדײַטונג פון די ווערטער.

**פלא פלאים** (פּעלע פּלאָיִם) – וווּנ־דער איבער וווּנדער, אַזוינס ווי אַזעלכעס.

**פמליא של מעלה** (פּאַמאַליע שעל מאַלע) – אויבערשטע געזינדל; אייבערשטער ראַט.

**פמליא שמים** (פאַמאַליע שאָמאַ־יִם) – גאָטס געזינדל, גאָטס פאַמיליע.

**פנים אל פנים** (פּאָנעם על פּאָנעם) – פּערזענלעך באַגעגנט, געזיכט צו געזיכט.

**פסול במשפחה** (פּאָסל בעמישפּאָכע) – אַ פלעק אין דער מישפּאָכע.

**פסק דין** (פּסאַק־דין) – אורטייל פון געריכט.

**פעמים רבות** (פּעאָמים ראַבויס) – אַ סאַך מאָל.

**פקוח נפש** (פּיקועך נעפעש) – אויפהאַלטן, דערהאַלטן בײַ דער נעשאָמע, געפאַר פאַרן לעבן.

**פרא אדם** (פּערע אָדאָם) – ווילדער מענטש, צעלאָזענער.

**פרוד לבבות** (פּיירוד לעוואָוועס) – צאַנקערײַען, קריגערײַען, אַרומרײַסן זיך.

**פרו ורבו** (פּרו אורוו) – פּרוכפּערט זיך און מערט זיך.

**פרחה נשמתו** (פּאָרכע נישמאָסוי) – אויסגעהויכט די נעשאָמע, אויפגעהערט צו לעבן.

**פרישות הדרך** (פּרישעס האַדערעך) – צעטיילטע וועגן, שיידוועגן.

**פרנס העיר** (פּאַרנעס האָאיר) – בירגערמײַסטער, הויפּט־פּאַרוואַלטער פון שטאָט.

**פרצוף־פנים** (פּאַרצעף־פּאָנעם) – אויסזען.

**פשוטו כמשמעו** (פּשוטוי קעמאַשמאָעו) – גאַנץ אײנפאַך, געוויינלעך, פּראָסט און פּאַשעט, אָן שום פּליטערלעך, אָן שום קונצן.

**פשט ודרוש** (פּשאַט אודרוש) – אײנפאַך. פּראָסט. אויסגעפאָרשט.

**פתחון פה** (פּיסכען פּע) – אויסרייד, מוט צום ריידן, דרייסטקייט.

**פת לחם** (פּאַס לעכעם) – אַ שטיקל ברויט.

## — צ —

**צאנה וראנה** (צענאָ ווערענאָ) – קומט און זעט; רעליגיעז בוך פאַר פרויען, טײַטש־כומעש.

**צאן קדשים** (צוין קאָדאָשים) – פרומע שעפּעלעך, פרומע נאָכלויפער, נאָכפאָלגער, נאַיווע מענטשן.

**צבא הים** (צוואָ האַיאָם) – מאַרין־טרופּן.

**צבא יבשה** (צוואָ יאַבאָשע) – לאַנד־טרופּן.

**צבא השמים** (צוואָ האַשאָמאַיִם) – הימלס־קערפּער, גאָטס באַדינער.

**צדוק הדין** (ציִדעק האַדין) – אָנערקענונג פון דער גערעכטיקייט.

**צדיקי הדור** (צאַדיקיי האַדאָר) – גרויסע גײַסטיקע מענטשן פון זייער צײַט. גרויסע רעליגיעזע ייִדן.

**צדקה־חברה** (צדאקע כעוורע) ־ ווילטעטיקע געזעלשאפט.

**צד שכנגד** (צאד שעקענעגעד) ־ דעם קעגנערס זײַט. דעם אנדערנס שטעלונג. דער קעגנערישער צאד.

**צהלה ושמחה** (צאהאלע ווײסימכע) ־ פרייד און פריידן, לעבעדיק און לוסטיק.

**צו להכעים** (צו לעהאכעס) ־ טוט עמעצן צו ערגערן.

**צורר היהודים** (צוירער האיעהודים) ־ יידנפײַנט. אנטיסעמיט.

**צלם אלהים** (צעלעם עלויהים) ־ גאטס געשטאלט, גאטס פורעם.

**צר גדול בנים** (צאר גידל באנים) ־ שוועריקייט, ווייטיק פון קינדערדערציִונג.

**צרכי צבור** (צארכעי ציבער) ־ געזעלשאפטלעכע באדערפענישן.

**צר עין** (צאר איין) ־ קארגער, ניט פארגינער.

**צר לי** (צאר לי) ־ עס טוט מיר באנג.

**צרת רבים** (צאראס ראבים) ־ אן אלגעמיינע צארע.

## — ק —

**קבורת חמור** (קווורעס כאמויר) ־ באגראבן הינטערן פארקן.

**קבורת ישראל** (קווורעס יִסראעל) ־ באגראבן לויט דער יידישער טראדיציע.

**קבלת פנים** (קאבאלעס פאנעם) ־ אויפנעמען, באגעגענען וועמען.

**קבלת שבת** (קאבאלאס שאבעס) ־ אויפנעמען שאבעס.

**קדשי קדשים** (קאדשיי קודאשים) ־ די הייליקע הייליקייט.

**קדושים והגבורים** (קדושים וועגיבוירים) ־ הייליקע און העלדישע.

**קודם כל** (קוידעם קאל) ־ פריִער פון אלץ, צום אלעם ערשטן.

**קודש קדשים** (קוידעש קעדאשים) ־ זייער הייליק.

**קול מיער** (קויל מעיאר) ־ א שטים פון דער ווילדעניש.

**קול קורא** (קויל קוירע) ־ אן אויפרוף.

**קולות וברקים** (קוילעס ובראקים) ־ געוויטער, דונערן און בליצן.

**קול דממה דקה** (קויל דמאמע דאקע) ־ א שטילע, צארטע שטימע.

**קול העם** (קויל האאם) ־ די שטים פון פאלק.

**קול קורא במדבר** (קויל קוירע בעמידבער) ־ א קאל אין דער וויסטעניש. א ניט דערהערטע שטימע.

**קיימא לן** (קײמע לאן) ־ אומגעפער, אן ערעד.

**קל דעת** (קאל דאאט) ־ לײַכטזיניקער.

**קידוש השם** (קידעש האשעם) ־ אומגעקומען פאר זײַן גלויבן, זיך מאקריו געווען פאר גאט פאר אן אידיע.

**קל וחומר** (קאל וואכוימער) – פון גרינג צו שווער, מער ווי דאס, וואס פאר א פארגלייך.

**קמח של מצה** (קעמאך של מאצע) – מאצע־מעל, מעל וואס מען נוצט אף צו באקן מאצע.

**קנאה שנאה** (קינע סינע) – אייפער־זוכט און האס, פאנאטיזם און פיינטשאפט.

**קונה שם** (קוינע שעם) – זיך דער־ווארבן א נאמען, זיך באוווסט גע־מאכט.

**קפיצת הדרך** (קפיצעס האדערעך) – מייל־שפרונג, פארקירצטער וועג.

**קצור ימים** (קיצער יאמים) – קורצע טעג, אפגעשניטענע יארן, א קורץ לעבן, קורצע יארן.

**קצר יד** (קאצער יאד) – קורצע הענט.

**קרבן־מנחה־סידור** (קארבן־מינכע־סידער) – א בוך פאר פרויען צו דאווענען, איבערזעצט אין יידיש.

**קרוב לזמן** (קארעוו ליזמאן) – נא־ענט צו דער צייט, ס'איז שוין נע־ענטער ווי ווייטער.

**קרוב למיתה** (קארעוו לעמיסע) – האלט באם שטארבן.

**קרח מזה לזה** (קערעך מיזע לאזע) – ס'איז קאלט פוןביידע זייטן, ווו מען זאל אים נים לייגן איז אים שלעכט.

**קרח מכאן ומכאן** (קערעך מיקאן אומיקאן) – אפגעפליקט פון ביידע זייטן.

**קריאת שמע** (קריסשמע) – א געבעט וואס רעליגיעזע יידן זאגן פאר שלאפן גיין..

**קרן המגן** (קערן האמאגיין) – פארטיי־טיידיקונגס – פאנד, באשיצונגס־פאנד.

**קרן ישראל** (קערן יסראעל) – פאלקס־פאנד אויסצובויען ערעצ־יסראעל.

**קרן קימת** (קערן קאיעמעס) – עק־זיסטענץ־פאנד. אויפהאלטונגס־פאנד.

**קרועה בלויה** (קרוע בלוע) – אפגע־ריסן, אפגעלאזן.

**קרקע בתולה** (קארקע בסולע) – נים קיין באארבעטע ערד, פרישער באדן.

**קשה עורף** (קשיי אוירעף) – איינגע־שפארטער, הארטנעקיקער.

— ר —

**ראה נא בעינונו** (רעיי נא בעיינייננו) – זע אונדזער פיין, אונדזער ארעמ־קייט.

**ראוי לאכילה** (ראע לעאכילע) – גע־נוסבאר, רייף, גרייט צום עסן.

**ראוי לשתיה** (ראוי לישטיע) – טרינקבאר, גוט צום טרינקען.

**ראש הגולה** (ראש האגולע) – דער הויפט פון גאלעס, פון די ארויס־געטריבענע.

**ראשי פרקים** (ראשיי פראקים) - הויפט־יעסוידעס, גרונט־געדאנקען.
**ראשי תיבות** (ראשיי טייוועס) - ערשטע בוכשטאבן, איניציאלן.
**ראשית חכמה** (ריישיס כאכמע) - דאס ערשטע וויסן, פריער פון אלץ דארף מען וויסן און פארשטיין.
**ראשית כל דבר** (ריישיס קאל דאווער) - צום אלעם ערשטן, גאר דאס ערשטע.
**רב הכולל** (ראוו האקוילעל) - הויפט־ראוו פון לאנד אדער פון א געגנט.
**רבנן קדיש** (ראבאנאן קאדיש) - א טפילע נאך א טויטן וואס מען זאגט נאכן לערנען, א פאלקס־אויסדרוק: שוין אפגעזאגט ראבאנען־קאדיש — פארפאלן, מען וועט עס שוין צוריק ניט באקומען..
**רואה ואינו נראה** (רויע וועאינוי נירע) - ער זעט און מען זעט אים ניט.
**רוב מנין ובנין** (רויוו מיניען וועביניען) - די מערסטע און די וויכטיקסטע, פונדאמענטאלסטע.
**רוח הקודש** (רואך האקוידעש) - הייליקער גייסט.

**רחום וחנון** (ראכום וועכאנון) - בארמהארציק און גנעדיק.
**רך לבב** (ראך לייוואוו) - ווייכהארציק, איינער וואס גיט מיט דער פולער האנט.
**רחמנא ליצלן** (ראכמאנע ליצלאן) - זאל גאט באהיטן, גאט באהיט.
**ריח טוב** (רייעך טויוו) - גוטער גערוך, אראמאט.
**ריש גלותא** (רייש גאלוסע) - עקזילארך.
**רפואה שלימה** (רעפוע שליימע) - פולשטענדיקע דערהאלונג, געזונט ווערן, גענעזן ווערן.
**רשות היחיד** (רעשוס האיאכיד) - פריוואטער באזיץ.
**רשות הרבים** (רעשוס האראבים) - אלגעמיינער, קאלעקטיווער, געמיינשאפטלעכער באזיץ.
**רשימות מתים** (רעשימאס מייסים) - טויטן־ליסטע, א צעטל פון טויטע.
**רש"י** (ראשע) - קאמענטאר צום כומעש. (דאס זיינען די איניציאלן פון דעם מעכאבער — ר' שלמה יצחקי).

— ש —

**שאול תחתיה** (שעאויל טאכטיע) - אפגרונט, אונטערשטע גרוב, געהענעם.
**שאלות ותשובות** (שיילעס וועטשוווס) - פראגעס און ענטפערס.
**שאלות הזמן** (שיילעס האזמאן) - צייטפראגן

**שאלת החיים** (שיילעס האכאים) - לעבנס־פראגע, א פראגע וואס רירט אן די סאמע עקזיסטענץ.
**שאר ירקות** (שעאר יעראקעס) - פארשיידענע גרינסן, אלערליי קרייטעכצער.

**שארית הפליטה** (שעאיירים האפליטע) ־ דאס ביסל פארבליבענע, געראטעוועטע.

**שבעה מדורי גיהנם** (שיווע מעדוריי געהענעם) ־ זיבנערליי פייניקונגען און שטראפן, פארשיידענע שלעק און מאטערנישן, א פעקל מיט צרעס.

**שבעה עשר** (שיווע אסאר) ־ זיבעצן. (שיווים — זיבעציק.

**שבעה עשר בתמוז** (שיווע אסאר בעטאמוז) ־ זיבעצן טעג אין טאמוז. פאסט־טאג.

**שבע ועשרים** (שעווא וועעסרים) ־ זיבן און צוואנציק.

**שברי כלי** (שיוורע קיילע) ־ א צעבראכן געפעס, צעשמעטערט געשיר. א מענטש וואס איז קראנק און צעבראכן און עס וועט שוין פון אים קיין לייט ניט זיין, אן אינוואליד.

**שהכל נהיה כדברו** (שעהאקל נהיע קידווארוי) ־ אלץ איז געווארן דורך זיין ווארט (א ברכה אף בראנפן).

**שואף לדם** (שויעף לעדאם) ־ מארדגיריק, בלוטדארשטיק, וויל דערהארגענען.

**שוה בשוה** (שאווע בעשאווע) ־ גלייך אף גלייך, געמיטלעד.

**שומר היום** (שוימער האיוים) ־ טאג וועכטער, טאג־היטער.

**שומר הלילה** (שוימער האליילע) ־ נאכט־וועכטער, היטער בנאכט.

**שונא ישראל** (סוינע יִסראעל) ־ יידן־פיינט.

**שוק סוסים** (שוק סוסים) ־ פערד־מארק.

**שור שנגח את הפרה** (שויר שעגאך עס האפארא) ־ אן אקס האט געשטויסן א קו.

**שורת הדין** (שוראס האדין) ־ שטרענגע גרעכטיקייט, שטרענגער געזעץ.

**שושנת השדה** (שוישאנאס האסאדע) ־ פעלד־רויזן.

**שחורה אני ונאווה** (שכוירא אני ווענאווא) ־ שווארץ בין איך אבער שיין.

**שטר חוב** (שטאר כויוו) ־ וועקסל.

**שטר מדינה** (שטאר מעדינע) ־ באנקנאט, רעגירונגס־נאט.

**שיחת חולין של תלמידי חכמים** שיכאס כולן שעל טאלמידיי כאכאמים) ־ די וואכעדיקע רייד פון קלוגע לייט. שפאסיקע ווערטער פון געלערנטע, גראבע רייד פון טאלמודיסטן.

**שיר ידידות** (שיר יעדידעס) ־ טייערע געזאנגען, ליבע געזאנגען, לידער.

**שיר השירים** (שיר האשירים) ־ דאס געזאנג פון די געזאנגען. פאעטיש ווערק פון מאנאד.

**שירים ותשבחות** (שירים וועטישבאכעס) ־ לויבן און געזאנגען.

**שכר יום** (סכאר יוים) ־ טאג־לוין, באצאלט פאר א טאג ארבעט.

**שכר למוד** (סכאַר לימעד) - לערן־געלט, לוין פון אַ לערער, באַצאָלן פאַר לערנען.

**שלא כדרך הטבע** (שעלוי קעדערעך האַטעווע) - ניט ווי דער שטייגער, אומנאַטירלעך.

**שלא כדרך היד** (שעלוי קעדערעך האַיאַד) - ניט ווי דער פון דער האַנט.

**שלא מדעת** (שעלוי מידאַאַס) - אומבאַוווּסט, ניט ווילנדיק, ניט וויסנדיק.

**שלא על מנת לקבל פרס** (שעלוי אַל מענס לקאַבעל פּראַס) - אָן שום לוין, ניט באַקומען קיין באַצאָלט.

**שלום ושלווה** (שאָלעם וועשאַלווע) - צופרידן און רויִק, געמיטלעך, פרידן און זאָרגלאָזיקייט.

**שליח ציבור** (שעליִעך ציבער) - געשיקטער פון פאָלק, געזעלשאַפטלעכער שליִעך, פאַרטרעטער פון פאָלק, אַ כאַזן.

**שם המפורש** (שיים האַמפוירעש) - גאָטס נאָמען, אַרויסגערעדט ווי עס איז.

**שם העצם** (שיים האַעצעם) - הויפּטוואָרט, הויפּט־וועזן.

**שמונה עשר** (שמוינאַ אַסאַר) - אַכצן.

**שמונה עשרה** (שמוינע עסריי) - אַכצן, די הויפּט־טפילע פון דאַוונען.

**שמע ישראל** (שמאַ יִיסראָעל) - הער צו יִיסראָעל. אַ טפילע. זע: קריאת שמע.

**שמן זית** (שעמען זאַ׳יס) - איילבירט־בוימל.

**שנת השבוע** (שנאַס האַשוווּאַ) - שמיטע־יאָר, דאָס יאָר פון אָפּרו פון ערד־אַרבעט אין פּאַרציִיטיקן יִיִסראָעל.

**שנאת חנם** (סינאַס כינעם) - אומזיסטע פיִינטשאַפט.

**שנאת מוות** (סינאַס מאַוועס) - טויטפיִינט.

**שנאה קנאה** (סינע קינע) - זע: קנאה שנאה — פיִינטשאַפט און אייפערזיכטיקייט.

**שנה טובה** (שאָנע טויווע) - אַ גוט יאָר, ניִי־יאָר ווינטשעוואַניִע, ווינטש־קאַרטל צו ניִי־יאָר.

**שני צדדים** (שניי צדאָדים) - צוויי צדאָדים.

**שעת צורך** (שאַס צוירעך) - נויטפאַל.

**שעיר לעזאזל** (סאָיִר לאַזאָזעל) - קאַפּאַרע־הינדל, זינד־באָק, בליץ־אַפּלייטער.

**שעת הדוחק** (שאַאַס האַדויכעק) - אין אַ נויט.

**שעת הכושר** (שאַאַס האַקוישער) - פּאַסיקע צייַט, ריכטיקע צייַט, פּאַסיקער מאָמענט.

**שפוך חמתך** (שפויך כאַמאָסכאַ) - גיס אויס דייַן צאָרן, אַ געבעט פון דער האַגאָדע.

**שפת עברית** (ספאַס איווריס) - העברעיש, העברעיִשע שפּראַך.

**שקיעת החמה** (שקיִאַס האַכאַמע) - זון־אונטערגאַנג, זון־פאַרגאַנג.

**שקלא וטריא** (שאַקלע וועטאַריע) - פאַרהאַנדלונג וועגן אַ מיינונג, אונטערהאַנדלונג.

**שקל בדעתו** (שאָקויל בעדאַאַטוי) ־ איבערלייגן זיך, וועגן די זאַך, גוט באַטראַכטן.

**שקר בלבול** (שעקער בילבל) ־ פֿאַר־לוימדערישער ליגן.

**שקר וכזב** (שעקער וועקעזעוו) ־ זע: כזב ושקר, ניט מעשטויגן און ניט געפֿלויגן.

**שריד ופליט** (סאָריד אופּאָליט) ־ רעשט, געדעכעניש.

**ששון ושמחה** (סאָסוין וועסימכע) ־ פֿריידן און פֿריילעכקייט, א גרויסע פֿרייד.

**ששת ימי בראשית** (שיישעס יעמיי ברייסיס) ־ זעקס טעג פֿון וועלט־באַשאַף.

## — ת —

**תבת נוח** (טייוואַס נויאַך) ־ נויעכס קאַסטן.

**תוהו־ובוהו** (טויהו־וואַווויהו) ־ אַן איבערקערעניש, פּאַרוויסטונג, אומ־אָרדענונג.

**תוך כדי דיבור** (טאָך קעדיי דיבער) ־ אין זעלבן אָטעם, מאָמענטאַל, אין מיטן ריידן, ווי נאָר אַרויס־געזאָגט.

**תוך כדי מחשבה** (טאָך קעדיי מאַכ־שאָווע) ־ ווי נאָר ער האָט גע־טראַכט, אין זעלבן טראַכטן.

**תולה ארץ על בלימה** (טוילע ערעץ אַל בלימע) ־ די ערד הענגט אָף גאָרניט, אָפֿן הוילן אָפּגרונט, א זאַך אָן א באָדן.

**תורה למשה מסיני** (טוירע לעמוי־שע מיסינאַי) ־ די לערע וואָס מוי־שע האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון באַרג סינאַי.

**תורה לשמה** (טוירע לישמאַ) ־ א לערע פֿון דער זאַך וועגן.

**תורה שבכתב** (טוירע שעביקסאָוו) ־ שריפֿטלעכע טוירע, די ביבל.

**תורה שבעל פה** (טוירע שעבאַל פּע) ־ מינדלעכע טוירע, לערע וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פֿון מויל צו מויל. דער טאַלמוד.

**תחום המושב** (טכום האַמוישעוו) ־ באַגרענעצט וווין־אָרט, געטאָ.

**תיכף ומיד** (טייקעף אומעיאַד) ־ די זעלבע רעגע, שוין באַלד, אָפֿן מאָמענט.

**תחום שבת** (טכום שאַבעס) ־ דער שטעטער וואָס מען מעג, לויט דער רעליגיע, גיין שאַבעס, דאָס זײַנען 2000 איילן פֿון דער שטאָט אַרויס.

**תחת חרב** (טאַכאַס כערעוו) ־ אומ־געבראַכט דורך דער שווערד, פֿאַר־ניכטעט.

**תכסיסי מלחמה** (טאַכסיסיי מילכאָ־מע) ־ קריגס־קייליס, קליי־זײַען.

**תלמוד בבלי** (טאַלמוד באַוולי) ־ באַבאַליאַנישער טאַלמוד, גמאָרע.

**תלמוד ירושלמי** (טאַלמוד יערו־שאַלמי) ־ יִיִשׂראַעלדיקע לערע, טאַלמוד געשאַפֿן אין יערושאַלאַים.

**תלמיד חכם** (טאַלמיד־כאַכעם) - גע־לערנטער.
**תלמוד תורה** (טאַלמוד טוירע) - רע־ליגיעזע שול פאַר קינדער.
**תמונת אות** (טמונעס אָס) - דאַס אויסזען פון אַן אָס.
**תנא ברא** (טאַנע באַרע) - גרויסער געלערנטער. אויך אַ צונאָמען פאַר איינעם, וואָס האָט נישט געלערנט, אָף אַ צעלאַזענעם.
**תנוקת של בית רבן** (טינויקעס שעל בייס ראַבאָן) - קליינע קינדער פון כיידער.
**תנו רבנן** (טאָנו ראַבאָנאָן) - די ראַ־באָנים האָבן געלערנט.
**תפסת מרובה לא תפסת** (טאָפאַס־טאָ מערובאָ לוי טאָפאַסטאָ) - אַז דו פאַרנעמסט זיך צו ברייט, וועס־טו גאָרניט דערגרייכן; אַז דו זוכסט אַריינכאַפן אָף איין מאָל אַלץ וועסטו גאָרניט האָבן; פּרוביר ניט אויפפאַסן מער ווי דו קענסט באַנעמען.
**תקע בשופר** (טויקייע בעשויפער) - שויפער־בלאָזן. זע: בעל תקיעה.
**תקון הצות** (טיקן כצאָס) - אָפּריכטן כצאָס, אַ קלאָג־טפילע אָפּן כורבן בייס האַמיקדעש וואָס פרומע יידן זאָגן צו האַלבע נאַכט.
**תקיעת כף** (טקיאַס קאַף) - צוגע־זאָגט, זיך פאַרפליכטעט מיטן געבן די האַנט.
**תרגום לשון** (טאַרגעם לאָשן) - אי־בערזעצטע שפּראַך, אַן אומפאַר־שטענדלעכע שפּראַך.
**תרבות לעם** (טאַרבוס לאָאָם) - קולטור פאַרן פאָלק.
**תרבות רעה** (טאַרבוס ראָאָ) - שלעכטע וועגן, שלעכטע אויפפי־רונג.
**תשעה באב** (טישע בעאָוו) - טרוי־ער־טאָג נאָכן כורבן בייס־האַמיק־דעש, ניין טאָג אין כוידעש אָוו, ווען מען זאָגט קינעס און מען פאַסט.
**תשמישי קדושה** (טאַשמישיי קעדו־שע) - הייליקע כפייצים, הייליקע זאַכן.

# צווייטער טייל

## ווערטער מיט אַ העברעיִשן שורש און ניט־העברעיִשע פּרעפיקסן און סופיקסן

## — א —

**אביון** (עוויען) ־ אביונטע, אביונותדיק, אביונותדיקער, אביונותדיקייט.

**אָבל** (אָוול) ־ אבלטע, אבלדיק, אבלעז, אבלותדיק (אָווײלעסדיק), אבלדיקייט.

**אגב־אורחא** (אַגעוו אורכע) ־ אגב־אורחדיק, אגב־אורחדיקייט.

**אגודה** (אַגודע) ־ אגודהניק, אגודהניצע.

**אָגיל ואשמח** (אָגיל װעעסמאַך) ־ אַגיל ואשמחדיק.

**אָדון** (אָדוין) ־ אָדונטע.

**אַויר** אַװער ־ שלעכטער רייעד ־ אוירן (אַװערן).

**אופן, אופנים** (אויפן, אויפאַנים) ־ אופנימדיק, אופנימדיקער.

**אחדות** (אַכדעס) ־ אחדותדיק, אחדותניק, אחדותניצע.

**אחריות** (אַכראַיעס) ־ אחריותדיק, אחריותפול, אחריותלאָז, אחריותדיקער, אחריותדיקייט.

**אכזר** (אַכזער) ־ אכזרניק, אכזרטע.

**אַכל** (אַכויל) ־ אַכלען, אַכלער.

**אמונה** (עמונע) ־ אמונהדיק, אמונהפול, אמונהלאָז, אמונהדיקייט.

**איכה** (אייכאַ) ־ איכהדיק.

**אימה** (איימע) ־ אימהדיק, אימהדיקער, אימהפול, אימהלאָז.

**אמת** (עמעס) ־ אמתדיק, אמתער, אמתן.

**אני מאמין** (אני־מאַמין) ־ מ״צ: אַני מאמינס.

**אָסור** (אָסער) ־ אסורדיק, אסרן (אַסערן), געאַסערט.

**אפּטרופּס** (אַפּעטראָפּעס) ־ אפּטרופּסניק, אפּטרופּסניצע, אפּטרופּסדיקייט.

**אוצר, אוצרות** (אוציר, אעויצרעס) ־ אוצרותדיק, אוצרפול.

**אות, אותיות** (אָס, אויסיעס) ־ אותיותלער.

**אתה בחרתנו** (אַטאַ בעכאַרטאַנו) ־ אתה־בחרתנוניק, אתה־בחרתנוניצע, אתה־בחרתנודיקייט.

## — ב —

**באמת** (בעעמעס) ־ באמתדיק, באמתדיקייט.

**ברחן** (באַדכן) ־ ברחנטע, ברחנען, ברחנותשאַפט.

**בדק** (בוידעק זײַן) ־ בדקנען.

**בהדרגה** (בעהאַדראַגע) ־ בהדרגדיק, בהדרגדיקער.

**בהמה, בהמות** (בעהיימע, בעהיימעס) ־ בהמהשע, בהמותדיק.

**בוגד** (בויגעד) ־ בוגדניק, בוגדניצע.

**בולט** (בוילט) ־ בולטער, בולטקייט.

**בזיון, בזיונות** (ביזאיען, ביזוינעס) – בזיונדיק, בזיונישע, בזיונות־פול.
**בחור** (באכער) – בחורל, בחורעץ, בחורטע.
**בטלן** (באטלען) – בטלניק, בטלניצע.
**בטלנות** (באטלאנעס) – בטלנות־שאפט, בטלנותדיק.
**בטוח** (באטואך) – בטוחניק, בטוח־ניצע, בטוחטע.
**בית הקברות** (בייס האקוואָרעס) – בית־הקברותן, בית־הקברותדיק.
**בית־המדרש** (בעסמעדרעש) – בית־המדרשניק, בית־המדרשניצע.
**בכבוד** (בעקאָוועד) – בכבודיק, בכבו־דיקייט.
**בכיון** (בעקיוון) – בכיוונדיק.
**בכור** (בכאר) – בכורטע, בכורניצע, בכורניק.
**בלבול** (בילבל) – בלבלען, בלבולניק, בלבולניצע.
**בן** (בען) – בנאָק (בענאָק).
**בעל־גאוה** (באל־גייווע) – בעל־גאוה־דיק, בעל־גאוהניק, בעל־גאוהניצע.
**בעל־הבית** (באלעבאָס) – בעל־הבית־טע, בעל־הביתל (באלעבעסל), בעל־הביתעווען (באלעבאָטעווען), בעל־הביתישקייט (באלעבאטישקייט).
**בעל־דעה** (באל־דייע) – בעל־דעהניק, בעל־דעהניצע.
**בעל־העזה** (באל־האזע) – בעל־העזה־ניק, בעל־העזהניצע.
**בעל־עברה** (באל־אווירע) – באל־עברהניק, בעל־עברהניצע.
**בעל־עגלה** (באלעגאלע) – בעל־עג־לשע, בעל־עגלותדיקע, בעל־עגלה־ווען.
**בעל־עצה** (באל־אייצע) – בעל־עצה־ניק, בעל־עצהווען (באל־אייצעווען), בעל־עצהן (באל־אייצען).
**בעל־צדקה** (באל־צדאָקע) – בעל־צדקהניק, בעל־צדקהניצע, בעל־צדקהווען.
**בעל־תאוה** (באל־טייווע) – בעל־תאוהען, בעל־תאוהניק. בעל־תא־והניצע.
**בעל־תשובה** (באל־טשווע) – בעל־תשובהניק, בעל־תשובהניצע.
**בעת** (בעייס) – בעתן, בעתנדיק.
**בפירוש** (בעפיירעש) – בפירושדיק, בפירושער.
**בקצור** (בעקיצער) – בקצורדיק,
**בראשית** (ברייشיס) – בראשיתדי־קייט, בראשיתדיקער.
**ברוגז** (ברויגעז) – זיך ברוגזן, ברו־גזער.
**בריה** ((בעריע) – זיך בריהן (זיך בע־ריען), בריהשאפט, בריהטע, גע־בריהט.
**ברכה** (בראָכע) – ברכהדיק, ברכות־פול.
**בר־מצווה** (באר־מיצווע) – בר־מצ־ווהניק.
**בשלמות** (בישליימעס) – בשלמות־דיקייט, בשלמותדיקער.
**בשותפות** (בעשוטפעס) – בשותפות־דיקייט, בשותפותדיקער.
**בתולה** (בסולע) – בסולהדיקייט, בסו־להשאפט, בסולהדיק.
**בתוכם** (בעסויכאָם) – בתוכמדיקער.

## — ג —

**גאוה** (גײַווע) ־ גאוהניק, גאוהניצע, צעגאוהן, (צעגאַיווען).

**גאון** (גאָען) ־ גאוניש (געוויניש), גאונישקייט.

**גאוניות** (געוויניִעס) ־ גאוניתדיקייט, גאונותדיקער.

**גבאי** (גאַבע) ־ גבאיטע, גבאישקייט (גאַבאַיִשקייט).

**גבור** (גיבער) ־ זיך גברן, גבוריש־קייט, גבורטע.

**גבורה** (גווורע) ־ גבורהשאַפט.

**גביר** (גוויר) ־ גבירטע, גבירנטע, גבירישער, גבירישקייט.

**גהינם** (געהענעם) ־ גהינמדיקער, גהימנדיק.

**גוזמא** (גוזמע) ־ גוזמאדיק, גוזמא־ניק, גוזמאנען.

**גוי** (גאָי) ־ גויִיש.

**גורל** (גוירל) ־ גורלדיק, גורלפול.

**גזלן** (גאַזלען) ־ גזלנטע, גזלניש (גאַזלאָניש), באַגזלען, גזלנען.

**גזלה** (גזײלע) ־ גזלהדיק.

**גט** (געט) ־ גטן, אָפּגעטן, צעגטן.

**גלות** (גאָלעס) ־ גלותדיק, גלותן, גלותדיקייט.

**גלח** (גאַלעך) ־ גלחיש (גאַלאָכיש).

**גנב** (גאַנעוו) ־ גנבטע, גנבל, גנב־נען, באַגנבנען. אָפּגנבנען, אנגנב־נען.

**גנבה** (גנייווע) ־ גנבהיש, גנבהדיק, גנבותדיק.

**גן־עדן** (גאַניידן) ־ גן־ענדנדיק, גן־עדנדיקער.

**גסיסה** (גסיסע) ־ גסיסעדיק, גוססן (גויסעסן).

**גשמיות** (גאַשמיעס) ־ גשמיותדיק, גשמיותדיקייט, גשמיותדיקער.

## — ד —

**דבקות** (דווייקעס) ־ דבקותדיק.

**דבר** (דאַבייר — ריידן) ־ דברן, (דאַ־בערן), אָנדברן, זיך צעדאַברן, אָפּ־געדברט, דורכגעדברט

**דבר אחר** (דאָווער־אַכער) ־ דבר־אחרניק, דבר־אחרניצע.

**דורות** (דוירעס) ־ דורותדיקער.

**דין** (דאַיען) ־ דינטע (דאַיענטע).

**דירה** (דירע) ־ דירה־לאָז.

**דרום** (דאָרעם) ־ דרומדיק, דרומדי־קער.

**דרך־ארץ** (דערעכערעץ) ־ דרך־ארצ־דיקייט, דרך־ארצלאָזיקייט.

**דרשן** (דאַרשן) ־ דרשנטע, דרשנען, אָנדרשנען, אָפּדרשנען, זיך פונאַנ־דערדרשנען, צעדרשנען.

## — ה —

**הבדלה** (האַוודאַלע) ־ הבדלהדיק, הבדלותדיקע.

**הבטחה** (האַווטאַכע) ־ הבטחהדיק, הבטחהפּול, הבטחותדיק.

**הבנה** (האַוואַנע — פאַרשטאַנד) ־ באַהבנט (באַהאַוונט).

**הוצאות** (הויצאָעס) ־ הוצאותדיק.

**היזק** (העזעק) ־ היזקדיקער.

**הכנסה** (האַכנאָסע) ־ הכנסהדיק.

**הכנעה** (האַכנאָע) ־ הכנעהדיק, הכנעהדיקער.

**הכשר** (העכשער) ־ הכשרדיק, הכשרן.

**הלוואה** (האַלוואָע) ־ הלוואהניק, הלוואהניצע.

**המצאות** (האַמצאָעס) ־ המצאותן, המצאותדיק.

**המשך** (העמשעך) ־ המשכן, המשכדיק, המשכדיקייט, המשך־פול.

**הנאה** (האַנאָע) ־ הנאהדיקייט, הנאהדיק.

**הסכמה** (האַסקאָמע) ־ הסכמהדיק.

**הספד** (העספּעד) ־ הספדניק, (העספּיידעניק).

**הסתדרות** (הסיטאַדרוט) ־ הסתדרותדיק, הסתדרותניצע, הסתדרות־ישער

**העזה** (האַזע) ־ העזהניק, העזהניצע, העזהדיקער, העזותדיקייט.

**הפקר** (העפקער) ־ הפקרניק, הפקרניצע, הפקרותניק, הפקרותניצע, הפקרותדיקייט.

**הצלחה** (האַצלאָכע) ־ הצלחהדיק, הצלחהדיקייט.

**הרג** (האַרויג) ־ הרגנען, (האַרגענען), צעהרגנען, דערהרגנען, אוועקהרגנען, געהרגעטער, צעהרגטער.

**השגחה** (האַשגאָכע) ־ השגחותן, השגחהניק, השגחהניצע.

**התחיבות** (היסכאַיוועס) ־ התחיבותן, התחיבותדיק.

**התחלות** (האַסכאָלעס) ־ התחלותן, התחלותדיקייט.

**התלהבות** (היסלײַוועס) ־ התלהבותדיק, התלהבותדיקייט.

**התפעלות** (היספּײַלעס) ־ התפעלותדיק, התפעלותדיקייט, התפעלות־פול.

## — ו —

**וכוח** (וויקועך) ־ וכוחניק, וכוחימדיק.

**ותרנות** (וואַטראָנעס) ־ ותרנותדיקייט, ותרנותדיק.

## — ז —

**זווג** (זיווּעג) ־ זווגן, געזווגט.

**זולל וסובא** (זוילעל ווּעסויווּע) ־ זולל וסובאניק.

**זכרונות** (זיכרוינעס) ־ זכרונותדיק.

**זכות אבות** (זכוס אָווּעס) ־ זכות־אבותדיק.

**זמר** (זעמער) ־ זמרל, זמרימלעד, זמאָרימלעד).

**זקנה** (זקיינע) ־ זקנהשאַפט, זקנה־דיק, זקנותדיק.

## — ח —

**חבר** (כאַווער) ־ חברל, חברימלעד (כאַווײרימלעד), חברטע, חברטעס, חברלעד, חבריש, חברדיק, חברען זיך

**חדוה** (כעדווע) ־ חדוהדיק, חדוה־דיקייט, געחדוהט.

**חד־גדיאָ** (כאַד־גאַדיע) ־ חד־גדיען, חד־גדיאָווען, חד־גדיאָס.

**חובות** (כויוועס) ־ חובותדיקע, חו־בותלאָזע, חובותפולע.

**חוזק** (כויזעק) ־ חוזקן, אָפּחוזקן.

**חולה** (כוילע) ־ חולהניק, חולהניצע, חולהדיקער.

**חולה־נופל** (כוילע־נויפל) ־ חולה־נופלדיקער, חולה־נופלדיקע.

**חול־המועד** (כויל האַמויעד) ־ חול־המועדניק, חול־המועדיקער.

**חוצפה** (כוצפע) ־ חוצפהניק, חוצ־פהניצע, חוצפהשאַפט, חוצפהדי־קייט, חוצפהדיקער.

**חושך** (כוישעך) ־ חושכדיק, חושכ־דיקייט (כאַשכעדיקייט), פאַרחוש־כן, אָפּחושכן.

**חזיר** (כאַזער) ־ חזירטע, אַנחזירן, חזיריי.

**חזן** (כאַזן) ־ חזניש, חזנישער.

**חזר** (כאַזער) ־ חזרן (כאַזערן), אי־בערחזרן, אויסחזרן, דורכחזרן, אי־בערחזרונג.

**חזקה** (כאַזאָקע) ־ חזקהדיקע.

**חיוב** (כיִעוו) ־ חיובדיק, חיוב־פול.

**חיה** (כאַיע) ־ חיהשער, חיהשקייט, חיהדיק.

**חיות** (כיִעס) ־ חיותדיק, חיותדי־קייט, חיותן!

**חכמה** (כאָכמע) ־ חכמען זיך, חכ־מהדיק, צעחכמען.

**חלב** (כײלעוו) ־ חלבנע, חלבדיקע.

**חלוץ** (כאַלוץ) ־ חלוצניק, חלוציש.

**חלום** (כאָלעם) ־ חלומען, פאַרחלומ־טער.

**חלוש** (כאַלעש) ־ חלושניק, חלושני־צע, חלשן (כאַלעשן), פאַרחלשן, חלשותדיק.

**חמץ** (כאָמעץ) ־ חמצדיקער.

**חן** (כיין) ־ חנעוודיקייט, חנעוודי־

סער, חנען, חנדלען, חנדל, אומחן, חן־פול, באַחנטקייט, באַחנען.

**חניפה** (כאַניפע) ־ חניפהדיק, חניפהניצע, חניפושניק (כאַנעפּושניק) חנפהנען, חניפהשקייט.

**חסרון** (כעסאָרן) ־ חסרונדיקער, חס־חסרונדיק

**חקירה** (כקירע) ־ חקירהן זיך, חקירותן.

**חקרן** (כאַקרען) ־ חקרען זיך.

**חרוב** (כאַרעוו) ־ חרובדיקער, חרובדיקייט.

**חרבן** (כורבן) ־ חרבנדיקייט, חרבנותדיקייט.

**חרבות** (כורוועס) ־ חרבותדיק.

**חרם** (כיירעם) ־ חרמדיק, חרמותדיק, (כאַראַמעסדיק), חרמס (כיירעמס).

**חשבון** (כעשבן) ־ חשבונען, אויסחשבונען, אפּחשבונען.

**חשיבות** (כשיוועס) ־ חשיבותן, חשיבותדיק, חשיבותדיקייט.

**חשק** (כיישעק) ־ פאַרחשקן, חשקן, חשקדיק, חשקדיקער.

**חתימה** (כסימע) ־ חתמהנען, אונטערחסמהנען.

## — ט —

**טבל** (טאָוויל) ־ טבלען (טויוולען), אפּטבלען.

**טובות** (טויוועס) ־ טובותדיקע, טובות־פולע.

**טמא** (טאַמע) ־ טמאדיק, טמאדיקער.

**טנופת** (טינופעס) ־ טנופתדיקער, טנופעכץ.

**טעות** (טאָעס) ־ טעותן, טעותדיק, טעות־פול, טעות־לאָז.

**טעם** (טאַם) ־ טעם־פול, טעם־לאָז, באַטעמט, באַטעמטקייט.

**טענה** (טײַנע) ־ טענהן, אויסטענהן, אַרײַנטענהן, אײַנטענהן, טענות־פול.

**טרפה** (טרייפע) ־ טרפהער, טרפהניק, טרפהניצע, טרפהניאַקעס.

## — י —

**יאוש** (ייִעש) ־ יאושדיקער, פאַריאושטקייט.

**יבשה** (יאַבאָשע) ־ יבשהדיקער, יבשהדיק.

**ידידות** (יעדידעס) ־ ידידותדיק.

**ידיעה** (יעדיִע) ־ ידיעהלע, ידיעהלעך.

**יובל** (יויוול) ־ יובלען, יובלדיקער, אפּיובלען.

**יום־טוב** (יאָנטעוו) ־ יום־טובדיק, יום־טובדיקייט.

**יון** (יאָוון) ־ יוניש (יעוואַניש), יונישער (יעוואַנישער).

**יורש** (יוירעש) ־ יורשל, יורשטע.

**יחוס** (ייִכעס) ־ יחוסדיקייט, יחסדיקער.

**יחידה** (יעכידע) ־ יחידהדיק.

**יחידה־סגולה** (יעוידע סגולע) ־ יחידה־סגולהניק, יחידה־סגולהניצע, יחידה־סגולהדיק.

**יחסן** (יאַכסן) ־ יחסנטע.

**יכל־יכול** (יאַכויל) ־ יכלן (יאַכלען), געיכולט.

**ים** (יאַם) ־ ימים־ווײַז.

**ימח שמו** (יִמאַך שמוי) ־ ימח־שמוניק, ימח־שמוניצע.

**יניקה** (יעניקע) ־ יניקהדיק.

**יסודות** (יעסוידעס) ־ יסודותדיק, יסודות־לאָז.

**יסורים** (יעסורים) ־ יסורימדיק, יסורים־לאָז.

**יפהפיה** (יעפייפיִע) ־ יפהפהדיקע, (יעפייפעדיקע), יפהפהדיקייט.

**יצר־הרע** (יעיצער־האָרע) ־ יצר־הרע־ניק, יצר־הרעדיקער.

**ירש** (יאָרויש) ־ ירשנען (יאָרשענען), געירשנטע, אָפּירשנען, ירשנטע.

**ירושה** (יערושע) ־ ירושהדיקע, ירושה־לאָז.

**ירא שמים** (יערײ־שאָמאַיִם) ־ ירא־שמימניק, ירא־שמימדיקער.

**ישוב** (יִשעוו) ־ ישובניק, ישובניצע.

**ישוב הדעת** (יִשעוו־האַדאַס) ־ ישוב־הדעתניק, ישוב־הדעתניצע.

**יושר** (יוישער) ־ יושרדיק, יושרדיקייט.

**ישראל** (יִסראָעל) ־ ישראלדיק, ישראליש.

**יתום** (יאָסעם) ־ יתומל, יתומהלע, באַריתומטער.

## — כ —

**כבד פה** (כוואָד פע) ־ כבד־פהניק, כבד־פהניצע.

**כוונות** (קאַוואָנעס) ־ כוונותדיקע, כוונות־פולע, כוונות־לאָזע.

**כזב** (קעזעוו) ־ כזבדיקער, כזבניק.

**כישוף** (קישעף) ־ מ"צ: כישופן, כישוף־מאַכעריִ, פאַרכישופטער, פאַרכישופן, כישופדיקער.

**כלב** (קעלעוו) ־ כלבטע (קלאַווטע), כלבימדיקע (קלאָווימדיקע).

**כל בו** (קאָל בוי) ־ כלבויניק. כלבויניצע.

**כלומר** (קלוימער), ־ כלומרשט, כלומרשטע, מכלומרשטע, אָפּקלומרשטן.

**כלי־זמר** (קלעזמער) ־ כלי־זמריִ, כלי־זמרדיק.

**כמות** (קאָמעס) ־ כמותדיקער.

**כנופיות** (קנופיעס) ־ כנופיות־ווײַז.

**כסדר** (קעסיידער) ־ כסדרדיקער.

**כעס** (קאָס) ־ כעסן זיך, כעסנטע, כעסנדיקער.

**כשר** (קאָשער) ־ כשרע, כשרן, (קאָשערן), אויסכשרן, געכשרט.

**כתב־יד** (קסאַוו־יאַד) ־ מ"צ: כתב־ידן.

## — ל —

**לא עליכם** (לוי אלייכעם) ־ לא עלי־כמדיק.
**לבנה** (לעוואנע) ־ לבנהדיקע (נעכט).
**להבא** (לעהאבע) ־ להבאדיקע.
**להכעיס** (לעהאכעס) ־ צולהכעיסניק, צולהכעיסניצע.
**ליצנות** (לייצאנעס) ־ ליצנותן, ליצנותדיק, ליצנותדיקער, ליצנותדיקייט.
**למדנות** (לאמדאנעס) ־ למדנותדיקער, למדנותדיקייט.
**ל״ו** (לאמעד וואוו) ־ למד־וויניק.
**לעולם** (לעוילאם) ־ לעולמדיקער.
**לפנים** (לעפאנים) ־ לעפנימדיקייט, לפנימדיק.
**ליץ** (לעץ) ־ לציוועז, לצן, געלצט.
**לקח** (לאקויאד) ־ לקחנעז (לאקכע־נעז), אוועקלקחנעז.
**לשון הרע** (לאשון־הארע) ־ לשון־הרע־ניק, לשון־הרעניצע.

## — מ —

**מאוים** (מעויעם) ־ מאוימדיקער, מאוימדיקייט.
**מאוס** (מיעס) ־ מאוסקייט.
**מאכל** (מייכל) ־ מאכלדיקער, מאכל־דיק.
**מגושם** (מעגושעם) ־ מגושמדיקייט, מגושמדיקער.
**מגן־דוד** (מאגן דאוויד) ־ מ״צ: מגן־דודן, מגן־דודל, מגן־דודיקע.
**מדבר** (מידבער) ־ מדברדיקער, מד־ברדיק, מדבריותדיקע, מדבריות־דיקייט.
**מה־יפות** (מאיאפעס) ־ מה־יפותדיק, מה־יפותניק, מה־יפותדיקייט.
**מהלך** (מעהאלעך) ־ מהלכדיקער.
**מוכר־ספרים** (מויכער ספארים) ־ מו־כר־ספרימניק, מוכר־ספרימניצע.
**מומחה** (מומכע) ־ מומחהדיקער, מומחהדיקייט.
**מוסר** (מוסער) ־ מוסרניק.
**מורא** (מוירע) ־ מוראדיקער, מורא־דיקייט.
**מזוזה** (מעזוזע) ־ מזוזהלע, מזוזה־לעך.
**מזיק** (מאזיק) ־ מזיקל, מזיקימלעך, צעמזיקן, צעמזיקטער, מזיקן.
**מזל** (מאזל) ־ מזלדיק, מזלדיקער.
**מזמור** (מיזמער) ־ מ״צ: מזמורס, מזמורן, געמזמורט.
**מזרח** (מיזרעך) ־ מזרחדיקער.
**מזרחי** (מיזראכי) ־ מזרחיסט.
**מחבר** (מעכאבער) ־ מחברטע.
**מהל** (מאהויל) ־ מהלן, (מאלן), גע־מלטער.
**מחותן** (מעכוטן) ־ מחותנסטע, מחו־תנשאפט, מחותנשאפטלעכע.
**מוח** (מויעך) ־ מוחל, זיך מוחן, גע־מוחט, מוחותדיקע.

**מחיה** (מעכאַיע) ־ מחיהדיק, מחיה־דיקער.

**מחלוקת** (מאַכלויקעס) ־ מחלוקת־ניק, מחלוקתניצע, מחלוקתדיקע. מ״צ: מחלוקתן.

**מחנה** (מאַכנע) ־ מחנה־ווײַז.

**מחשבות** (מאַכשאָוועס) ־ מחשבות־דיקיר, מחשבותדיקייט, מחשבותן,

**מיאוס** (מיִעס) ־ מיאוסקייט, מיאוס־דיק, מיאוסער, פֿאַרמיאוסן.

**מידות** (מידעס) ־ מידותדיקער, מי־דות־פֿול.

**מיתה־משונה** (מיסע־מעשונע) ־ מי־תה־משונהדיקער.

**מכשף** (מעכאַשעף) ־ מכשפֿניק, מכ־שפֿניצע, מכשפֿערײַ.

**מכשפֿה** (מעכאַשייפֿע) ־ מכשפֿהדי־קע.

**מלאכה** (מעלאָכע) ־ מלאכהן, אָנגע־מלאכהט, אויסגעמלאכהעט.

**מלוה** (מאַלווע) ־ מלוהניק, מלוהני־צע, מלוהן.

**מלוכה** (מעלוכע) ־ מלוכהשער, מלו־כהשאַפֿט, מלוכהדיקער.

**מלחמה** (מילכאָמע) ־ מלחמהדיקער, פֿאַרמלחמהדיקער, נאָכמלחמהדי־קער, פֿאַר־מלחמה־יאָרן.

**מליץ־יושר** (מייליץ־יוישער) ־ מליץ־יושרדיקער.

**מליצות** (מעליצעס) ־ מליצותדיקער, מליצות־פֿולע.

**מלכות** (מאַלכעס) ־ מלכותדיקייט, מלכותדיקער.

**ממזר** (מאַמזער) ־ ממזרניק, ממזר־ניצע, ממזרימדיקע (מאַמזיירימדי־קע), ממזריש.

**ממשות** (מאַשעס) ־ ממשותדיקייט, ממשות־לאָז, ממשותדיקער.

**ממית** (מיימעס) ־ ממיתן, צעממיתן, צעממיתטער, געממיתטער, געמ־מיתט.

**מנוחה** (מענוכע) ־ מנוחהדיקער, מנו־חהדיקייט.

**מסוגל** (מעסוגל) ־ מסוגלדיקער, מסו־גלדיק.

**מסור** (מאָסער) ־ מסרן (מאַסערן), פֿאַרמסרן, מסורניק, מסורניצע, מסורײַ (מאָסערײַ).

**מסחר** (מיסכער) ־ מסחרן, מסחרדי־קע, פֿאַרמסחרן, געמסחרט.

**מסירה** (מעסירע) ־ מסירהלע.

**מסירת־נפֿש** (מעסיראָס נעפֿעש) ־ מסירת־נפֿשדיקער, מסירת־נפֿשדי־קייט.

**מעוברת** (מעוברעס) ־ מעוברתע, מעוברתדיק.

**מעבֿר־לים** (מעייווער־לעיאַם) ־ מעבֿר לימיקער.

**מפֿונק** (מעפֿונעק) ־ מפֿונקדיקער.

**מפּל** (מאַפּל) ־ מפּלען, מפּלענדיק, גע־מפּלט, מפּלדיק.

**מפֿורסם** (מעפֿורסעם) ־ מפֿורסמדי־קער.

**מציאות** (מעציִעס) ־ מציאותן, מצי־אותדיקע.

**מקום־מנוחה** (מאָקעם־מענוכע) ־ מקום־מנוחהדיק.

**מרגל** (מעראגל) - מרגלען, מרגלדי־קע.
**מרה־שחורה** (מארע־שכוירע) - מרה־שחורהדיקייט, מרה־שחורהדיקער, מרה־שחורהן.
**מרשעת** (מארשאס) - מרשעתטע, מרשעתניצע.
**משגיח** (מאשגיאך) - משגיחטע.
**משוגע** (מעשוגע) - משוגענע, משו־געתן.
**משיח** (מאשיאך) - משיחטע.
**משחת** (מאשכעס) - משחתל, משחת־ניק, משחתניצע, משחתימלעך.
**משכן** (מאשקן) - פארמשכנען, פאר־משכנטער, משכנותדיקע.
**משומד** (מעשומעד) - משומדתטע.
**משפחה** (מישפאכע) - משפחהשאפט, משפחותדיקייט, משפחה־לייט, מש־פחה־קרובהשאפט.
**משפט** (מישפעט) - משפטן, פארמש־פטן, צומשפטן.
**משרת** (מעשארעס) - משרתל, משר־תימלעך, משרתוועז.
**מתיקה** (מעסיקע) - מסיקהדיק, מתי־קותדיקייט.

— נ —

**נאמנות** (נעמאנעס) - נאמנותדיקער, בנאמנותדיקייט.
**נביא** (נאווי) **נביאה** (נעוויע) - נב־אהטעס, נביאותדיקע.
**נבול - פה** (ניוול - פע) נבול - והניק, נבול־פהניצע.
**נבזה** (ניווזע) - נבזהניק, נבזהניצע, נבזהדיקער.
**נבלה** (נעווילע) - נבלהדיקער.
**נגיד, נגידה** (נאגיד, נעגידע) - נגי־דהטע, נגידותטע, נגידימדיקער, נגידותדיקער, נגידותדיקייט, נגי־דהשאפט.
**נגישות** (נעגישעס) - נגישותדיקער.
**נדבן** (נאדוון) - נדבנטע, נדבנען, גע־נדבנט.
**נוטה־למות** (נויטע־לאמוס) - נוטה־למותדיקער.
**נוסח** (נוסעך) - נוסחדיקע, נוסחאות־דיקע.
**גזירות**
**נחת** (נאכעס) - נחתדיק, נחתן, נחת־דיקער.
**ניחא** (ניכע) - נישט־נעחאדיקייט.
**נכפה** (ניכפע) - נכפהדיק, נכפהניק, נכפהניצע.
**נכנע** (ניכנע) - נכנהדיקער.
**נעימו** (נעימעס) - נעימותדיקער, נעימותדיקייט, בנעימותדיק.
**נפש** (נעפעש) - נפשל, נפשטע, נפ־שימלעך (נעפאשימלעך).
**נצחון** (ניצאכן) - נצחונדיקער, נצחו־נותדיקע, נצחונען, גענצחונט.
**נשמה** (נעשאמע) - נשמהדיקער, נש־מהלע, נשמהדיקייט, נשמה־פול, נשמה־לאז.

## — ס —

**סביבות** (סוויוועס) ־ סביבותדיקער.
**סגולות** (סגולעס) ־ סגולותדיקער.
**סדר** (סיידער) ־ סדרן, צפסדרן, דורכ־סדרן (דורכסאַדערן), אויססדרן, (אויססאַדערן), סדרדיקע, סדרדיק.
**סוד** (סאָד) ־ סודען זיך, סודותדיק, סודות־פול.
**סוחר** (סויכער) ־ סוחרטע, סוחריש, (סאַכריש), סוחרישער, סוחרערײַ.
**סידור** (סידער) ־ סידורל, סידורימ־לער.
**סך הכל** (סאַכאַקל) ־ סך הכלען, סך הכלדיקער.

**סכנות** (סאַקאַנעס) ־ סכנותדיק, סכ־נותדיקער, סכנות־פול, סכנה־לאָז.
**סילוק** (סילעק) ־ סילוקן, געסילוק־טער.
**סם** (סאַם) מ״צ: סמען, סמען זיך, פאַרסמען, כמיקער, פאַרסממטער.
**סם המות** (סאַם־האַמאַוועס) ־ סם־המותדיק.
**ספק** (סאַפעק) ־ ספקדיק, געספפקט.
**ספקות** (ספייקיס) ־ ספקותן, ספקות־דיקע, ספקות־פול, ספקות־לאָז.
**ספר תורה** (סייפער טוירע) ־ ספר תורהלע.
**ספרד** (ספאַרד) ־ ספרדישער.

## — ע —

**עבודה זרה** (אַוווידע זאַרע) ־ עבו־דה־זרהניק, עבודה־זרהדיקער.
**עברה** (אַוויירע) ־ עברהלע, עברניק, עברהניצע.
**עובר בטל** (אויווער באָטל) ־ עובר־בטלניק, עובר־בטלניצע, עובר־ב־טלדיקער, עובר־בטלדיקייט.
**עולה** (אַוולע) ־ באַעולהן, באַעולה־טער.
**עולם הזה** (אוילעם־האַזע) ־ עולם־הזהניק, עולם־הזהניצע.
**עוף** (אָף) ־ עופהלע (אויפעלע).
**עזות** (אַזעס) ־ עזותניק, עזותניצע, עזותדיק, עזותדיקער, עזותדיקיים.

**עזות־פנים** (אַזעס־פּאָנעם) ־ עזות־פנימניק, עזות־פנימניצע, עזות־פנימדיקער.
**עלילת דם** (אַלילאָס־דאָם) ־ עלילת־דמניק, עלילת־דמניצע, עלילת־דמי־קער.
**עם הארץ** (אַם־האַאָרעץ, אַמעאָרעץ) ־ ־ עם־ארציש, עם־ארצותניק, עם־ארצותניצע.
**ענו** (אַנאָוו) ־ ענוטע (אַנעוועטע), ענוותדיק (אַניוועסדיק).
**עמך** (אַמכאַ) ־ עמכדיק, עמכדיקער, עמכדיקייט.
**עסק** (אייסעק) ־ זיך עסקן, עסקל, עסקימלער (אייסאַקימלעך).

**עסקן** (אַסקן) - עסקנטע, עסקנען זיך.
**עפּוש** (איפּעש) - עפּושדיקער.
**עצבות** (אַצווּעס) - עצבותדיק, עצ־בותדיקייט.
**עצה** (אייצע) - עצהן זיך, עצותדיקע, גאָעצהט.
**עצם** (עצעם) - עצמדיק.
**עקר** (איקער) - עקרדיק.
**עקשן** (אַקשן) - עקשנטע, פֿאַרעקשנ־טער, איַינגעעקשנט.
**ערב שבת** (ערעוו שאַבעס) - ערב־שבתדיק.
**ערב יום טוב** (ערעוו יאָנטעוו) - ערב יומטובדיק.
**ערל** (אָרעוו) - ערבניק, ערבניצע.
**ערל** (אָרל) - ערלטע, ערלימדיקע, (אַריילימדיקע).
**עושר** (אוישער) - עושרטע.

## — פּ —

**פּאות** (פּייעס) - פּאותן, פּאותדיקער, באַפּאותטע.
**פּגימה** (פּגימע) - פּגימהלע, פּגימה־דיקע, פּגימה־לאַז.
**פּגר** (פּייגער) - פּגרן, פּגרס, גאָפּגרט,
**פּועל** (פּויעל) - פּועלן, גאָפּועלט.
**פּועלי ציון** (פּויאַלע ציאָן) - פּועלי־ציוניסט, פּועלי־ציוניזם, פּועלי־ציוניסטיש.
**פּורעניות** (פּוראַניעס) - פּורעניות־דיקער.
**פּחדן** (פּאַכדן) - פּחדניש, פּחדניש־קייט, פּחדנותדיקייט.
**פּטור** (פּאַטער) - פּטרן (פּאַטערן), צעפּטרן, אָפּפּטרן, פּטרנדיק.
**פּלאי־פּלאים** (פּעלע־פּלאָים) - פּלא־פּלאימדיק.
**פּלוני** (פּלויני) - פּלוניתטע, פּלוניצע.
**פּלפּול** (פּילפּול) - פּלפּולן זיך, פּל־פּולדיקער.
**פּנים** (פּאָנעם) - פּנימל (פּענעמל), אָפּנים, צוויי־פּנימדיקער.
**פּסול** (פּאָסל) - פּסולער, פּסולדיקער, פּסלען (פּאַסלען), פּסולותדיקער (פּסוילעסדיקער).
**פּסח** (פּייסעך) - פּסחדיקער.
**פּסוקים** (פּסוקים) - פּסוקימווייַז.
**פּסק** (פּסאַק) - פּסקנען (פּאַסקענען), גאָפּסקנט.
**פּעולה** (פּעולע) - פּעולהדיק.
**פּקח** (פּיקייעך) - פּקחטע, פּקחניק, פּקחניצע, פּקחותדיק.
**פּרא־אָדם** (פּערע־אדאָם) - פּרא־אדמ־דיקער.
**פּרוש** (פּאָרוש) - פּרושטע, פּרושני־קעס, פּרושניצעס.
**פּרט** (פּראָט) - פּרטימדיק (פּראָטימ־דיק).
**פּריץ** (פּאָרעץ) - פּריצטע, פּריצותדי־קע, פּריציש.

**פּרנסה** (פּאַרנאָסע) ־ פּרנסה־לאָז, פּרנסהדיקע.

**פּשוט** (פּאָשעט) ־ פּשוטקייט, פּשוטמער.

**פּשרה** (פּשאָרע) ־ פּשרהדיק, פּשרה־לאָז.

**פּתחון פּה** (פּיסכוין פּע) ־ פּתחון־פּהניק, פּתחון־פּהניצע.

## — צ —

**צבוע** (צאָוווּאַ) ־ צבועק, צבועטשקע.

**צביעות** (צוויִעס) ־ צביעותדיקייט, צביעותדיקער.

**צדדים** (צדאָדים) ־ צדדימדיקער, צוויי־צדדימדיקער.

**ציון** (ציוין) ציוניסט, ציוניסטקע, ציוניזם.

**צלם** (ציילעם) ־ צלמען זיך, איבערצלמען; מ״צ: צלמים.

**צנועה** (צנוע) ־ צנועהטע, צנועותדיק, צנועותדיקייט.

**צער** (צאַר) ־ צער־פֿול.

**צפון** (צאָפֿן) ־ צפֿונדיקער.

**צרה** (צאָרע) ־ צרהדיק, צרות־פֿול.

## — ק —

**קיבוץ** (קיבעץ) ־ קיבוצז, קיבוצאָרניע, קיבוצעריי.

**קבצן** (קאַבצן) ־ קבצנטע, קבצנסק, (קאַבצאַנסק), קבצנימדיק (קאַבצאָנימדיק), קבצנותריק.

**קברן** (קאַברן) ־ קברנטע.

**קדושה** (קעדושע) ־ קדושהדיקער, קדושה־פֿול, קדושה־לאָז.

**קדחת** (קאַדאָכעס) ־ קדחתדיקער.

**קדיש** (קאַדיש) ־ קדישל, קדישימלעד.

**קהל** (קאָהאָל) ־ קהלשער, קהלן זיך.

**קיום** (קיִעם) ־ קיומדיקער, קיומדיקייט, קיום־לאָז.

**קל־וחומר** (קאַל־וועכוימער) ־ קל־וחומרדיק.

**קללה** (קלאָלע) ־ קללותדיקער, קללותדיקייט.

**קמצן** (קאַמצן) ־ קמצנטע, קמצנותדיק, קמצנותדיקייט.

**קונדס** (קונדעס) ־ קונדסל, קונדסטע, קונדסן, קונדסעוואַטער, קונדסימלעד (קונדייסימלעד).

**קנס** (קנאַס) ־ פֿאַרקנסן, קנסן, קנסנען (קאַנסענען).

**קפּדנות** (קאַפּדאָנעס) ־ קפּדנותדיקער, קפּדנותדיקייט, קפּדנישקייט.

**קצב** (קאַצעוו) ־ קצבטע.

**קצבֿה** (קיצווע) ־ קצבֿהן, קצבֿהדיקע, קצבֿותדיקער.

**קרבנות**(קאָרבאָנעס)־ קרבנותדיקער.

**קרובֿ** (קאָרעוו) ־ קרובֿטע און קרובֿה, קרובֿהשאַפֿט (קרויוועשאַפֿט).

**קרן** (קערען) ־ מ״צ: קרנס.

**קשיא** (קאַשע) ־ קשהדיק, נישקשה, נישקשהדיק, נישקשהדיקער.

— ר —

**ראש־חודש** (ראָש־כוידעש) ־ ראש־חודשדיקער.

**ראשי־תיבות** (ראָשע־טייוועס) ־ ראשי־תיבותן, ראשי־תיבותדיקע.

**רבי** (רעבע) ־ רביצן, רבישע (ראַבעיִשע).

**רב** (ראָוו) ־ רבניש (ראַבאָנישע), רבנישקייט.

**רגזן** (ראַגזן) ־ רגזנטע, רגזנען זיך.

**רגילות** (רעגילעס) ־ רגילותדיק.

**רודף** (רוידעף) ־ רודפן, גערודפטער.

**רודף־שלום** (רוידעף־שאָלעם) ־ רודף־שלומניק, רודף־שלומניצע.

**רוח** (רעוועד) ־ רוחדיקער.

**רוחניות** (רוכניִעס) ־ רוחניעסדיקער.

**רופא** (רופא) ־ רופאן.

**רוצח** (רויצייעך) ־ רוצחטע, רוצחדיקער (ראָצכימדיקער), רוצחן.

**רושם** (רוישעם) ־ רושמדיק, רושמען.

**רחמנות** (ראַכמאָנעס) ־ רחמנותדיקייט, רחמנותדיקער, אומברחמנותדיקייט.

**רחמים** (ראַכמים) ־ רחמימדיקער.

**ריח, ריחות** (רייעך, רייכעס) ־ ריחותדיקער, ריחות־פול, ריחות־לאָז.

**רכילות** (רעכילעס) ־ רכילותניק, רכילותניצע, רכילותן, רכילותדיקער.

**רמזים** (רעמאָזים) ־ רמזימדיקייט, רמזים־פול.

**רעיונות** (ראַיוינעס) ־ רעיונותדיקער. רעיונות־פול.

**רעש** (ראַש) ־ רעשן, רעשיקער, צערעשטער, איבערגערעשטער.

**רציחה** (רעציכע) ־ רציחותדיק, רציחהדיק.

**רשע, רשעים** (ראָשע, רעשאָיִם) ־ רשעטע, רשעימדיקער.

**רשעות** (רישעס) ־ רשעותדיקער, רשעותדיקייט.

— ש —

**שבועות** (שוועוּעס) ־ שבועותדיקער.

**שבחים** (שוואָכים) ־ שבחימדיקייט, שבחים־פול, שבחים־לאָז.

**שבת** (שאַבעס) ־ שבתדיקער, שבת־דיקייט, שבת־יומטובדיקייט.

**שגעון** (שיגאָען) ־ שגעונדיק.

**שד, שדים** (שעד, שיידים) ־ שדל, שדימדיקער.

**שדכן** (שאַדכן) ־ שדכנטע, שדכנען זיך, אויסשדכנען, פאַרשדכנען.

**שוה־בשוה** (שאָווע־בעשאָווע) ־ שוה־בשוהניק.

**שוטה** (שויטע) ־ שוטהוואַטע.

**שוחט** (שויכעט) ־ שוחטקע, שחטן (שעכטן), שחטער, אויסשחטן, שחט־הויז.

**שומר** (שוימער) ־ שומרטע, שומר־שבתניקעס.
**שותף** (שוטעף) ־ שותּפטע, שותּפות־דיקער, שותּפותדיק, שותפותן.
**שחור** (שאָכויר) ־ שחורטע, שחורן (שאָכערן), אויך שחרן (שאָכערן), אָפּשחרן.
**שטות** (שטוס) ־ שטותעריין, שטות־תיקער, שטותיקייטן.
**שטן** (סאָטן) ־ שטנדיק.
**שיר־השירים** (שיר־האַשירים) ־ שיר־השירימדיקער.
**שיר־המעלות** (שיר האַמאַילעס) ־ שיר־המעלותן, שיר־המעלותל.
**שכור** (שיקער) ־ שכורטע, שכורן, אָנשכורן, פאַרשכורן, שכורניקעס, שכורניצעס.
**שבחה** (שוואָכע) ־ שבחהדיק, שב־חהדיקייט.
**שכל** (סייכל) ־ שכלדיק, שכלדיקיים.
**שכל־הישר** (סייכל־האַיאָשער) ־ שכל־הישרדיקייט, שכל־הישרדיק.
**שכן** (שאָכן) ־ שכנטע, שכנהשאַפט, שכנותדיק, שכניש.
**שליח** (שעליַעך) ־ שליחטע.
**שליחות** (שליכעס) ־ שליחותן.
**שלום** (שאָלעם) ־ שלומדיקער.
**שלימות** (שליימעס) ־ שלימותדי־קייט.
**שם** (שעם) ־ שמען, געשמט.
**שם־המפורש** (שעם־האַמעפוירעש) ־ שם־המפורשדיקער.
**שמחה** (סימכע) ־ שמחהלע, צעשמ־חהט, שמחותדיקע.

**שמד** (שמאָד) ־ שמדן זיך, געשמד־טער, שמדניק, שמד־שטיק.
**שמנה־עשרה** (שמוינע־עסרע) ־ שמונה־עשרהדיקער.
**שמעיה** (שמאַיע) ־ שמעיהן, צע־שמעיהטער, געשמעיהט.
**שמץ** (שעמעץ) ־ שמצל, שמצדיקער.
**שנאה** (סינע) ־ שנאהדיק, שנאהדי־קייט, שנאה־לאָז, שנאה־פול.
**שנאת־חנם** (שינאַס־כינעם) ־ שנאת חנמדיק.
**שנוים** (שינויִם) ־ שנוימדיקע.
**שעה** (שאָ) ־ מ"צ: שעהן, שעהנ־ווייז.
**שעת הכושר** (שאַס האַקוישער) ־ שעת הכושרדיק.
**שפע** (שעפע) ־ שפעדיקייט, שפעדי־קער, שפע־פול, שפע־לאָז.
**שקץ, שקצים** (שעקעץ, שקאָצים) ־ שקצרייען (שקאָצערייען), שקצדי־קע, שקצימדיקע, שקצישע (שקאַ־צישע).
**שקר** (שעקער) ־ שקרן, שקרימדיקער (שקאָרימדיקער).
**שרפה** (סריפע) ־ שרפהנען (סאַר־פענען), געשרפהט, פאַרשרפהט.
**שרץ, שרצים** (שערעץ, שראָצים) ־ שרצל, שרצימדיקייט, שרצימדיקע, שרצדיקייט, שרציקער (שראַצי־קער).
**שררה** (סראָרע) ־ שררהטע, שררה־שאַפט, שררותדיקער.
**שתדלן** (שטאַדלען) ־ שתדלנטע, שתדלנען זיך, געשתדלט, שתדל־נותדיק.

— ת —

**תאוה** (טאַיווע) - תאוהן, תאוותדי־קער, תאוהדיקייט.
**תביעות** (טווִיעס) - תביעותן, תבי־עותדיקער, תביעותדיקייט, תבי־עותלאָזיקייט.
**תהו־ובהו** (טויו וואָוואָיו) - תהו־ובהודיקער, תהו־ובהודיקייט.
**תהום** (טעהאָם) - מ״צ: תהומען; תהומישער, תהומיקייט, תהומיש־קייט.
**תוך** (טאָך) - תוכיק, תוכעדיקער, תוכעדיקייט.
**תורה** (טוירע) - תורהלע, תורה־פול, תורה־לאָז.
**תושב** (טוישעוו) - תושבטע.
**תחום** (טכום) - מ״צ: תחומען; תחו־מיקער, תחומעדיקע.
**תחילת** (טכילעס) - תחילתדיקער.
**תחנונים** (טאַכנונים) - תחנונימדי־קער, תחנונים־לאָז, תחנונים־פול.
**תחתון** (טאַכטוין) - תחתונדיקער.
**תימן** (טיימאָן) - תימנער, תימנטע, תימיניש.
**תיכף** (טייקעף) - תיקפדיקער.
**תיכף ומיד** (טייקעף אומעיאָד) - תיכף ומידיקער.
**תכשיט** (טאַכשיט) - תכשיטל, תכ־שיטלעך, תכשיטימלעך, תכשיטע.
**תלמוד** (טאַלמוד) - תלמודישע.
**תם** (טאָם) - תמעוואַטע.
**תמצית** (טאַמצעס) - תמציתדיקער, תמציסדיקייט.
**תענוג** (טײַנעג) - תענוגדיקע.
**תעניתים** (טאַנייסים) - תעניתימ־לעך, תעניתימדיקע, תעניתדיקע.
**תפוצות** (טפוצעס) - תפוצותדיקע.
**תקיף** (טאַקיף) - מ״צ: תקיפים און תקיפע, תקיפטע, תקיפישע, תקי־פותדיקייט.
**תערומות** (טאַרומעס) - תרעומות־דיקער, תרעומותדיקייט, תערומות־פול.
**תשעה באב** (טישע־באָוו) - תשעה־באבדיקער.

ד ר י ט ע ר ט ײ ל

# בײַשפּילן און ליטעראַטור־מוסטערן

(ווי אַזוי — מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, יצחק לייבוש פּרץ, מאָרים ווינטשעווסקי, שלום אַש, אברהם רייזן, זלמן שניאור, יוסף אָפּאַטאָשו, דוויד בערגעלסאָן, חיים נחמן ביאַליק, אברהם ליעסין, יהואש, משה לייב האַלפּערן און ז. ווײַנפּער — באַנוצן די העברעיזמען אין זייערע ווערק.

## באַמערקונג פון מעכאַבער:

אַלע ביישפּילן און ליטעראַטור־מוסטערן, פון די קלאַ־סיקער און פון די אַנדערע שרייבער און דיכטער ווערן דאָ געבראַכט פון אָריגינאַל אַזוי ווי זיי זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון זייערע ווערק, אַ כוץ אייניקע אויסנאַמען, וו דער מעכאַבער האָט — דאָ אָדער דאָרטן — געענדערט אַ וואָרט, קעדיי דער פולער געדאַנק זאָל אינגאַנצן אַרויסגע־בראַכט ווערן, אין אַ צוזאַמענגעפּרעסטן זאַץ.

# געזאַמלטע ווערק פון מענדעלע מוכר ספרים

## (די קליאַטשע; שלמה חיים; ר׳ יודל; די אַלטע מעשה;)

אדרבה, האָט די קליאַטשע געטענהט, זאָגט אַליין, איז דאָס רעכט? איז דאָס שיין?
ס׳איז בא מיר אָפּגעשטאָרבן איטלעכס אבר און באַשלאָגן מיט אַ קאַלטן שווייס.
ער איז געווען אַ גרויסער בעל זכרון, ווו ערגעץ אַ קרעטשמע געפינט זיך.
זיינע חברים האָבן נאָך צו דער בר־מצוה חתונה געהאַט.
בכל תפוצות ישראל, צווישן אַלע יידישע קהילות איז ער געווען באַקאַנט.
זיי זאָגן, אַז דער מענטש איז דער תעל תכלית, דער צימעס פון אַלע באַשעפענישן.
זיי זיינען דאָך אויך בשר ודם, פלייש און בלוט און האָבן אַ רעכט צו לעבן.
איך וויל פאַרדינען מיין ברויט בכבוד און זיין מיט ליטן גליך.
ביידע שווערן בנאמנות, באַם ווייב און קינדער, און גלייבן ניט איינער דעם אַנדערן.
איך האָב געקוקט ווי אַ האָן אין בני־אדם, און ניט געוווּסט וואָס דאָס מיינט.
איר זייט בני רחמנים, ווען אייער רחמנות טויג שוין אַף כפרות.
איך זע ניט די גרויסע גדולה פון אונדזערע יונגע בעלי־ביתלעך.
קיין איין זאַך אין דער גמרא איז נישט שווער און פאַרבאָרגן.
השם יתברך האָט מיט מיר, בעל עברה, געטאָן אַ גרויס גענאָד.
הקליאַטשע הזו, די דאָזיקע קליאַטשע, חשובה לכם, געהערט צו אייך.
דאָס פערדל הלך למיתה, האָט אַ מיתה משונה איינגענומען.
איטלעכער ציט אים צו זיך און זאָגט אים צו הרים וגבעות.
איר זאָלט וויסן זיין, אַז היינטיקע ציטן איז ניט מער הפקר אַ וועלט.
מען נעמט צו דאָס לעבן בא זיי זייער גרינג, מיט גוטע ביקסלעך און גוטע המצאות.
היינטיקס מאָל איז מיר ניט באַשערט געווען הנאה צו האָבן.
איך האָב צונעמאַכט די אויגן און שטילערהייט געזאָגט ווידוי.
זיי זיינען אַף מיר אַרויפגעפאַלן מיט זלזולים און פאַרלוימדונגען.

דאָס איז בײַ אונדז ייִדן אַ זכר נאָך פון מצרים אַן.

זי האָט אַ חשד, אַז איך געהער זיך לחלוטין ניט אָן מיט איר.

דער אַשמדאַי האָט מיר ניט געלאָזט חקירהן, ער האָט מיר נעטראָגן ווי אַ רוח.

פון חודש תשרי הייבט זיך אָן אַ צעטל מיט יום טובים.

ביידע ערשטע טעג פון חודש איז ראש השנה, און דער צענטער טאָג — יום כפור.

אַז קיין טענות העלפן נישט, קיין דרשות טויגן נישט, איז וואָס טוט מען?

ס'איז דאָ האָפענונג אַז דו וועסט נאָך, אם ירצה השם, קומען צום שכל.

דאָס פערדל איז כל ימיו געווען אין שווערער עבודה.

כמה מעלות טובות למקום — וויפיל דאַנק בין איך דעם אייבערשטן שולדיק.

איטלעכער וועט דאָס פאַרשטיין כפי זײַן פאַרשטאַנד און זײַן מדרגה.

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ בינטל כפול־שמונה ציצית און רבינו תם תפילין.

גוטער גאָט, זאָלסט אונדז העלפן פון כל המשחיתים והמקטרגים.

ער האָט זייער אַ שאַרפן כוח הדמיון, אָבער אַ הוילע נאַקעטע נשמה, אָן לייב און אָן לעבן.

דער דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט, אַז איך זאָל למען השם, גיין אַ סך שפּאַ־צירן.

זייער שטאַרקייט און ווילדקייט איז געווען לא בדרך הטבע.

אַזוי ווי פון דער ערד איז די לבנה אַרויסגעשוואומען רויט ווי בלוט.

עס ווערט געזאָגט אַז נבוכדנצר, מלך בבל, איז לסוף ימיו געוואָרן אַ בער.

למאַי מעגן אַנדערע פערד דאָ אַרומגיין אין די גאַסן און איך טאָר ניט?

ער איז געווען אַ מפורסם ובקי אין אַלע וועגן און קענטענישן.

דער מחבר גופא איז אַצינד עפּעס לא עליכמדיק קראַנק.

איך האָב מוחל געווען אַנדערע דאָס רבנות און זיך גענומען צו שטודירן.

ער דערציילט מעשיות פון גבירים, שכורים, גלגולים, מכשפים און מכשפה־טעס.

ער האָט געדאַרפט שלעפּן די משא און טאָן אַלצדינג אין דער בעל־הביתיש־קייט.

פאַרוואָס האָב איך מקריב געווען מײַנע טעג, מײַנע יאָרן, מײַן גאַנץ לעבן?

ער איז געווען אַ קלוגער, אַ געראָטענער, מיט אַלע מעלות, און דאָך אַ שוטה.

ער האָט דערמיט געוואָלט מתקן זײַן די נשמות, וואָס ווערן אין זיי מגולגל.
באַ דיר האָט זיך איבערגעקערט דער מוח, דו ביסט משוגע געוואָרן.
דאָס זײַנען אַזעלכע מעשיות, וואָס זײַנען זיך סומך אַף פאַקטן.
איך האָב אַביסל מפסיק געווען בכדי צו כאַפּן בלויז דעם אָטעם.
מה אנו מה חיינו — וואָס זײַנען מיר מישטיינס געזאָגט, וואָס איז אונדזער לעבן?
איך בין געווען אַ ליגנער, אַ חונף, אַ רכילות־טרײַבער און אַ בילבול־מאַכער.
אַזוי ווי נח איז דורך נסים ניצול געוואָרן פון מבול, אַזוי בין איך ניצול געוואָרן.
האָט די קליאַטשע דען ניט קיין נשמה, אַזוי ווי אַלע שטאָט־בהמות?
דאָ ליגט זי, די נבלה, אַזוי דאַר און מאָגער, בלויז הויט און ביינער.
אַז אַלצדינג איז אין זײַנע הענט, און מען גלייבט אים אַף נאמנות.
נישקשה. דער וואָס לעבט אייביק, וועט שוין דערהערן זײַן תפילה.
ס'האָט אויסגעזען ווי סיתרי־תורה אָדער קבלה, ווערטער מיט פּשטלעך
איך האָב געפונען דעם סוד, וואָס זיי טוען דאָ אַף דעם עולם.
ער פירט אַרום טײַערע סחורה, אָבער עסן עסט ער נעבעך מכות.
אַז איך בין אַרויס פון דער סכנה, האָב איך זיך צוריק געפילט ווי לעבעדיק.
אַף קיין סברה קען מען ניט בויען און מען קען ניט לייגן קיין פונדאַמענט.
איטלעכער איז פאַרשמעיהעט, לויפט אַרום, אַזוי ווי אַף דעם עולם התוהו.
צום לעצט האָט גאָט באַשאַפן דעם מענטשן, וואָס ער הייסט עולם־קטן.
די קליאַטשע איז אפנים מסוגל, מ'זאָל האָבן פון איר זיך צו קראַצן.
ער איז אויסגעשטאַנען פון איר פאַרדראָס, גריזאַטע, ווייטיק און פּרעניות.
ער האָט געליטן פון איר פיל צרות, שרעקלעכע יסורים און עוויים קשים.
זעט איר דען ניט, אַז זי שמעקט מיט קברות־בלעטלעך און מיט צדוק־הדין?
זיי האָבן געפּלוידערט אַף אַלערליי און פאַרמישטע לשונות.
מען זעט אין אים אַ רוח, אַ שטן מקטרג, אַלץ וכדומה מזקים מחבלים.
ס'איז דאָך גלאַט אַ רחמנות צוצוזען אַזאַ ווילדע אַחוריות.
דאָס האָט געהאַט אַ רמז דרמיזה, פון יענע אויסגעטראַכטע המצאות.
ער האָט מיר געבראַכט ראיות פון אַ סך יונגעלײַט פון אונדזער שטעטל.

יראת שמים — איז בא זיי א גוטע קו, וואס גיט א סך מילך.

זיי שווערן זיך מיט טויזנטער שבועות און מיט טויזנטער חרמות.

זיי האבן פארלוירן זייער שכל, זייער הארץ, זייער ווילן, זייער מענטשלעכע בחינה.

ער איז א ייד א שוטה, א ווייסער חברהניק און דערצו נאך א לא יוצלח.

אויב אזוי, קויף איך די קליאטשע זייער גערן, טאקע באלד אן שיהות.

איך, מענדעלע דער תכשיט ביז דער מלך, דער אויבערהאר איבער אלע בהימות...

וואס מער אורחים, פלעגט זי זאגן, אלץ פרייליכער דער שבת.

ער געדענקט נאך דעם טרויער וואס ס'איז געווען, ווען זי איז א כלה גע־ווארן פאר דעם אלמן.

גאט איז אן אל רחום וחנון, אבער דער בשר ודם — מיר זיינען אין גלות.

דער אלף בית חזרט זיך תמיד איבער אף דאס ניי.

ס'איז היינט אחרון של פסח, א שיינער, א ווארעמער וועסנע־טאג.

פאר דער מינדסטער קלייניקייט ווערט ער אנגעצונדן אש להבה.

ער איז פארבליבן אן אלמן האט ער א נדר געטאן צו שטארבן אין ארץ ישראל.

גויט, זאגט מען, ברעכט אייזן, א פשיטא שוין א חרם, מעג מען געווים ברעכן.

אל יאבד ישראל. גאט איז א גוטער, און זיינע יידעלעך וועלן ניט פאר־לוירן גיין.

די בתי מדרשים און ישיבות דינען פאר אכסניות פאר די ארעמע בחורים.

זיי האבן זיך באנוצט מיט זיין בריהשקייט בא איטלעכער געלעגנהייט.

ער האט אין דער בהלה ניט חתונה געהאט, איז פארבליבן אן אלטער בחור.

די בעלי מלאכות זיינען געלעגן אין דער ערד, אזוי ווי די יידן בא אומות עולם.

זיי גייען איבער פון איין גלגול צום אנדערן גלגול ביז זיי ווערן צעפליקט.

ס'איז געבליבן מען זאל גוזר־תענית זיין, זאגן תהילים און רייסן קברים.

ער האט געזוכט פון דעם גיהנום פטור צו ווערן, איז ער נאך מער אריינגע־קראכן.

אלע נעכט איז דאס א קעלעשיקל, הלילה הזה, די נאכט פון פסח, איז עס א כוס.

ער האָט הנאה און מען וואונדערט זיך אויף דער גבורה זײַנער.
דאָס פּערדל פּאַרריכט דעם ווײַדל לכבוד די פּאַרשווינגען המסובין בכאן.
ניט געלעבט האָבן מיר, נאָר היינו כחולמים, מיר האָבן שטענדיק געחלומט.
פון אַ חזירשן עקל, קען מען קיין שטרײַמל ניט מאַכן.
דער זיווג האָט מיט גאָטס הילף טאַקע עולה יפה געווען.
וואָס קריכסטו, עזות־פּנים, אין יענעמס גבול אַרײַן.
ער איז אינגאַנצן אַרײַנגעטאָן מיט גרויס חשק אין דער אכילה.
ער קלײַבט די ווערטער, זעצט זיי ווי פּערל איינס צום אַנדערן, מיט ישוב הדעת.
סײַ דער יצר טוב און סײַ דער יצר הרע זײַנען ניט ווערט קיין דרײַער.
מען גיט אַ לעק פון יענע זאַכן, צו וועלכע דער יצר הרע גיט אונטער חשק.
אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: למען ידעו דורותיכם — זאָלן קינדס־קינדער וויסן.
ס'איז געווען שווער פון אָנהייב, דאָס ווײַטערדיקע איז שוין געגאַנגען ווי אַ מזמור.
ער האַלט אין איין מוסר זאָגן, געבן עצות, פּלפּולן און דערציילן גוזמאות.
איך בין זיך מתוודה פאַר אײַך, רבותי, אַז איך בין באַגאַנגען אַן עבירה.
דאָס האַרץ איז פול מיט אכות און דו שיטסט מיר נאָך זאַלץ אויף די וווּנדן.
מען זאָגט, אַז דער ארון פון מחמדן הענגט צווישן צוויי מאַגנעטן.
אַלע מתים באַקומען דעם טיטול תם וישר, אַ נדיב און חכם.
זיי זײַנען גרויסע מבינים, וואָס פאַרשטייען זיך בלויז אויף דער אכילה.
שאַ! זײַט מוחל, האַלט זיך אײַן אַ ווײַלע און שלאָגט ניט איבער.
מאריך ימים ושנים זאָלט איר זײַן, ווו תורה, דאָרט איז חכמה.
ער איז פון יענע מענטשן, אין וועלכע גאָט האָט אַרײַנגעלייגט אַלע מתנות.
זײַן וואָרט איז ניט אַזוי משונה, ווי בײַ אַנדערע מלמדים.
פון זײַנע מליצהדיקע ברייוולעך, פלעגט מען לעקן די פינגער.
ער האָט מבטל געווען אַלע זאַכן, וואָס זײַנען פּשוט נייטיק אין לעבן.
נחזיר לעניניגו — לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזער פריִערדיקן שמועס.
אַ נחת, אַז אַ רויס געמיט, אַן אַ שטראַל ליכט, טאַ וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס?

דאָס ייִדיש לעבן זעט טאַקע אויס ווי מיט איין נוסח, ווי בײַ די מילבן,
צוויי נביאים, זאָגן אונדזערע חכמים, רײדן ניט איין זאַך מיט איין סטיל.
זײַן נגונדל האָט ממש געריררט, געצופּט בײַ דער נשמה.
דער ספר ווערט מגולגל אין אַ תּחינה, די תּחינה ווערט מגולגל אין אַ קינה,
די פּולע שאַפּעס ביכער זײַנען עדות, אַז דאָ וווינט אַ ייִד אַ תלמיד חכם.
אַ קײַלעכדיק בײַכל, עזות און געלט נעמען צו בײַ די״ר דעם זכרון.
די דאָזיקע וועלט דאָ, איז טאַקע נאָר אַן עולם הדמיון גאָר אינגאַנצן.
די ביימער האָבן געבליט און געבראַכט גוטע פּירות אין דער וועלט.
זי פאַרמאַגט אַ פרום פּנים, מיט דינע ליפּן, אײַנגאַנצן עפּעס אַ רוחניות.
ער האָט געזוכט פון אַ געפּגרט פערד די פּאַדקאַוועס, כאָטש האָבן אַ זכר
פון זײַן גוטס.
ער פלעגט יעדן טאָג לערנען אַ פּרק אָדער צוויי פּרקים משניות.
זאָל איך אַזוי וויסן פון צער און ווייטיק, ווי איך ווייס וואָס ער טינטלט
דאָרטן.
ראשית חכמה איז בײַ אים די מטבע; זי מאַכט אים פאַר אַ גאַנצן יש.
אַך, רבונו של עולם, וויפל חן עס ליגט אין דעם פּסחדיקן פאַרעוועון טאָפּ.
דאָס שרײַבן איז ניט מער ווי אַ שגעון, אַ מין שלאַפּקייט, רחמנא לצלן.
ס'איז מיר אויסגעקומען צו לייגן זיך, שווא ציון, און שטאַרבן פון הונגער.
אַזוי צי אַזוי, דערווײַל איך דאַך שפל, זאָגט דער עולם מיט אַ קרעכץ.
ער האָט די שמד־שטיק אין דער יראה אַרײַנגעלייגט.
ס'איז ווינטער שבת־צונאַכט נאָך דער הבדלה.
אַז דו פאַרשטייסט ניט דעם תּמצית, דעם תּוך פון דער זאַך.
זיי זײַנען פאַראומערט, פאַרזאָרגט, ווי תּשעה באָב צו די קינות.
ער האָט געקענט גאַנץ תּנ״ך מיט דעם תּרגום, כסדר פון אָנהייב ביזן סוף.
די ווײַבער פון תּלמידי חכמים דאַרפן אַוודאי האָבן אַ גרויסן חלק לעולם הבא.
ווען ער הערט דעם נגון — אמר אביי — קומט אים צו נאָך אַ נשמה אַ נײַע.
זי אַן אלמנה, אַן דעם מאַן דעם ליבן, דאָס טעכטערל איז אַ יתומה געבליבן.
איבער ביכער איז ער נאָר געזעסן, אַן אוצר ספרים אויפגעגעסן.
בײַ מיר זײַנען קיין אתא בחרתנוניקעס ניטאָ, נאָר מענטשן זײַנען דאָ.

פון דעם פעקל ווילדע ברואים, איז ער אויסגעשטאנען כלערליי ענויים.
א ייִד, א בעל משפּחה, דאַרף זיך ניט שעמען מיט א מלאכה.
עס האָט בטבע, יודל, גרוים געפיל צו זינגען און צו כלי זמר־שפּיל.
יודל, ביסט געווען און געבליבן א בהמה, דו קענסט ניט קריגן קיין רפואה שלמה.
איך זאָג דיר בפירוש דאָס אפּדאַסניי, לבנה, זון און שטערן גייען אַרום פריי.
עס דאַרף באַם מענטשן גוף און נשמה ניִשט האַלטן צווישן זיך מלחמה.
ער האָט גורם היזק געווען זייער פיל, געמאַכט יד אחת אין דער שטיל.
ער פאַרקאַטשעט גלייך די פּאָלעס און לאָזט זיך גיין אַפריכטן גלות.
כדי אַרויסצוווייזן זיין גבורה וועט ער יענעם שיקן אפילו צו דער קבורה.
צערעמאָניעס פון א פּאָלק און דינים האָבן פיל כוונות אַלערליי מינים.
איבער יעדער זאַך באַ לייטן לאָזן זיך די דעות ביטן.
אין פּאָליטיק, דהיינו דרך ארץ, איז מען מטהר בקיין טעמים א שרץ.
צו האַלטן א מענטשן אַף א דרך, מוז מען טענהן מיט אים יאָרן גאַנצע לערך.
דרשות וועט ער זאָגן, ספרים וועט ער שרייבן, גוט און פרום תמיד בלייבן.
ליבע איז איר איינציק וואָרט, זי דרשנט דאָס אין יעדן אָרט.
אַליין קען ער קיין הא אין סדור ווייזן, און וויל געפינען באַ יענעם גרייזן.
ער טענהט צו גאָט מיט הסברות פון א שטיקעלע אין די גמרות.
ער האָט געמאַכט גאַנץ גרויסע הכנות, געשיקט צו יודלען פיל מתנות.
אין הקדש, וואָס שטייט אַף א הינערש פיסל, איז ניטאָ קיין ליכט און לופט אַביסל.
ווי הימל פון ערד איז ווייט, אַט אַזוי פון חדר איז דאָס לעבן א בייט.
גיי שרייַ חי וקים, אַז ס'איז אומזיסט די גאַנצע טירחה גאָר.
אַרבעטן, לערנען און חסד טאָן — די דריי זאַכן גייען יודלען שטאַרק אָן.
ער טאַנצט שוין מיט חצופות, זינגט א לידל, זיך שוין פאַרגעסן, אַז ער איז רב יודל.
ער פלעגט זיך באַגעגענען מיט חברים גראָבע יונגען, ווילדע חמורים.
איך וויים, וואָס אַזוינס באַטייט לעבן, איך קען דערפון א קלאָרן חשבון געבן.
דער חכם קוקט זייער טיף און ווייט, ער זאָגט א קלוג וואָרט, אין דער ריכטיקער צייט.

זי האָט מיט איר חנדל און מאָדנע עויות, צוגענומען בײַ אים דאָס חיות.
ער איז אין דער וועלט געווען ווי ס׳האָט אַן עק, אַנגעזען כּל־מינים שלעק.
ס׳האָט יודל מיט דעם ווײַב געלעבט שטיל און רויק, כּדת משה וישראל.
יודל האָט געהאַט פון כּל־טוב און אויך אַ גוטן נאָמען אין דער וועלט.
זי האָט אויך געהאַט דעם כּח אַלץ אַרײַנצונעמען צו זיך אין מוח.
די דאָקטוירים זײַנען פון דער כּתה, וואָס לערנען זיך אויף קעץ צו מאַכן אַ שחיטה.
יודל האָט לסוף פאַרלוירן דאָס געלט און ער איז געוואָרן אוים מיוחס בײַ דער וועלט.
לאָזן יודלען רינען דאָס בלוט, דאָס איז דאָך לכל הדעות שטענדיק גוט.
אַז דו ווערסט לא יעלה ולא יבוא מסוכן קראַנק, טוט דאָס קײנעם באַנג.
דאָס, וואָס יודעלע לעבט און איז ניט קיין מת, איז טאַקע אַ גרויסער נס.
יעדער מנהג איז אַ ווײַטער קול, פון דאָס וואָס איז געווען אַמאָל.
פיל מנהגים אין לויף פון יאָרן האָבן זייער טעם פאַרלוירן.
יענעמס מנהג, יענעמס דין. האָט פאַרן צווייטן פאַלק קיין זין.
ווילסט זײַן מיט זיי לײַבלעכע מחותנים, דאַרפסטו זײַן אַן עזות פּנים.
די אייגענע פעלערן זעט ניט קיינער, אויף זיך אַ מבין איז ניט יעדער איינער.
פון מערב ביז מזרח־זײַט, איז זײַן נאָמען געווען גרוים בײַ אַלע לײַט.
ווײַל איז דעם, וועמען ס׳מזל האָט געדינט, ניט אין לעבן געליטן דעם שטור־רעמווינט.
ער באַטראַכט די וועלט, ליגט צו דעם מוח, ער זעט, דאָרט הערשט נאָר כּוח.
פאַלשע פרײַנט מיט מסירות האָבן אונטערגעהעצט, אין תפיסה אים אַרײַנ־געזעצט.
יעדער שכן האָט געוואָלט זען זײַן מפּלה, אָפּשנײַדן אים אַ פאָלע.
מילא, למאַי דאָ פיל צו טענהן, בקיצור, יודל איז ניט מער קיין גוטבאַזיצער.
ס׳וועט זיך נאָך פאַרזאַמלען זײַן משפּחה, מירצה השם, מיט מזל און מיט ברכה.
ער איז געווען אַ משל־זאָגער, אי אַ טרייסטער און אי אַ קלאָגער.
צו פאַרבאַהאַלטן זײַנע פרומע רייד, איז דער משל תמיד זײַן קלייד.
אַז עם ווערט צעריסן די משפּחה, איז ניטאָ מער קיין מזל ברכה.

אף זיך אליין איז ער אזא מבין, פונקט אזוי ווי א חזיר אף הייוון.
בעטן מחילה, שלאגן זיך על חטא — ס'איז ניט מער ווי א פוסטער געוועט.
אז ער איז זתן־כלה משמח, האט דאס ווי פון קינות אזא טעם, אזא ריח.
זיי בלייבן ווי א גוף אן א נשמה לער, געלערנטע האלטן פון זיי ניט מער.
עס ווערט אים שוין נמאוס די שטוב, ס'ציט אים שוין אין טעאטער, אין קלוב.
היינט איז אף נשמות א זול, איר באקומט די סחורה גאנץ ווויל
די ספרים זיינען בייכיקע, פול אנגעשטאפט מיט פשטלעך און קבלה־בלעטלעך.
דו ווערסט אנגעזאגט אין די ספרים, דו זאלסט לעבן פיין און יעדן איינעם
מטיב זיין.
ס'דאכט זיך, אט גייט שוין יודל אויס, ער קריכט אבער פון דער סכנה ארויס.
דער רבי האט יארן מיט יודלען געקנעלט אין חדר און געלערנט מיט א סדר.
אלע דריידלעך, אלע סברות, טויגן כ'לעבן, אף טויזנט כפרות.
אן עבודה אן גייסט איז א צרה — ווי דו וואלסט געדינט אן עבודה זרה.
ס'איז צייט דו זאלסט אוועקווארפן דיין עקשנות, ס'קען חלילה זיין צו שפעט
בנאמנות.
ער האט געלערנט פסוק שארף און קלאר, פון די סדרות ניט פארפעלט א האר.
אין זיין פנים זעט מען פון דער קראנקייט די ריכטיקע סימנים.
איך לייג דיר פאר, ווי אזוי פטור צו ווערן פון דיין צרה, איך גיב דיר א
תשובה א קלארע.
רב יודלס א ווארט איז אזוי ווי א געבאט. מען חלשט פשוט צו הערן דאס.
קינות, תחינות, טרויער־מאטעריאלן, אף צו גיסן טרערן זיינען דא גאנצע
קוואלן.
איך וועל אף קברים זיך אויסשטרעקן, דארט זכות אבות אויפצוועקן.
אלטע באבעס זיינען רופאטעס, פותר חלום זיינען אים מכשפהטעס.
ער האט געהאט א גוטן רבין — ס'ווייב זיינס די חכמה זאל לעבן.
די רופאים נאר פארדרייען אים א מוח, נעמען צו בא אים דעם לעצטן כוח.
פאר שרעק זיינען זיי אנטלאפן ווי די מייז, ווי דער רוח וואלט זיי צוגענומען.
ער לאזט אים בעטן אן ווייטערדיקע שיהות, אהיים צו קומען פון די נסיעות.
שבת יום טוב איז אין הויז פארשטערט, קיין פריילעך קול ווערט ניט געהערט.
זייער ווארט וואס ס'איז ארויס פון מויל, פלעגט דעם שונא טרעפן, ווי א קויל.

ער היילט מיט שמות אַלע ווונדן, מיט די מלאכים איז ער אויסגעבונדן.

ווייניק דיינע שמחות, ווייניק דיינע פריינט, צופיל דיינע קלאָגן, צופיל דיינע פיינט.

אפילו שמחת תורה, אַז יודל צעזינגט זיך, שמעקט דאָס אויך מיט מרה שחורה.

דו קענסט ניט ליב האָבן שונאים אַזוי ווי דיינע פריינט, גוטס טאָן אויך דיינע פיינט.

ס'קומט די באָבע שרה נאָך אַ תחינה און די מוטער רחל וויל אַ קינה.

דעריין באַשטייט די גאַנצע תורה, צו וועלן מאַכן אַן ענדערונג איז אַ זינד, אַ מורא.

וואָס איז גרעסער און מער — תלמוד אָדער מעשה? וועגן דעם שטיי איך און קלער.

די תאוות האָבן זיך געצויגן — ווי די רוחות גיך געפלויגן.

די אבי אבות הטומאָהניקעס זיינען דאָס די עטלעכע בעלי ביתישע קינדער.

ער איז דאָך אַן אפיקורס, און אַנטקעגן אַן אפיקורס מעגן זיי שוין טאָן אַלצ-דינג.

דאָס שטעטל האָט אַן אומגליק געטראָפן, בנימין איז געפאַלן אַ קרבן.

ער איז, ניט פאַר אייך געדאַכט, בדיל הדל געוואָרן — איבער נאַכט.

די גמרא ווייס ער טאַקע אַ מכה, אָבער באַם ווייב איז ער אַ גרויסער למדן.

ער האָט אים באַגזלט, צוגענומען באַ אים אַ חלק כבוד.

באַדאַרף זיך איין מיר אַנטשעפּען עפּעס אַ דיבוק — דער יצר הרע אַליין.

השם יתברך האָט אים געהאָלפן, אים געגעבן ברכה והצלחה.

ווער וועט ענטפערן פאַר די אַלע חטאים, אָפּגעבן דין וחשבון פאַר כל ישראל?

אַ חוץ צרות, קרענקונג, יסורים, וועט דערפון קיין גוטס ניט אַרויסקומען.

ער וויל אַרויסווייזן זיין לומדות און מישט אויס בוידעם מיט פּאָליצע.

אַצינד, אחר למעשה, לאַכן זיי, וואָס פאַראַ נאַראָנים זיי זיינען געווען.

זיי וואַרפן זיך אַהין און אַהער, להבדיל, ווי די פאַרסמטע מייז.

לצים זאָגן, אַז די שדים האָבן דעם רבין אַראָפּגעפירט פון וועג.

ס'איז אַ בייזע מהומה פון נאַט, אויס מענטשלעכקייט, אויס יושר, אויס געצאַר.

אזוי ווי עס שטייט געשריבן, מעשה שהיה, דאס וואס ס'איז געווען הוא שיהיה, דאס וועט זיין.

ווו אמאל איז געווען יושר און רחמנות, שטעקט היינט די גאלדענע מטבע.

מה אנו מה חיינו — וואס משמיינס געזאגט, איז דאס יידיש לעבן אינגאנצן?

איר ווילט עפעס טאן פארן פאלק, מהיכא תיתי, צו וואס אזא געפילדער און געשריי?

באדארף, מעשה שטן, זיך פון דער העלער הויט מאכן א שרפה אין שטעטל.

די מלאכי חבלהס האבן זיך ארייננגעריסן, ברעכן און צעשטערן אלצדינג אומברחמנותדיק.

ער איז מששת ימי בראשית באשאפן געווארן טאקע צו זיין שטענדיק אין גלות.

גיי זיי א נביא און טרעף, וואס כלומרשט ער האט געהאט אין מחשבה.

זיי האבן פארנומען די קלומעקעס, ווייב און קינדער, זיך געלאזט עולה־רגל זיין.

מילא, חווהן האט זיך פארגלוסט עסן פון עץ הדעת, איז אף איר די די עבירה.

אבער צו וואס האט זי נאך געגעבן פון עץ הדעת צו אדמען, אז ער זאל שטארבן?

בא אונדז, יידן, איז ניט אזוי וויכטיק דער פסוק ווי דער דרש.

אין שטעטל ווערט א געפילדער, א געשריי, אוי וויי, די קליפה איז דא.

די קליפה, רחמנא ליצלן, האט בא זיי דעם שכל צוגענומען.

ער האט ניט געמאכט קיין קאנטראקט מיטן רבונו של עולם, אז ער מוז זיין אין גלות.

א ליבע ווארעמקייט צעגיסט זיך מיטאמאל אין אלע זיינע רמח אברים.

רב יעקב פסקנט שוין שאלות און זאגט דעות די דיינים פון שטעטל.

איך בין געבליבן שטיין ווי שבת א ייד, מיט איין פוס אין דעם תחום.

ס'איז אין תוך אריין א לאנגע אלטע מעשה, וואס חזרט זיך איבער אפדאסניי.

ער מאכט זיך תמעוואטע, קלאמפערשט ווי געפגרט, ווייס גארניט.

זיי מישן זיך מיט תקיפות אין שטאט־זאכן, איז אן אומגליק פארן קהל.

וואס וועט דערפון ארויסקומען, וואס דו תנו־ורבנוסט מיר טאג און נאכט.

# געזאַמלטע ווערק פון שלום עליכם

(מאָטל פּייסי דעם חזנס; ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט; בירל אײַזיק)

דאָס לאַנד איז ארץ זבת־חלב־ודבש — מילך און האָניק.
קיין אומה ולשון איז דאָרט ניט אַזוי געהויבן, ווי דער ייִד.
ער קלײַבט זיך אויס אַן אָרט אַפֿן בית עולם בײַם לעבן.
זיי זאָגן זיך אָן איינס דעם אַנדערן אַ גוטע בשורה.
איך בין אַ בעלן געווען אַמאָל זיך אויך דורכצופֿאָרן אין דער „סאַבוויי".
אַלץ איז בײַ זיי בחפֿזונדיק, „האָרי־אַפּ" הייסט דאָס בײַ זיי.
וואָס פֿאַר אַ נאַראָנים, בהמות איך זײַט, אַז איר האָט דאָס פֿאַרשוויגן.
ער איז אַ בן יחיד. איז וואָס האָט ער צו דאַגהן?
ער פּלעגט בלחש דאַווענען מנחה, בײַ דער מזרח־וואַנט.
דער בחור וואָלט וועלן טאָן אַ מער נוצלעכע אַרבעט.
גייט זײַט אַ בריה, אדרבה, און לאַכט ניט פֿון אַזאַ וויץ.
מײַן ברודער איז שוין געוואָרן אַ בר־מצווה, און ער לייגט שוין תּפֿילין.
אַ גרינהאָרן, זאָגן זיי, איז אַ בזיון, נאָך ערגער, ווי צו זײַן אַ גנבֿ.
אַלע זײַנע בעלי חובֿות האָבן אים אָנגעזעצט, האָט ער אויך אָנגעזעצט.
ער איז באַליבט בײַ די בעלי בתּים, און זייער בכּבֿודיק בײַ די קונדן.
ווען ער גייט אײַנמאָנען די בעבור שנודרס, זעט ער זיך מיטן מלאך המות.
מען קען אַ ייִדן דערקענען בעת ער גייט און בעת ער מאַכט מיט די הענט.
אַז מען גנבֿעט אַ בייגל פֿאַר אַ גראָשן — הייסט עס בײַ זיי געגזלט.
ער וויל אַ דין תּורה, זאָגט ער, ער וועט זיך פֿאַרלאָזן ווי אַזוי מען וועט פּסקענען.
ער איז פֿאַרקראָכן העט־העט אין די ווײַטע דרכים.
ווען ער צעזבערט זיך קען מען אים גאָרניט אָפּשטעלן.
ער איז געווען אַ שלעכטער און אַ גרויסער דבר אחר.
דער מענטש האָט געלעבט אין גרויס דחקות און נויט.
אין שטעטל האָט מען געלויבט דעם דיין און זײַן פֿרוי, די דײַנטע.

ער האָט ניט פאַרדינט, אַ וווּ זאָל ער נעמען אַף דירה־געלט?
דאָס הויז־געזינט איז אַ גרויסע און די דירות זײַנען קליינע.
אין די פּראָדוקטן איז דאָ אַ דוחק, ס׳איז זײער שווער צו באַקומען.
דער מענטש האָט ניט קיין דרך־ארץ פאַר קיינעם ניט.
ער האַלט אין איין דרשענען און לאָזט קיינעם אַ מויל ניט עפענען.
ס׳איז אים אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק, דהיינו, אַז די וועלט איז פאַרשווינגן געוואָרן.
פאַל איך אַף אַן המצאה און זאָג איר, קויפט מיר דעם זכר פון די הינער.
מען האָט זיך גענומען די היזקות באַלד צו פאַרריכטן.
פון בײדע זײַטן ליגט דאָס הרחבהדיק, ווײַס־באַשנייט פעלד.
אַן גזירות, אָן פּאָגראָמען, ווײַזט אויס, קענען ייִדן זיך ניט באַגיין.
לויט נאָכן חשבון נאָך, איז אַף דער וועלט דאָ ים צוויי מאָל אַזוי פיל ווי יבשה.
פלוצעם איז מיטאַמאָל אים געוואָרן ניט גוט, אַף צו חלשן.
גײ שרײַ חי־וקיים — אַז מען קען זיך דאָ ניט אַ ריר טאָן.
ווי באַלד ס׳איז שוין חתן־כלה, איז באַדאַרף זײַן אַ חופּה.
ס׳איז געווען אַ טרויעריקע חופּה, אָן כלי־זמר, מיט טרערן אָן אַ שיעור.
זי האָט זיך געמאַכט אַ חתונה אין מאָגן, שיר ניט אַפּגעסמט זיך.
אַז זײ קומען אַהײם פון דער אַרבעט, דערצײלן זײ חדושים ונפלאות.
וואָס איז דער חילוק צי מען קוילעט אַף פּורים, צי פּסח צום סדר.
אין אַמעריקע האָט מען פײַנט אַ באָרד, ערגער ווי מען האָט פײַנט חזיר.
ער האָט אַנטדעקט עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען לויפט קוקן אַף חדושים.
איין חסרון האָט דאָס, וואָס מען דאַרף באַצאָלן, אַף צאָלן — איז ער קיין בעלן ניט.
מען דערצײלט בײַ אונדז אין כתרילעווקע, פון איינעם אַ ייִדן, אַ גרויסן חצוף.
רב שאַיע אַליין האָט געפירט זײַנע חשבונות על פּי זײַן בוכאַלטעריע.
עס איז אַן עברה אײַער טרחה, עס וועט שוין גאָר ניט העלפן.
זי האָט אַ טבע, טאָמער דירסטו אַן איר פּיניען, טוט זיך חושך.
זײ האַלטן פון אַלע ייִדישע יום טובים, בײַ זײ איז גאָר אַ יחוס צו זײַן אַ ייִד.
זי טראָגט אַפן האַלדז אַ ירושהדיק אַלטן, ברוינעם פוקס־קאַלנער.

אז אלע דאַרפֿן אַזוי שווער האָרעווען — וואָ־זשע איז דער יושר?
רב שאַיע איז כל ימיו געווען אַ ייִד אַ בעל הלוואה.
און נאָך כדומה אין אַזעלכע ווילדע חקירות האָבן זיי זיך אַרײַנגעלאָזן.
אַז ער רעדט שטיל, איז שוין אַ כלל אַזאַ, אַז אַזוי בלײַבט עס.
איר קענט באַגעגענען, למשל, סוכות, אַ ייִדן מיט אַ לולב און אתרוג אין האַנט.
ס'איז באַ אים געווען, להבדיל, ווי אין אַ קאַנטאָר אָדער אַ באַנק.
איז ער זיך מיישב און רופֿט זיך אָפּ צום גוי — לאָמר אַזוי צו זאָגן.
מהכא תיתי — פאַרוואָס טאַקע ניט? אַמעריקע איז שוין איינמאָל אַ פֿרײַע מדינה.
ערשט דעמאָלט האָט ער מיר מזכה געווען מיטן שיינעם וואָרט „אָלרייט״.
זיי היטן אָפּ אַלע ייִדישע מנהגים, האָבן ליב ייִדישע מאכלים.
מצות באַקט מען דאָרט אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר. אויך פֿון מרור מאַכן דאָרטן ייִדן אַ לעבן.
זי קוקט אָף אים מיט אַזעלכע אויגן, ווי זי וואָלט אים זאָגן — ביסט אַ ממזר.
אונדז קומט אַ מזל טוב — מיר זײַנען שוין אין אַמעריקע.
די מאַמע שטייט אין איר יום־טובדיקער פּאַטשיילע, מיטן מחזור אין האַנט.
אַפֿילו אַזאַ מרה שחורהניק ווי מײַן ברודער, האָט שוין אויך באַקומען אַן אַנדער פּנים.
איר וועט אונדז רופֿן צוריק, נאָר אַ מכה וועלן מיר צו אײַך קומען.
אַז די מאַמע הייבט אָן צו ריידן, מוז זי אָנהייבן פֿון מה טובה.
דאָס איז אַ משל קעגן אַ טאַרבע פֿלעקער — דערויף איז דאָך דאָס אַמעריקע.
זיי זיצן און קײַען עפּעס — מעלה־גרהן אַזוי ווי אָקסן.
בכלל איז אַמעריקע אַ מדינה, וואָס איז באַשאַפֿן פֿון די קינדערס וועגן.
צו אַזאַ מסחר, דאַרף מען דאָ האָבן אַ מטמון מיט געלט.
אינדערהיים איז ער געווען אַ דאַמסקער שנײַדער, דאָ איז ער אַ מוהל אָף בריתן.
ער שרײַט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן און איז אים מכבד מיטן נאָמען גרינע חיה.
ער האָט די מעלה, וואָס ער שעמט זיך ניט מיט קיין מלאכה, אַבי מאַכן אַ לעבן.

ער איז מיט אַלעמען מרוצה, וואָס יענער זאָל ניט זאָגן, איז גוט.
זאָל ער זײַן אַ גוטער מליץ פאַר מיר, פאַר אײַך און פאַר כל ישראל.
אַ מלך ווערט בירושה. אַ פּרעזידענט — ווערט אויסגעקליבן באַם פאָלק.
איידער מיר קומען אַן אין דער גאָלדענער מדינה, קען מען אונדז נאָך זאָגן — השיבנו — נאַזאַד.
ער האָט געדאַוונט מיטן נוסח, ווי מען זאָגט תהילים.
זעסט, נשמה מײַנע, אָט דאָ וועסטו ליגן און דאָ וועל איך ליגן.
איז דאָס ניט געווען נסים ונפלאות, אַז מיר זײַנען אַרויס לעבעדיקע!
דאָס איז טאָקע געווען אַ נס מן השמים, וואָס מיר זײַנען געבליבן לעבן.
מענדל איז אַזאַ נפש, וואָס ער ווערט ניט נתפּעל פון קיין שום זאַך.
ס׳איז אַ סברה, אַז די הײַזקע פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט עטאַזשן.
ס׳איז ניט געווען קיין סימן פון קיין פערד און פון קיין רעווערענט.
די גאַנצע מעשה קאָסט סך הכל הונדערט דאָלאַר.
דער מערדער איז דאָך סוף כל סוף ניט מער ווי אַ הונט.
קוים מיט סכנות נפשות איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון דאָרט.
אויף יעדן בלעטל איז געשטאַנען די סדרה פון דער וואָך.
ס׳איז געווען אַ ליאַרעם, אַ געשריי, עד לב השמים, צום הימל אַרײַן.
אַז מ׳האָט זיך גוט אויסגעשריגן, האָט ער געבעטן, אַז דער עולם זאָל אַרויס־גיין.
על פּי חקירה, איז פּראָצענט גזלה, און ניט קיין כשרער מסחר.
מען פלעגט זיך פאַר אים באַקלאָגן און זיך האַלטן מיט אים אַן עצה.
די שיף האָט פאַרלאָזן עשרת ימי תשובה, האָבן מיר געפּראַוועט יום כּפּור אויפן שיף.
אַ מענטש אַ בר־דעת גיט זיך אַן עצה אין אַן עת צרה.
מײַן ברודער, אליהו, האָט געדאַוונט פאַרן עמוד און געזאָגט כל נדרי.
ער האַלט פון זיך עולם ומלואו און האָט ליב צו ריידן אויף צו להכעיס.
וואָס זאָגט איר עפּעס אויף זײַן עברי? ס׳איז דאָך גאָר תרגום לשון.
זייער עבודה איז צו טראָגן גרויסע בעקנס מיט כלערליי מינים עסנוואַרג.
אַ רב מוז חאָטש קענען פּסקענען שאלות, אַ חזן — דאַרף קענען זינגען.
ער וואָלט אויך אַ בעלן געווען זיך אײַנשאַפן אַזאַ פּרנסה.

דא איז בא אים פורים אלע טאג — אלע טאג פארדינט ער געלט.

מען דארף ניט הערן קיין גרעסערן פרא־אדם, ווי דו ביסט.

דער וואס פארמאגט ניט קיין הונדערטער, איז טאקע אף גרויסע צרות.

זיי ווייסן אפילו ניט קיין צלם פון אלף, זיי קענען בלויז פרעסן און ריידן. לשון הרע.

קוים מיט צרות, מיט לייד, האט מען דעם בחור געפאקט אין שטעטל.

פון איין זייט איז געשטאנען קבלתי און פון דער צווייטער זייט — נתתי.

מען זאגט, אז שטעט ווערן דארט איינגעזונקען, אזוי ווי קורח.

פונקט אזוי האבן זיך געפילט די יידן נאך קריעת ים־סוף, ווען זיי האבן געזונגען שירה.

ער האט א קול־נגינה, ער קען גאנץ פיין דאווענען פארן עמוד.

א קונה האט דווקא ליב צו קריכן דארט ווו ס'איז ענג.

דאס רוב יידן זיינען דארט אז בערד און אן וואנצעס.

עס גייען נאך דעם טויטן רבנים, חזנים, שמשים און קינדער פון תלמוד תורות.

נאכן ריח קענסטו דערקענען דעם ים און דעם טייך.

אז מ'האט דא דעם יידן ליב, איז דאך ניט שייך.

אין א שיעור קארעטעס פארן דא נאך דער מיטה, די שמשים פוןביידע זייטען, דער בר־מינן — אין מיטן.

דורכגעלאזט שלושים האט זיך זיידל קודם כל גענומען צו די ביכער.

פיניע און אליהו זיינען זעלטן שוה־בשוה, מ'האלט זיך אין איין ארומקריגן.

אז מיר וועלן עלטער ווערן מיט א פאר שעה וועלן מיר קליגער ווערן.

מיר זיינען געווען צעשראקן אזוי ווי די קעלבער, ווען מען פירט צו דער שחיטה.

שלום עליכם הייסט בא זיי — „האו דו יודו", וואס מאכט איר רב קרוב?

א שלים־מזל, ווען ער פאלט אין שניי, טרעפט ער אן פונקט אף א שטיין.

אין אמעריקע א שמש לעבט שענער ווי אין כתרילעווקע — א בעל הבית.

די קאנטאר־געביידע איז תחילת אוונט שוין געווען באלויכטן.

די קינדער פון אלע תלמוד־תורות גייען אף צו פריער.

# געזאַמלטע ווערק פון י. ל. פרץ

(„שטעט און שטעטלעך")

א סך אביונים וואָס גייען אַרום בעטלען, האָבן גאָר פאַרבאָרגענע אוצרות.

עס האָבן זיך פאַרזאַמלט די שטאָטישע אפּוטרופּסים אין קהל־שטיבל.

אַז עס קומט צו אַן אסיפה גדולה, קומען זיך צונויף אַלע פרומע שטריימלעך.

גאָט האָט באַשאַפן אדם הראשון אַ פריַיען פויגל אין גן עדן.

ס'איז אַפילו געווען אַ חשד, אַז די צעטלעך זיַינען אויך געווען פאַלשע.

ער איז געווען אַ בעל־צדקה, אַ פיַינער מענטש, איז קומט אים אַ שיינע לוויה.

מיר באַשעפטיקן זיך ניט מיט ערד־אַרבעט, מ'האָט אונדז בחרפּתנו פון די דערפער געיאָגט.

באשר בכן, דאָרט געפינען זיך אַחוץ ש״ס ופּוסקים, אויך אַנדערע ספרים.

דער רב איז אַ בעל פּחדן, איז קהל שוויַיגט און צאָלט אים ניט קיין שכירות.

די בעלי־ביתישע קינדער האָבן זיך ניט געחברט מיט די קינדער פון בעלי־מלאכות.

מ'האָט זיי פון בית־מדרש אַרויסגעטריבן בשעת קריאת תורה און אויסגע־פּאַטשט.

אַ בהמה שפּאַצירט זיך אַזוי אַפן באַרג און זוכט אַ גרעזל אַף חיונה.

דעם בר־מינן שמיַיסט מען אַף נאָך דער טהרה, אַז ער זאָל אָפּקומען אַף דער וועלט.

ווער ס'איז אַ גביר מקנא די שיינע לוויה, איז קיין גרויסער חכם ניט.

אָדער גויִיש, אָדער לשון קודש. פון יידיש, זאָגן זיי, ווערט קיין זכר ניט בליַיבן.

די גזרה, ווי עס זעט אויס, וועט מען ניט קענען בטל מאַכן.

מען קליַיבט אויס צוויי גבאים — אַ גבאי ראשון און אַ גבאי שני.

עס האָט דער כהן, להכעיס דער תורה, קיין גרושה ניט גענומען.

אַ מענטש באַשטייט פון אַ גוף מיט אַ נשמה, אַז איין טייל פעלט, איז ער אַ האַלבער מענטש.

ער בענטשט גומל, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אַ ייִד, מיט אַ ייִדישער נשמה.

עס וועט זײַן דם ואש ותמרות עשן — א קול־וחומר פון מצרים.
דאָרט וועט דאָס פאַרשוועכט ווערן, דאָ וועט דאָס בלײַבן א דבר שבקדושה.
מען קען א מענטשן דערהרגענען, ניט דווקא מיט א מעסער, נאָר אויך מיט א שלעכט וואָרט.

עס איז לײַכטער צו באַקומען באַד־בעזעמלעך, ווי מען קריגט הושענות.
ער דערציילט דעם עולם זײַנע מעשיות, מיט חסידישער התלהבות.
איך וויל מיך ניט אַרײַנלאָזן אין רעליגיעזע וויכוחים, בפרט אין פילאָזאָפיע.
והא ראיה, מ׳האָט דאָך שוין מאַקע די בתי מדרשים צוריק אויפגעבויט.
אין א וויכוח צווישן מוחות און הערצער, דאַרפן זיך גראָבע הענט ניט מישן.
אים האָט ניט געאַרט, א זכר צי א נקבה — אַלץ איינס אַבי א דאַמסקער שנײַדער.

מיט וואָס איז דעם חוכרס מנקר אַנדערש, ווי די אַנדערע מנקרים?
צי דערפאַר, וואָס דער מנקר טראָגט לענגערע ציצית, באָרד און פאות?
אײדער איך חתמע זיך, מוז איך מוסר און מודה זײַן, אַז איך בין אין ספק.
פון חזירס עק מאַכט מען ניט קיין שטרײַמל. פון חזיר־פלייש צאָלט מען ניט קיין קאַראָבקע.
קהל האָט אײַנגעזען, אַז די חברה ביקור חולים צעפאַלט, צוליב ווייניק הכנסות.
ער איז פול מיט חניפה, רכילות און הכנעה, פאַר די עם־הארצישע בעלי־בתים.
זײַן חטא איז געווען, מ׳האָט בא אים אין וועסטל־קעשענע געפונען א שקל־קוויטאַנציע.
גאַנץ פסח האָט מען קיין שטיקל חמץ פאַר די אויגן ניט געזען אין ערגעץ.
זיי האָבן געלערנט חומש מיט רש״י, עין יעקב און מוסר ספרים.
די ווילדע חיות־רעות אין וואַלד באַהאַלטן זיך אין לעכער און אין היילן.
מען פאַרלירט אין פוילקייט דעם חוש־הריח, ווי דער קראָט אונטער דער ערד — די אויגן.

דאָס האָט פאַרשאַפט א חלול־השם און א גרויסן סקאַנדאַל אין שטעטל.
זיי קומען ניט אַרויס פון די חסידי־אומות העולם, נאָר פון די רשעים.

אַז זי לייענט אַ יִדיש וואָרט, חוץ תחינות און דער צאינה וראינה, טוט זיך חושך.
גאַנצע קהילות קענען, חס וחלילה, נאָך אונטערגיין, און די וועלט חרוב ווערן.
איך קלאַפּ מיך אין האַרצן חטאתי, עויתי, פּשעתי, פאַר מײַן אומוויסנהייט.
אַ טביעות עין, קיין עין־הרע, האָט דער רבי שוין גאָר אַ גוטן.
אַזוי ווי עס שטייט געשריבן — אַ טוב שברופאים לגיהנום, זיי טויגן אַלע אָפּן פײַער.
זיי האָבן באַשלאָסן, אַז ס'זאָל זיין, יחלוקו — זיך צעטיילן, און פּטור אַן עסק.
וואָס עס געפינט זיך אויף דער יבשה, געפינסטו אויך אין ים.
עס וועט זײַן יד־אחת, איין תורה, איין קאַנטשיק, צו אַלע מלמדים.
די יחידי סגולה, די גבאים, כלי קודש, קומען אָן, ווי ווילדע מלאכי־חבלה.
אַז עס קומען די ימים־נוראים, עפענען זיך די טויערן פון הימל.
וועגן יקרות בכלל און וועגן אָרעמעלײַט בפרט, וועגן דעם קלערט מען ניט.
דאָס איז דאָס איינציקע כלי־זיין, וואָס זיי האָבן בײַ אונדז ניט געקענט צו־נעמען.
האָט ער עפּעס אַ כתב מען זאָל וויסן זיין ריכטיקן נאָמען?
אויב כל ישראל חברים שמעקט אײַך אַזוי, טאָ וועד דינט בײַ אײַך?
ער איז אַ גרויסער לץ, אַ חוזק־מאַכער, כדי משמח צו זיין דעם עולם.
ער איז לאָ עליכם, קיין גרויסער למדן, און נאָך דערצו אײַנגעשפּאַרט ווי אַן אָקס.
ער זאָגט, אַז די אָרעמעלײַט, לאָ עליכם, זײַנען געווען גרויסע שכרנים.
קיין גרויסער למדן און ירא שמים איז ער קיינמאָל ניט געווען.
ס'איז גרינג צו זאָגן, לך־לך, פּרובירט איר, אדרבה, גייט אין אַזאַ גוס רעגן.
עס שטייט — לכו והספרנסו זה מזה. — זאָגט טאַקע איינער דעם צווייטן.
איין קשיא פרעגן זיי — מה נשתנה — הײַנט פון נעכטן?
מה נשתנה — דער קהלשער ענין פון אַלע אַנדערע ענינים?
מען האָט גערופן דעם מקובל ניט דעם דאָקטער, אַז ער זאָל געבן די רפואה.
די מלאכי־חבלה זײַנען באַשאַפן געוואָרן ערב שבת, בין השמשות.
ער האָט אין זײַנע יונגע יאָרן געשמט פאַר אַ עלוי און המתמיד.
אַף איר האָט מען שוין לאַנג מוציא שם געווען, אַז זי איז ניט פרום.

זיי גייען איבערקערן די גאַנצע מזינה, מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

ער האָט מורא צו פּסקענען די תורות, איז גייט ער טאַקע אויס פון הונגער.

אַ מלמד וואָס קען דקדוק און חשבון, דאַרף באַקומען אַ בעסערע שטעלע.

מה היום מיומים — וואָס איז היינט אַנדערש — פרעגט דער שמש פאַרוווּנדערט.

ער האָט מחייה געווען אַ מת, כנגד דעם רצון פון דעם רבונו של עולם.

זיי זאָלן טאָן מצוות צדקה ומעשים טובים פאַר ליבשאַפט וועגן.

אַז משיח וועט קומען און די קללה וועט אַראָפּ, וועט אויך אַראָפּ די טומאה.

מהיכא־תיתא, אַ שוחט איז דאָך ניט ערגער פון אַ קצב.

דאָס איז שוין אַן אַלטער מנהג בא ייִדן, צו נעמען אַן אורח אויף שבת.

מען פלעגט זיך פאַרזאַמלען משבת לשבת, און לייענען ייִדישע געשיכטע.

מ׳האָט אים געמסרט און געלאָזט אָפּשיקן אַהיים מיטן עטאַפּ.

מה עשה, וואָס טוט אַ ייִד אַ גביר און דערצו אַ גרויסער חוצפּהניק.

מ׳האָט מלחמה געהאַלטן מיט די אוראַלטע מתנגדישע און חסידישע כלי־זיין.

עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס האָבן פּשוט מורא זייערע צרות צו פאַרגעסן.

זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ מזלדיקער און אַ גוטער שעה.

אַ געוויסן שבת צו מנחה האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ מיאוסע סצענע אין בית המדרש.

מען טאָר ניט מצרף זיין צום מנין מחלל־שבתניקעס, זאָגט דער רבי.

ער איז אַ מדקדק במצוות און איז אַ גרויסער בעל נסיון.

ביסט געקומען, באַבעניו, מיר דיינע מעשיות דערציילן, מוחל דיין טירחה.

אַלטע האָב איך שוין פאַרגעסן, און נייע מעשיות, טראַכט איך דאָך אַליין אויס.

איך בין דיר ניט מקנא, שטענדיק האַלטסטו דעם בעזים אין האַנט.

ער איז זיך מסעסק בצרכי־החיים, מ׳זאָל אים צוטיילן אַ שטיקל עולם־הבא.

ער האָט ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען די קרענק, מיט דער נשמה צוזאַמען.

די שטאָט האָט זיך געכאַפּט און אויף גיך געבראַכט דעם נפטר צו קבר־ישראל.

די נשמה יתרה — די אידעע, דאָס איז דער תוך פון לעבן.

אפילו נשים ותינוקות וועלן אויך שטיין ארום מזבח און גאט בעטן.
ס'האט קיינער פון זיי קיין נחת און קיין צער ניט געהאט.
יעדעס שטעטל האט זיך זיינע נולדים ונפטרים, זיינע בריתן, חתונות און גטן.
ס'איז א סך גלייכער צו ריידן נבול פה, ווי צו ריידן רכילות.
ס'איז געווען א נס בתוך נס, אז די אלמנה איז געבליבן לעבן.
דאס איז געווען דער סכסוך, צווישן די קבצנים מיט דעם בעל־החקירה.
א גוטע אידעע איז א סגולה צו פרנסה, טיילמאל, צו עשירות אפילו.
על פי יושר, ועל פי דין, האב איך זיך גערארפט אונטערשרייבן.
דער ענטפער איז — עבדים הייגו צו די גבירים, צו די גרויסע געלט־בייטלער.
אירע קולות, אירע געוואלדן זיינען געגאנגען עד לב השמים אריין.
דער עיקר איז דעם מוסר וואס מען דארף זיך דערפון ארויסנעמען.
ס'איז א גרויסע עברה, וואס די בעלי־גופים האבן געלאזן דעם דיין אן פרנסה.
דעם גבאי פון שול איז איינגעפאלן עובר צו זיין אפן אלטן מנהג.
דעם ליטוואק לאזט מען ניט צו צו קיין עליה, אפילו שמחת תורה.
ער האט איר איבערגעלאזט אן עגונה, א מעוברתע, אין אכטן חודש.
דאס וועט דיר שוין פירן עד שאול תחתיה אריין.
עם הדומה לחמור. דאס פאלק האלט אין איין שלעפן, ווי אן אייזל.
דער עבריון־בעברית, איז בא זיי געווען טריף, פּונקט ווי חזיר.
צוליב פקוח נפש שטייט געשריבן, מעג מען אפילו מחלל שבת זיין.
ס'איז ווי אין פרק שטייט, אם אין קמח — אין תורה, דו הונגערסט, לערנסטו ניט.
זיי זיינען פשוטע ידן, וואס האבן ניט קיין מחזקות מיט דער קאראבקע.
מען איז געווארן פון זיין טויט, ערשט שפעטער, נאך דער פטירה.
אז פרנסה איז בא אים דא איבערן מויל, טא פארוואס זאל ער זינדיקן?
ער איז געווינט, אז פסח, זמן הרותנו, ווי א מלך אפן הסב־בעט צו עסן.
צדקה האבן זיי געטאן א סך, און זיי האבן אויך געהאט א סך חברות.
זיי גייען אפגעריסן קריעה־בליעה, און כאפן דערביי א ציטער.
ער גיט עצות מיט קמיעות און נעמט מטבעות עד היום הזה.

גאַנצע ייִדישע קהילות זײַנען חרוב ונחרוב געוואָרן.
ס'איז אַד און ווי צום קבצנישן נחת און צו זײַן פרייד.
קבורה־געלט איז קיין גזלה־געלט ניט, אַ מנהג ברעכט אַ דין.
אַז ער גיט שוין אַ קערבל, גיט ער עס מיט קול קולות, להבדיל, די תורה אָפּן בארג סוי.
דער המון שטעלט העכער די קבלה פאַר דער תורה, ווײַל די קבלה איז שווער צו פאַרשטיין.
נאָענטע קהילות האָבן געהאַלטן די אתרוגים און לולבים בשותפות.
אַז דער רבי האָט זיך אַרויסגעצויגן, האָבן זיך אַף זײַן אָרט שדים באַזעצט.
דער מאַרשאַליק האָט שוין אויסגעשאָטן זײַנע גראַמען מיט ראשי תיבות.
די רוצחים, די נפשות־הענדלער, האָבן זי פאַרקויפט אַף זינד.
ער האָט געגעבן אַ שבועה־דאזרייתא, אַז מהיום והלאה, וועט ער דאָס שוין מער ניט טאָן.
עס שטייט געשריבן — שלוחי מצווה אינו נזוקין — צום סוף האָט ער זײַן נאַקן צעבראָכן.
זיי ווערן שותפים אין די פינף לאָוון — וואָס דער בעל עברהניק האָט עובר געווען.
די אָרעמע ייִנגלעך קריגן שמחת תורה אײן עליה אונטער אײן טלית.
מיך אינטערעסירט די שאלות ותשובות וועגן ייִדישע אַרבעטער.
שבת ויום טוב זיצן די חסידים באַ אײן טיש, סוכות אין אײן סוכה.
על פּי שלחן ערוך, איז מען מחויב דורכצוקוקן די קערנדלעך ווייץ אַף פּסח.
איך זאָגט אַז שדכנות איז אַ פּרנסה, מהיכא תיתא, זאָל זײַן שדכנות, אַבי עפּעס.
די תלמוד־תורה־קינדער האָבן נעבעך פּנימער, מן הסתם פון ניט דערעסן.
תוך כדי דבור איז געקומען די הכחשה, איז דער ענין געענדיקט.
זיי האָבן געגעבן תקיעת כף, אַז זיי וועלן קיין מגע־ומשא ניט האָבן מיט זיי.
די תלמידים פון דער תלמוד תורה קענען גאַנץ ווייניק פּסוק.
זיי ריידן זיסע פרומע רייד, ווי עס פּאַסט פאַר תלמידי חכמים.

# געזאמלטע ווערק פון מארים ווינטשעװסקי

## (פאבלען, לידער, פעליעטאנען, אפאריזמען)

מײַן פרײַנט, דו בלאזט אומזיסט זיך אן — האט צו דער שמאטע געזאגט שטילערהייט די יתומה, די קליינע ברעקל שמע. (שיימע).

וויסן מעגסטו — זאגט די שמע — אז איך בין א שטיק פאפיר, וואס שטאמט פון ספרים, וואס ווארפן ליכט אפן זוועד.

די שמאטע האט זיך שטארק פארטראכט, ווײַל דענקען איז ניט איר מלאכה, דו ביסט דאך מיט מיר פון איין משפחה.

דאך ווער ס'האט זיי אפן הינטער־הויף געבראכט, דאס האבן זיי ביידע ניט באטראכט. ס'איז בנאמנות, אףביידן א רחמנות.

א פוקס, א ביטרער קערל און א לץ, האט אין אן אונטערהאלטונג מיט א קאטער, געמאכט אזויפיל חוזק פון די קעץ.

דו לעבסט ניט פון ענגהאפטן רויב אליין, שעמסט זיך ניט צו גנבע־נען, צו חנופהנען, אפילו נאשן איז פאר דיר ניט געמיין.

די וועלט איז פול מיט דעם סארט קאטערס, יחסנים, פוסטע נפשות, וואס קלעטערן אין דער הייך און גייען אוועק מיטן רויך.

איך ווייס דו האסט דעם טײַוולס כוח, קאנסט שלעפן צען מאל אזוי פיל, ווי איך. דערפאר האב איך אף זיך א מוח.

קיין וואונדער ניט, וואס דו לאזט רק אראפ דײַן פערדישן קאפ, דו ביסט געוועזן און בלײַבסט א כלאפ.

אז א,מבאדײַטנדיקע קוקאווקע, מיט א קול פון לעבערלעכע, לאנג־ווײַליקע נאטן, און גאר אינגאנצן ווייניק וואס געראטן — האט מיטאמאל געקראנגן (פאר וועלכע מעשים טובים, צי פאר זכות אבות, דאס ווייס איך ניט אליין) — באם אדלער חן.

אין וואלד האט אויסגעפלאצט א געלעכטער, מאנכע פויגלען האבן פשוט
זיך געזידלט אין פנים, בעת זי האט געלידלט.

דערקלער מיר, ליבער הונט, פארוואס זאלסטו זיך רײַסן, פון זײַנעטוועגן מער
די גאל, ווי די בהמות אין זײַן שטאל.

וואס דארפסטו זײַן אים מער געטרײַ, ווי דער בעל דבר פון סטאדאלע, וואס
עסט פון קארעטע, און ניט ווי דו?

דער הונט, אין א טאָן פון האלב חניפה, האלב ליצנות, געענטפערט האָט — איך שווער דיר, ליבער שוויַין, בא מיַין געזונט, בא מיַין נאמנות, אז דיַין כאראקטער איז פאר אלעמען אומבאגריַיפלעך.

דער דבר אחר הערט אויס, פארדריַיסט דעם שנוק און ענטפערט בלומרשט לאכנדיק דערפון — וואס האט איר במחילה פון א קוק? ווי עקלהאפט עס זאל ניט זיַין, א ציל־באוווסטער שוויַין, איז דאך ניט ווייניקער געמיין, א הונט וואס קען זיך בייגן און פאלן כורעים, פאר אפגעקאר־מעטע חזירים.

די קעניגין, משמעות, האט הנאה צו זען די בלאסע צורה פון א חברה־מאן אזוינעם. זי ענטפערט מיט שטאלץ — איך גיב דיר איבער אלע חיות, בלויז איינעם, דער איינער איז א לייב.

זיַין חוצפה האט דעם שטראם פארדראסן, ער האט זיך צעגאסן און צע־פרעגלט, אז מיַין פוקסל האט זאגאר געשווומען, אבער ניט צום ברעג געקומען.

געוויסע פיאוּקעלער אזעלכע, וועלכע זיַינען שטענדיק בריות און חכמים, בא געפאלענע צו צאפן די דמים.

איך ווייס ניט אף קלאר, צי על פי טיבה אדער ניט, נאר קנאפע צוויי־דריַי טריט פון אלטן, פונעם אויסגעווארצלטן דעמב, איז דערשינען מיט־אמאל א יונגער בוים.

איך זע ניט בנאמנות, ווו זיַין קראפט דער יחוס זיינער שטעקט, זיַינע הויכע, שטאלצע צוויַיגן, וואס פלעגן צו די וואלקנס שטיַיגן.

ווער נאך קען אזוי באשירמען און באשיצן דעם פארבלאנדזשעטן, בעת א רעגן־שטורעם א כעסן, א מחבל, שטראשעט מיט א מבול?

דער בוים איז א צירונג פארן טאל, פאר מענטשן א גן עדן, דאס ווייסן אלע, עס איז איבעריק וועגן דעם צו ריידן.

די בהמות הערן מיט התלהבות, בעת דער הויך־געערטער אייזל רעדט פלא־פלאים. כ'לעבן, א טשיקאווע׳ס.

בראווא — הירזשענען די פערד. בעת א יונגע קליאטשע, שטארק סענטימענ־טאל, פילט מיט איר ענטוזיאזם אן דעם שטאל.

צווישן יום־טובדיקע מאסן אין די אויסגעפוצטע גאסן, דו אליין אן שכל, אן טאלאנט, איז דיַין גדלות ווי א שאטן אף דער וואנט.

די קעץ, די פאַלשע ברואים, וואָס טוען אונדז אַן אַלערליי עינוים, אַליין כסדר נאַשנדיק בשתיקה אַלץ וואָס אַ מויל קען ריידן.

אַליין גנבים, וואָס קריגן נאָך דערבײַ געצאָלט, מיט אַ פולער האַנט אַ געבנ־דיקע, און מען האָט דערצו זיי נאָך האָלט.

מה נאמר ומה נדבר — זאָגט דער הונט, איך פיל דײַן ווייטיק, זע דײַן וווּנד, עס טוט מיר אמת לייד, דאָך, וואָס העלפֿן די רייד?

אַזוי, משמעות,, פירט זיך שוין די וועלט, לגבי די, וואָס גנבענען דרײַ פּרוטות געלט, גערעכטיקייט איז ווייניק פאַראַן — פאַר אַ מויז, ווי פאַר אַ מאַן.

אין ערגעץ אַ מדינה, אין וועלכער איז אַ קליינע נפקא מינה, איז אַמאָל פאַר־צײַטן, געקומען צו פאָרן אַ מענטש פון ווײַטן.

אַ פוקס איז אַ כימרע חיה, מיט אַ קעפּל מיט פול פּולווער אַזוי ווי אַ פּיס־טאָנקע און שפּיציק ווי אַ קרעפּל.

ס'איז אַ נפשל מיט שכל פון אַ יינגל, נאָר מיט אַ גלאַטן, שאַרפן צינגל.

אַ שטייגער ווי אַ קרעמער, וואָס וויל געפינען קונים פאַר זײַן סחורה, האָט ער גענומען האַלטן בשתיקה דרשות — אַנטקעגן איינעמס תורה.

צו ווײַזן, אַז ס'איז ניטאָ קיין ממשות אין אַלע לערן פון דעם אַלטן, איז איידער ער האָט דאָס געקענט ווײַזן, האָט ער גענומען זוכן גרײַזן.

אַן טענות, אַן מענות, אַן פּאַרדראָס, איז באַלד געפּאַסט געוואָרן אַ באַשלוס, דעם פוקס אַליין פאַר אַ בעל עצה האָבן.

פאַרגעסן האָט משמעות, על פּי טעות, זײַן פעדער־מעסערל, אויף אַ טיש אין קיך דער בעל־הביתל.

וואָס פאַר אַ קאָפּ דער בעל הבית מוז האָבן — צו לאָזן מיך אין קיך, דאָ לעבן דיך.

דו ביסט, ס'איז אמת, מער געשליפֿן. אָבער וויפל דו זאָלסט זיך ניט בלאָזן, ביסטו, ברודער, שטאַרק צעלאָזן.

ועל כולם, פרײַנט, בין איך אַ קרוב פון דעם אַסער און דעם רודער. אין וואַסער און אויף דער ערד — בעת דו ביסט אַ ברודער פון מערדערישן שווערד.

עס האָט זיך יעדער זײַן שגעון, דער גרויסער קינסטלער און דער גאון. פרײַ זײַנען אויך דערפון ניט חיות.

אַנשטאָט צו פּשטלען פּשטלעך אַלערליי, וויל איך דאָ אַ מעשהלע דערציילן און ברענגען ראיות.

געוועז איז א מאל א לייב, וואס האט ווי פילע מענטשלעכע מלאכים, פראסט און פשוט גערעדט פון רציחה און פון רויב.

געפרעגט א קשיה האט אים דאס העזל — צי דאס איז אמת, אז שטארקע לייבן אנטלויפן אפט, דערהערנדיק א האן קרייען.

עס לאזט זיך אזא מעשה גלייבן — דער העלפאנט, א חיה ניט אבי וועד, גילט ווי א חכם ניט פון היינט. — איז שטארק און גרוים אן א ברעג — און ער ווערט א צעהיצטער פאר שרעק.

עס בעט זיך ניט קיין פיל פארשטאנד, אום ניט צו קריכן אין סכנות, ווי ארעמע קרבנות, דארף מען די אויגן האלטן אפן.

עס זיינען דא מענטשן אזוי דום און שוואך, אז זיי אין נעץ קריגן, באדארף מען ניט קיין מי א סך.

א פוקס, א הונגעריקער, א בלאסער, זעט ווי עס שטיפן די פיש אין וואסער, איז א בעלן צו פארשטיין אף קלאר — וואס איז דער גרונט פון דער מהומה? סיידן דאס איז סתם א שטיפעריי, און מיט אמאל — ווערט ער געוואר.

געווען געפארן זיינען דא אין טייך און אף דער יבשה, ווו מיר שטארבן איינס־צוויי־דריי, מחשבותן גאנץ נישקשה.

דו ווייסט ניט, פוקס, חצוף, אז איך געהער צום העכסטן אדל? איך קום פון א משפחה חיות אן פורכט און טאדל.

איך שטאם, בקיצור, פון פלינקן טיגער, וואס קען פארצוקן א רינד, איך בין דעם לעמפערטס שוועסטערקינד.

דו מעגסט, ווער ווייס ווי הויך בלאזן דיין רויך, און שפייען פייער, דו בלייבסט א נאריש מאשין, אן שכל, אן בארעכענונג און זין.

כל זמן מען גייט ניט אף גלייכע, גלאטע ליניעס, איז קוים ערגעץ־ווו נאר קרום, — קוליעט איר זיך אום.

אז מען טוט דיר אן א כאמעט אפן האלדז, אין מויל א צוים, ניט מאכנדיק קיין שאלות, איז וואס טויגן אלע דיינע מעלות?

א בייזער הונט קען בטבע ניט זיין שטיל, ער האסט אי יונג, אי אלט — אין מענטשלעכער געשטאלט.

איך געפין ניט קיין שום זין, אין מיילן־לאנגע דרשות אן א קץ, וואס האט קיין נוץ און אן א צוועק.

איצט, ווייסט איר דאָך מסתמא, ווען איינעם קריכן די געדערים פון לײַב, טרינקט מען נאָך דערצו זײַן בלוט — ווי אַף דעם, וואָס ליגט אין דער אדמה.

עס זײַנען דאָ מענטשן וואָס האָבן ליב צו צאַפּן דחיס טראַפּנווײַז, אָן רחמנות, און שטעלן יענעמס לעבן אין סכנות.

עס איז לײַכט מקבל צו זײַן אַזאַ מין אַרט, אויב דורך אַ צופאַל, ער ווערט לער. אים אויסצופילן, זעסטו, דאָס איז שווער.

אַ וואָרצל, ווען ער דאַרט און אויסגעטריקנט ווערט, טיף אין דער ערד, ווערט שנעל אַ תל פון בוים מיט זײַנע צווײַגן.

יום־טובדיק, פאַרפּוצט, איז גריכנלאַנדס אַלטע שטאָט אַטען — אומעטום איז פּראַכט פּאַראַן און גלאַנץ. פרויען־שיינקייט, מענער־קראַפט, יוגנט־פרישקייט — פול מיט לעבנס־זאַפט.

אַ פּראָסטער אייזל איז דער טרעגער פון אַפּאָלאָס באַגער, דעם חמורס פּנים שטראַלט, בעת פיל טויזנטער אַטעניאַנער — זעט פון ביידן זײַטן וועג, בייגנדיק פאַר אים די קעפּ.

נדי דער עניו זאָל דיר ווערן קלאָר, הייליק איז אַפילו ניט די באַן, אויך גאָטס סטאַטוע איז אַ הוילער גולם — אויסער דורך דעם גײַסט, וואָס זי שטעלט פאַר.

דער מאָן האָט זײַן יוגנטפרײַנט אַ ברכה געגעבן — זיך צו האָדעווען און צו געדײַען. — צו האָבן נחת און פון בייז זיך באַפרײַען.

פירן אַ מלחמה און פון די וועלף נעמען נקמה — דאַרף יעדער אָן טענות און אָן תענות. אַזוי דאַרף זײַן דער באַשלוס, אָן פאַרדרוס.

אַלע גרויסע חיות האָבן אַזאַ שוואַכקייט, מײַן ליבער יונג. איצט פאַרשטיי איך, שרײַט אויס דער האָז, און דערלאַנגט אַ שפרונג.

עס זײַנען דאָ מענטשן וואָס גלייבן אין כוח פון געזעץ, אַזוי ווײַט — אַרויס־קומען קענען, זײַנען זיי ניט געשײַט.

דער חושך איז דעם רויבערס פרײַנט, די זון האָט ער פײַנט. ער זאָגט דאָס אָפן. ער וואַרט ביז זי דערוואַכט און גייט שלאָפן.

פון איר זומערס שווערע האָרעוואַניע, לעבט דער מילב ווינטער־צײַט, אָן אַרבעט, ווי אַן אורח אין אכסניה. אָט דאָס איז דער באַדײַט.

לידער פון בשמים, פון בלעטער פון דופט, לידער פון ליבלעכע פרויען־גע־

שטאלטן — בלייבן בא מיר, ווי דער קול, וועלכער רופט, דארטן ווו באאס און עקדעשן שאלטן.

מיין מוזע זוכט קיין טשין, קיין אפים ניט, זי בליקט ניט הויך, ניט וויט — זי זינגט קיין שום מה־יפית ניט פאר איינפלוסרייכע לייט.

איך ברענג דערפאר מיין ליבע ניט פאר קלינגערס אפן גאס — איך זינג דערפאר קיין שירה ניט על מנת לקבל פרס.

איך ליב די פאעזיע פון זיג און קריג, בא שטרייטנדיקע נשמות, ניט די פאעזיע פון קריג אן זיג אין בלוטיקע מלחמות.

די חבל־לידה־פאעזיע, געבענטשט פון פרייהייטס מיליאנען — ניט די חבלי־לידה־פאעזיע געפלוכט פון אשמדאיס לעגיאנען.

איך ליב די אלטע פאעזיע, וואס רוט אין טויזנטער ביכער־קברים — דורך איר לעב איך, און מיר לעבט זי, זי זעט זיך אן א פעדער־שטריך, אן גלאקן־קלאנג דערהערט זי זיך.

אן תקיעות, תרועות, שברים. איך ריטם שטאמט ניט פון קיין הענט, מיין דופק גיט איר דעם אקצענט.

מיר פעלט די חריפות און שנארערשע חניפות, די דריידלעך, די קונציקע רייד — די אויגן צו גלאצן באם טיש פ.ן א קאצן, דערצו בין איך וויניק געשייט.

איך בעט ניט קיין שלישי, קיין מפטיר, קיין שישי, איך וויל ניט אין מזרח־וואנט שטיין —

אף נארישער גאווה בין איך קיין בעל־תאווה, מיין שטאלץ איז מיין האנט־ווערק אליין.

איך בעט ניט נדבות פון וועגן זכות אבות, פארהארעוועז וויל איך מיין ברויט.

פון ארבעט נאר רייד איך, איך וויל ניט גיין ליידיק — באפרייט מיך דורך ארבעט פון נויט.

דער מאן האט די שכירות גענומען, ווען שבת איז ענדלעך געקומען.
זיי זיינען אוועק אין שענק, וועלכער איז א גן עדן פאר מענטשן וואס זיצן אן פריידן.

איצט גייען זיי ביידע באטרונקען, דורך דלות אין שכרות פארזונקען.
איך ליגט און חלומט, שלאפנדיק, פון יענער וועלט. און ווייטיק ליגט איר האפנדיק צו קריגן וואס אייך פעלט.

מען ברענגט אײַך אום, בהמהלעך, מען מאכט פון אײַך א תל און אײַערע יתומהלעך ווי אײַך — שינדט מען די פעל.

ווי איינער, וואס וואנדלט אין עולם־התהו און נאר מקנא די, וואס זיי איז גוט.

וואס וויל פון אלץ מאכן א תהו־ובהו און וויל זיך נאר באדן אין מענטש־לעכן בלוט.

מײַן כוח, מײַן מוח, מײַן גוף, מײַן נשמה, פארדינגט איך, פארקויף איך דעם גביר —

איצט פרעגט איר, אין וואס באשטייט מײַן נחמה, וואס בלײַבט דאכט זיך איבער פאר מיר?

צו מײַן פאלק, וואלסט מיט דײַן בשורה א וועלט באזעלט, וואס ווארט — גרייט צום קאמף מיט ריזן־גבורה, מיט דיר אלס אוואנגארד.

כ'האב געשווירן א הייליקע שבועה, צו קעמפן פאר א ווארהייט און רעכט, כל זמן דער מענטש וועט פארבלײַבן אין קייט — די וועלט, זי וועט זײַן אן אסטראג.

כל זמן דעם ארבעטסמאן וועלן באגלייטן דער חושך, דאס אומגליק, דער קלאג.

אין זיך טראג איך מײַן טעמפל מיט, מײַן ברוסט איז זײַן מזבח — קיין אויל פעלט אין מײַן לעמפל ניט — דעם קטורת פעלט קיין ריח.

מיט ליכט קארג מײַן מנורה ניט פאר ליבלעכע נפשות. ניין, כ'האב פאר דיר קיין מורא ניט — ליב־לעבנס בין השמשות.

איך וויל מײַן חלק עולם הבא און אויך מײַן עולם הזה האבן. איך וויל א ברייטן ברוך הבא — ווי פאר א רב, ווי פאר א גבאי און אויך א שיינע קבורה האבן.

מײַן פארציע וויל איך פון לויתן, מײַן גאנצן חלק שור הבר, און לעב איך, וויל איך מיר א חתון זײַן — שמחת תורה יעדן יאר.

איך שטעל ניט א האנט אוים נאך ליבע און האב ניט קיין מורא פאר האס — דאך מאכט פון לעבן די שנאה א גיפטיקן, העלישן שפאס.

עס קומט מבקר חולה זײַן מײַן קראנק הארץ דער קאפ — ער ברענגט א שארף אויג מיט זיך, אן אויג א מיקראסקאפ.

גערן וואלט איך, ווי שלמה המלך געלעבט, ווי משה רבינו — געשטארבן.

מײַן לעבן אין הונדערטער לעבנס פּאַרוועבט — דעם טויט דורך אַ
קוש מיר דערוואַרבן.

גרעסער פון משה רבינו האַלט איך אים משהן, דעם פעלקער־דערלייזער. ער
שטייט קעגן פּרעהן און פּרעהלעך — אים שרעקט ניט יעהאָוואַ, דער
בייזער.

וואַלט איך, ווי שלמה, פיליבכט ניט געלעבט, געשטאָרבן וואַלט איך שוין
ווי משה, איך וואַלט צו אַ קוש פון די ליפּן געשטערבט, געשטערבט —
ניט גראָד פון דער שכינה הקדושה.

מיר טרעפן זיך ווידער, מיר קומען צונויף און גלײַך לאָזט אַ שופר־משה זיך
הערן — ניטאָ מער קיין גיהנום, אוים חורבן.

עס שטייט אויף אין זומער־טאָל מײַן הר־הזיתים: מײַן האַרץ שטייט אויף
תחית המתים.

ווידער אַמאָל איז זי שבעה געזעסן, מײַן אָרעמע ליבע אין האַרצן בײַ מיר;
ווידער אַמאָל האָט זי קריעה געריסן — נאָך האָפענונגען שטראַליקע,
איצט בלײַבט ווי דאָס פּאַפּיר.

אונטערן הימל־געוועב, אין דער נאַכט, אַן עדות די בלייכע לבנה — קושן
הייסע האָב איך אַפּט געבראַכט מיט לײַדנשאַפט פאַר אַ מתנה.

איך זיפּ דורך די אַש, דורך די פינגער פון האַנט, די אַש פון מײַן שריפה
בײַם כותל מערבי. און זיפּץ מיטן זיפּץ פון ירמיהו הנביא.

גרוי פון מדבר אַהער בלאָזט אַ קעלט; אַ מזרח־ווינט זעט אַן אומפּרײַנט־
לעכער, פּײַכטער. איך טו ווידער אַ זיפּץ און ס'ווערט אַלץ ניט לײַכטער.

פּלוצלינג דערשפּיר איך אַ פּערל אין האַנט, אַ פּערל פון יאָר אין חורבן
באַהאַלטן — אַ זכר למקדש, פונעם גלאַנץ פון דעם אַלטן.

עס וואַנדלען פּאַרבלאָנדזשעטע, יונגע נשמות אין עולם התהו ארום, פאַר־
גליווערטע זעלן, אָן ליבע, אָן שנאה, — ניט זינדיק, ניט גוט און ניט
פרום.

זיי קומען פון כסא הכבוד, ווי אַלע נשמות ארוים. זיי האָבן אַמאָל זיך מיט
כרובים מלאכים געחברט — אין געמלעכן שוים.

זיי האָבן געשפּילט מיט פּמליא של מעלה און הינטערן פּרגוד געבליקט, אָפּט־
מאָל דעם טעם פאַרזוכט פון גן עדן — מיט הימלישע פּרוכט זיך גע־
קוויקט.

היינט וואַנדלען פּאַרבלאָנדזשעט די יונגע נשמות: ניט זיי גייען אַראָפּ, ניט

ארויף; זיי קענען נים ווערן קיין געטער געשטאלטן — און האסן דעם מענטשלעכן גוף.

מיט די שטערן שמועסט ירושלים! שטילע נאכט, דא אין שלאף־געמאך, דאס פענצטערל איז אפן און דער קעניג־זינגער — מיד פון שונאים־יאגד, איז זיך איינגעשלאפן.

אים, דעם אומבאזיגבארן, האט דער שלאף באזיגט, האט רעיונות פון מלחמות, פון געבעט צעמישט אים. ס'האט אים צעטומלט, די מזמורים, די נגונים און ער ליגט, ווי אן עופהלע פארוויגט — ווייס נים פון קיין פלשתים.

עס לעבט אין פאלק דער שיר, ווען ס'שטארבט ירושלים, דורך הונדערטער דורות, אין צרות און אין גליק וועקט און טרייסט דער מזמור, און הילכט אפ צוריק — דוויד חי וקים!

ערגעץ־ווו געפינט זיך עד היום יענע וואנט, אף איר די הארף מיט אירע סטרונעס; אשור, פלשתים, לאנג שוין האט פארפלייצט זיי דער שטראם און מיט זיי פארטראגן אין תהום — געטער און אמונות.

זאג מיר פריינט, ווען ס'קומט די נאכט און דו ביסט ביחידות, שטיל און פינצטער איז ארום און דאס הארץ דיינס — קראנק און מיד איז, און שטום.

ס'שטעלט די מרה שחורה זיך אוועק בא דיר צוקאפנס, ס'פערלען קאלט אף דיין געזיכט פון יאוש שוויים די טראפנס.

ס'גלאצט מיט פוסטע אויגן־לעכער דער טויט פון אלע עקן. ס'בלאנדזשעט דיין נשמה דורך א מדבר פול מיט שרעקן.

דו ביסט נים א פאלק דורך די הייל פון מכפלה, דער כותל מערבי, דעם חורבן, דעם טויט.

קיין שכינה אין טרויער, קיין אנדער אבלה, קיין ירמיהוס קלאג, מאכט די בלאסקייט נים רויט.

דו פלאנצסטביימער אין יעטוועדער גארטן, אין יעטוועדן קלימאט. איטלע־כער בוים איז טיף איינגעווארצלט, ווו לאנג שוין פארגעסן איז בבל, איז רוים.

דו לעבסט און דו ליידסט, דו געפינסט די רפואה פון גלעד אין זיך, אומעטום ווו דו ביסט.

דו לעבסט אין בן־אמוצעס צוקונפט נבואה פון דורות, וואס קומען מיט יובל באגריסט.

איר ארעמע הארץ איז א תפיסה, אין וועלכער אין קייטן געשמידט, גייט אוים אין לאנגזאמער גסיסה אין ליבע פון וועכטער געהיט.

א פסולע ליבע, א טריפה, וואס האט אז א ברכה געברענט, געפלאקערט צום סוף ווי א שרפה — מיט האס פאר באשרענקונג פון וועלט.

א ליבע אן חופה, אן רינגען, פון וועלכער די צניעות אנטלויפט; וואס דינגט ניט און לאזט זיך ניט דינגען — און קויפט ניט און ווערט ניט פאר־קויפט.

א, ליבע אן שרעק פאר ריכטער, אן חרפה פאר לייטן, פאר גאט — וואס וויל ניט און קען ניט זיין ניכטער און לאכט פון דעם אפלאכערס שפאט.

זי לאכט פון קברנים און טרונעס, פון תליות, פון שטריק; זי צעדריבלט די שטריק און מאכט סטרונעס און שפילט אף זיי גיהנום־מוזיק...

אנטקעגן דעם וואס מען זאגט — יציאת הנפש. — האט שוין ווער געזען ווי די נשמה איז אויסגעגאנגען? איך ניט. איך האב געזען מענטשן, וואס זיי איז אויסגעגאנגען די נשמה פון קאפ, פאר א גראשן פון הונגער.

אויסגיין קען מען אף פארשיידענע אופנים, אפילו שמונה עשרה. מענטשן גייען אויך אוים פון די כוחות.

איך האב אמאל אנגעגריפן איינעם, וואס איך האב געהאלטן פאר א בהמה, האט זיך ארויסגעוויזן אז ער איז א דבר אחר.

מען זאגט, יענער איז א גנב, א ווייסל פון אויג. — האט ווער א ווייסל פון אויג געזען גנבענעודיק?

די שייכות פון א ווייסל פון אויג מיט א גנב, איז פונקט ווי די שייכות פון א פאטש צו גוט שבת.

גלייבט ניט די טרערן פון א יונגן יורש, ווען איר זעט אים אף דער לוויה פון זיין רייכן פאטער.

גלייבט ניט די שבועה פון א קרעמער, די ערלעכקייט פון דיפלאמאט, די צניעות פון א יונגע, קעניגלעכע אלמנה.

איך וואלט וועלן דערלעבן די צייט, ווען רייכע לייט וועלן קריגן צו ווי־סן, וואס א תענית אן צוביסן האט צו באדייטן.

מיר דוכט זיך, אז די מכה חושך און המנס זון דלפון זיינען געבליבן ביז היינטיקן טאג אין דער וועלט.

דער גנב גנבעט אין די עשרת ימי תשובה ניט ווייניקער ווי אין די איבער־ריקע דריי הונדערט און עטלעכע און פופציק טעג פון יאר.

עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלן דורך די שפינען פטור ווערן פון די פליגן. און א בעזים וועט פארניכטן די שפינען.

די מערסטע פון די יידישע דיכטער דאגהן ווייניק וועגן דעם זין פון זייערע שירים — זיי האבן ליב נאכצוטאנצן אנדערע.

דער דיכטער פון שיר־השירים איז געווארן דער מחבר פון קהלת — בא מיר איז די מעשה פארקערט.

אמאל האבן מענטשן — ארעמע מענטשן — געלעבט אין הייזער אן פענצ־טער, און מיט מוחות אן פענצטער.

אין די הייזער און אין די מוחות איז געווען פינצטער, און דער חושך איז געווען א נאטירלעכער. היינט האט יעדער ארעמאן א פענצטער אין זיין חדר און א שול אין דער קינדהייט.

אבער דאס ליכט וואס קומט אריין דורכן פענצטער ווייזט אים נאר זיין דלות.

דאס ליכט, וואס קומט אריין דורכן פענצטער פון זיין מוח, ווייזט אים נאר זיין אומוויסנקייט.

עס איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס יידן זיינען גריסערע בעלי חשבונות, ווי אנדערע פעלקער.

פרומע יידן ציילן ספירה צווישן פסח און שבועות, מלקות — ערב יום כפור, די מכות צום סדר און המנס קינדער אין דער מגילה.

זיי ציילן די ווערטער אין דער תורה און די אותיות אין די ווערטער, און מאכן גרויסע און קליינע פרטים אפן יאר.

זיי ציילן שבת די סעודות, צום סדר די מצות, ציילן אפילו די קדושות, וואס זיי הערן — וויפיל מאל זיי שפרינגען קדוש.

יעדער חדר־יינגל ווייס פון די פינף חומשים, די פינף מגילות, די צוועלף קליינע נביאים, פון דווידס אכצן ווייבער און פון שלמה המלכס טויזנט ווייבער.

בא געוויסע שרייבער איז רעכט און כשר מקריב צו זיין אומשולדיקע עפהלעך אף דעם מזבח פון עגל הזהב.

שלמה המלך האָט געמוזט זײַן אַ גרויסער נאַר, איידער ער איז געוואָרן אַ גרויסער חכם. ווען ער איז געווען אַ קהלת, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז יוסיף דעה יוסיף מכאוב, וואָס מער מען ווייס, קרענקט אַלץ מער דאָס האַרץ.

פאַר געלט קען אַ רײַכער זון קריגן פון אַ מגיד אַ פּײַערדיקן הספד אויף אַ טאַטן, וועלכער האָט פון גאַנצער ייִדישקייט נאָר אָפּגעהיט די דרײַ מצוות — גוט עסן ערב יום כּפּור, ניט לייגן קיין תּפֿילין תּשעה באָב, און ניט לייענען קיין קריאת שמע די ערשטע סדר־נאַכט.

פאַר געלט קען אַ רײַכער עם הארץ קריגן אַ ווינקעלע אין דער גרעסטער צײַ־טונג, און אַ רײַכע פרוי קען קריגן אַ פּרומאַק, וואָס זאָל פּסקענען שאלות וועגן כּשר און טריף.

פאַר געלט קען מען חתונה האָבן מיט אַ רײַכע כּלה, אום צו לעבן מיט אַנ־דערע פרויען — אלמנות אָדער גרושות.

פאַר געלט קען מען זיך אײַנקויפן אין פאַרשיידענע חברות און דערפון האָבן קדחות מיט אַ ביסעלע כּבוד.

קינדער, פרויען און פעלקער קען מען נאַרן אין פיל פּרטים, אָבער ניט אין ליבע. — פאַר געלט קען מען קיין ליבע ניט קויפן.

מ'דאַרף זען ווי מען איז נושא־פּנים אַלטע אביונים און צדקה־חברות, ווי מען פלאַנצט תּורה אין דעם היגן הקדש.

מ'דאַרף זען ווי דאָקטוירים באַהאַנדלען קראַנקע אין בקור חולים און ווי מגידים גנבענען דרשות.

מ'דאַרף זען ווי פרומע ייִדן בלײַבן שולדיק געלט פאַר קדושה און פאַרטוען דאָס אין טומאה.

מ'דאַרף דרוקן שריפטן אויף גרויסע אותיות מיט נקודות, בכּדי אַפילו חזנים און שוחטים זאָלן קענען פאַרשטיין די לשון־קודשדיקע ווערטער.

די נפקא מינה צווישן אַ דיפּלאָמאַט און אַזוי אַ ליגנער, צווישן אַ פּריידיקער און זאָגער איז, ווי אַ נאָס און אַ ווײַבערשע תּחינה.

מיר וואָלט זיך וועלן הערן און זען דעם גערודער, וואָס וועט ווערן אין אַלע ארבע־כּנפות הארץ, נאָך מײַן טויט.

לאָמיך אײַך, אגב אורחא, זאָגן, אַז איך בין די ווערעם ניט מקנא זייער מאָלצײַט, וואָס זיי וועלן פון מײַן גוף האָבן.

ווער עס האָט ניט קיין כּוח צו לײַדן, דער האָט ניט קיין רעכט צו ליבן.

איך פלעג הנאה האבן צו זען קלוגע קינדער. הגם, זייערע קשיות האב איך פון אייביק אן פיינט געהאט.

פאעטן, ווילדע און קינדער זאגן דעם אמת — צי איך געפעלט זייער זאגעבעץ צי ניט.

איז דאס ניט אידיאטסטווע צו האלטן געפוצט די קברים אפן בית עולם פאר די טויטע, און פארשמוצט די קבריס אין שטאט — פאר די לעבעדיקע?

איז דאס ניט אידיאטסטווע אנצופילן די קעפ פון די קינדער מיט „בילדונג" און די קעפ פון די דערוואקסענע — מיט דאגות.

עס איז זיכער אידיאטסטווע צו מאכן ביקסן און הארמאטן און צו היטן דעם שלום אף דער וועלט.

עס איז זיכער אידיאטסטווע צו מאכן די מאשין פאר א בעל שכל און דעם בעל שכל פאר א מאשין.

ווען היינט דרייט דער מוח בא אייניקע וועגן מאות חטים, מצה־שמורה און בדיקות־חמץ — טראכט איך גאר וועגן תליות, רחמנא ליצלן.

איך טראכט אז דער גאז מיטן שמעק־טאבאק ווערן ביסלעכווייז אזעלכע מחותנים, אז מ׳וואלט מיינען, אז א נאז האט קיין אנדערע עובדה ניט, ווי צו שמעקן טאבאק.

איר מעגט זיך פארליבן אין א בתולה, אן אלמנה אדער אין א גרושה, אבער איר טארט ניט אפלאזן דעם שידוך.

איר מעגט שטארבן א מיתה־משונה, אבער איר טארט ניט באגראבן ווערן אן א „דזשורי" פון צוועלף בעלי בתים.

איר מעגט לעבן מיט א ווייב, ווי א קאץ מיט א מויז, אבער איר טארט זיך ניט גטן מיט איר אן א פרעמדער ליבע.

מ׳דארף מעגן אויסדריקן די געדאנקען פון אונדזער מוח, מ׳דארף מעגן אלץ טאן, כל זמן מיר שטערן ניט איינער דעם אנדערן.

דער וואס שניידט פון זיין אייגענער זריעה און ברענגט די גארבן אין שייער אריין, איז בעסער ווי דער וואס עסט פון אלעם פארטיקן.

דער ענגלישער קוינפרינץ עפנט א הקדש פאר די, וואס ער העלפט מאכן ארעם און ער האלט א דרשה.

א קריגס־מיניסטער, וואס טויג צו קיין אנדער זאך ניט ווי מלחמה, האלט אלע ווייַלע א דרשה וועגן שלום.

א פינאַנץ־מיניסטער, וואָס קען אַז זײַן סעקרעטאַר קיין שווערן כּפּל ניט באַ־רעכענען, פאַרט אָרום און דרשנט: אָ! די פאַרפלוכטע ריידער.

די גריכישע מעשׂיות זײַנען ניט ווי די מעשׂיות, וועלכע מיר האָבן געהערט פונעם רבין אין חדר.

די מעשׂה איז זייער אַ שיינע, ווען איר באַטראַכט איר אַלס פאַבל, אין איר ליגט אַ גרויסער מוסר־השׂכּל.

דער אומגליק איז, וואָס די מעשׂה וויל, אַז מען זאָל איר גלייבן באמונה שלמה, און איך זע ניט איין, ווי דאָס איז מעגלעך.

עס איז ליבער צו לעבן פון אייגענער פּראַצע אַ,ן שוויים, ליבער צו שטאַרבן זאַגאַר איידער צו בלײַבן כּשרע בהמהלעך.

אַזוי באַלד, ווי זי איז געוואָרן אַ גביאָטע, אַ פּראָפּעטין — האָט זי אים געוויזן דאָס, וואָס מען עסט חמשה עשׂר בשבט — אַ פײַג אונטערן נאָז.

נעכטן האָט מען מקבר געווען מײַנעם אַן אַלטן פרײַנט און איך בין ניט געגאַנגען צו דער לוויה, מחמת דער פרײַנט מײַנער האָט געענדיקט זייער מיאוס.

מיט יאָרן צוריק איז געווען אַ יונגערמאַן מיט שׂכל, מיט ליבע פאַר אמת און יושר, און מיט מוט פאַר זיי צו קעמפן.

איך האָב אים מתרה ומודיע געווען, אַז ער קריכט אין אַ בלאָטע. — פון אַ זומפּ קען קיין גוטע פרוכט ניט אויסוואַקסן.

דער סוף איז געווען, זיי האָבן אים פאַרדאַרבן און פאַרשמירט. נעכטן האָט מען אים מקבר געווען אונטער אַ חופּה אין אַ קירך.

אַ פוקס דאַרף שטענדיק וויסן ווי צו חנופהנען דעם לייב, אַ מלך, וואָס איז אַ חיה רעה, לעבט אַליין אויך אין הוילע ציטערניש.

בארמהאַרציקער גאָט, זע האָב רחמנות אויף די רײַכע לײַט — די אָרעמע לײַט וועלן זיך שוין אַליין העלפן...

די קאָמערציעלע צײַטונגען לעבן פון שרײַען און געוואַלדעווען, ווי אַמאָל די מקוננות די קלאָגערנס פון מצרים.

דער היגער מלאך המוות איז ניט קיין בית דין־שמש, ער וואַרט ניט ביז וואַ־נען איר וועט אויסנוצן אַלע באַבסקע רפואות, סגולות און מיטלען.

דאָ לעבט מען אַן אַן אַפּשטעל, מען שטאַרבט אָן ווידוי. און אַפילו דער מלאך דומה, חתמעט זיך גלײַך אונטער און אַ סוף.

דאָרט גייט מען זיך גלאָסן אין שול, און מען געפינט צייט פאַר לאַנגע והוא־רחומס און פאַר אַ פּרק משניות נאָכן דאַווענען.

אַן היימישער מלמד איז נאָר אַ מקרא־דרדקי דורכן זמן, בין הזמנים הייבט ער זיך אויף פון בענקל, און ווערט אַ שדכן.

ווען אַ מענטש לאָזט זיך מיטאָמאָל אַוועק אין מרחקים, אין לענדער מעבר ליַם, הערט איר בייזע צינגער גראָגערן.

עס זיַינען דאָ וויַיבער וואָס זיַינען מענער. און די מענער, ענטוועדער אַלטע וויַיבער, אָדער ווילדע רויב־חיות.

דאָ איז דער סוחר אַ קאָמפּמענטש און דער געלערנטער אַ סוחר — אין וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע.

דער פּלאַנעט „מאַרס", וואָס איז באַ די גויים געווען דער גאָט פון מילחמה איז באַ אונדז ייִדן, דער מלאך פון מחלוקת.

דאָס לעבן ווערט אָפּגעלעבט, ווי אַ קאַפּיטל תהילים ווערט אָפּגעזאָגט, ווי גלות ווערט אָפּגעריכט.

מענטשן וויינען ווי די חיות אין נחס תיבה, ווי די יסורים אין די הערצער, ווו דאָס לעבן גייט אַוועק מיטן רויך.

מען האָט אַ סך רחמנות אויף די טויטע, און אַביסל רחמנות אויף די לעבעדיקע, וואָס זיי איז ערגער ווי דער טויט.

איך קען אַ משולח באַ וועמען מען האָט געפונען דאָס גאַנצע ארץ־ישראל־געלט אין זיַין תפילין־זעקל, און די תפילין אונטערן בעט.

הלוואַי וואָלט איך אַנדערש געווען, וואָלט איך ניט געהאַט אַ שם פאַר אַ מטורף און וואָלט אויך איצט געהאַט אַ פעטערן עלטער.

נאָר אַ ייִד ווייס פון אַן עקסטרע חודש, צו לייגן תפילין, פון אַן עקסטרע מפטיר צו זיבן פרשות, און אַן עקסטרע מקרא — אַ צוגאָב פון תרגום צו יעדער סדרה.

וואָס אַ ייִד קען זיך פאַרגינען, דאָס קען זיך אַ גוי, להבדיל, גאָר ניט פאָרשטעלן.

אַ ייִד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטרע נשמה אויף שבת, הגם דער גוף זיַינער איז ניט שטאַרק גענוג איַינצוהאַלטן אפילו איינע.

אַ ייִד קען זיך פאַרגינען אַ עקסטרען משיח (בן יוסף) צו געהרגעט ווערן פאַר דער גאולה.

א ייִד קען זיך פאַרגינען צו האָבן אַן עקסטרע שמחת תורה, נאָך אַן אַכט־טאָגיקן סכות.

נאָר אַ ייִד קען האָבן אַן עקסטרען שמש צו חנוכה ליכטלעך, אַזוי ווי דער ריח־ניחוח פון די אַנדערע ליכטלעך וואָלט ניט געווען גענוג.

נאָר אַ ייִד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטרע יקום־פורקן, ווען מען פאַרשטייט קוים דעם ערשטן.

ווען איר מערקט, אַז אין אײַער האַרצן הייבט אָן אָפּצושטאַרבן די אמונה אין אַ פרײַערע מענטשהייט, איז אַ סימן אַז איר ווערט שוין אַלט.

דעמאָלט מעגט איר נעמען זאָגן ווידוי מיט אײַער מענטשלעכקייט און אָנהייבן נייען פאַר זיך תכריכים.

איך וואָלט וועלן האָבן כאָטש אַ זיסן חלום, כל זמן חלומות זײַנען נאָך פרײַ פון צענזור.

די קינסטלער וואָס מאָלן י,נגע מלאכים, דעם גאָט פון ליבע, די כרובים — ווייסן וואָס זיי טוען.

איך שטיי מיטן רוקן צום לוסט־גאָרטן און מיטן פּנים צום בית־עולם און זע ניט קיין אַנדערע בלומען חוץ די, וואָס וואַקסן אויף קברים.

מ'האָט אָנגעזאָגט — לא תרצח און מען האָט ניט געוואָלט וויסן פון דער שרעקלעכער מאַכט, וועלכע די מערדער באַזיצן.

מ'האָט געזאָגט — לא תגנב און מ'האָט פאַרגעסן, אַז אַ געזעלשאַפט געבויט אויף גנבה קען מען ניט אויף אייַנמאָל איבערמאַכן.

פון אייביק אָן האָב איך ליב געהאַט דעם מילכיקן יום טוב שבועות, הגם איך בין אויף מילכיקס ניט קיין גרויסער בעלן.

דער נײַער נביא זייערער, דעם אייבערשטנס בן יחיד, האָט פון אַ פּעקל בייזע חלומות געמאַכט די נײַסטע תורה.

ס'איז גוט וואָס פון בולבעס און טאַבאַק האָבן אַפילו די חכמים אונדזערע ניט געוווּסט. שטעלט זיך פאַר וואָס פאַרא מסכתא טיטון, וואָס פאַרא פרק בולבע, מיר וואָלטן דאָס אַביסל געהאַט.

בשעת דער רבונו של עולם האָט „געפּעדלט" מיט דער תורה, איז חוץ ישראליק, האָט יעדעס פאָלק געענטפערט — ניין!

איך בין הײַנט מער צורודערט, מער פאַר ערב פסח, מער צוקאָכט, ווי עס וואָלט געווען אַ חסיד, וואָס פאָרט צום ערשטן מאָל צום רבין.

וויסן און וועלן וויסן, — איז א גרויסע זאך — אפילו דער חכם פון דער מה נשתנה, איז אויך א חכם, ווייל ער פרעגט קשיות.

ניט וועגן מצה מרור שאר ירקות, נאר קשיות אן א שיעור, קשיות א גאנץ יאר דארף מען פרעגן.

דער וועלן וויסן, איז פונקט וווּ עס ענדיקט זיך די בהמה, און עס פאנגט זיך אן דער מענטש.

דער ספקא מינה צווישן א פלוניתטע און א ווייב איז ניט גרעסער ווי צווישן די ערשטע און צווייטע טעג יום טוב.

די אייביק מענטשלעכע דומהייט איז ווי א שפיגל, וועלכער קען אייך ניט חנופהנען, ער ווייזט אייער פנים מיט אלע זיינע רונצלען.

די אלטע פילאזאפן — דעמאקריטאס און הערקליטאס, שטויסן זיך איינער דעם אנדערן אין ברוסט, ווי עשו און יעקב אין רבקהס לייב.

דער שיינער נארציסוס איז געווען אזוי פארליבט אין זיין אייגענעם פנים, אז ער איז אויסגעגאנגען פון ליבע.

איך קען א יונגנמאן, וואס האט זיך זאגאר געשמדט כדי צו פרובירן זען, צי ער וועט דאס קענען פועלן בא זיך.

אינעם רבס הארצן האב איך געזען, א צונויפגעקארטשעטע נשמה, וועלכע האט אים געהאלטן ווי א בייזע שלאנג.

איך בין גאר איינגאנצן פארקראכן אינעם אלף השישי אריין, פרעהס חלום, מיין חלום, אליץ אוועק אין עולם התהו.

עס זיינען דא חלומות, וועלכע ווערן געלייענט שנים מקרא, ואחד תרגום — וועלכע ווערן געלערנט און איבערגעלערנט.

א חלום צו א חלום איז ניט גלייך — אפילו א חלום הענגט אפ פון מזל, און ווי אזוי זיי זיינען געבוירן געווארן.

א חלום דארף מען דערציילן גלאט און סקלאדנע. אז אייך זאל זיך חלומען, אז עס חלומט זיך גאר ניט.

עס זיינען דא מענטשן, וועלכע מען געדענקט אן מצבות, און אן יזכור, אפילו ניט אריינקוקנדיק אינעם לוח.

אמעריקע און פלאזאפיע זיינען אזא זיווג, ווי למשל, דער זינדיקער גוף און די הייליקע נשמה בא די פרומע יידן.

דא איז די ערלעכקייט א כשרה בהמהלע, די גלייכהייט א פוסטער חלום, און די פרייהייט אן אויסגעלאסענע חצופה.

דאַ ווערט קיין זאַך ניט געטאָן אָן מטבעות — אַ מטבע פאַר יעדער שמחה, פאַר יעדן קלאַג, און באַ יעדער געלעגנהייט.

דאַ איז דער מוח צעטומלט, דאָס בלוט איז צעקאָכט, ווי אַ סאַרווער אויף אַ גבירישער חתונה.

דאַ ווערט מען שלעפעריק — ווען דער רב אין קלויז, אָדער דער שטאָט־מגיד האַלט אַ דרשה.

פאַרצייטן האָט אַ ייִד ניט געגעסן קיין פלייש אין די נייַן טעג צווישן ראש־חודש אָב און דעם חורבן בית המקדש.

דאָ אין דער פרייַער מדינה, האָט איר די פולשטענדיקע פרייַהייט צו זיין אַ שקלאַף.

אַן אמתער גוטער מענטש קען ווערן שלעכט, אַן אמתער שלעכטער קען ניט ווערן גוט.

פון ווייַן קען ווערן עסיק. פון עסיק ווייַן — קיינמאָל ניט.

דער גוטער, ליבער, זיסער מענטש, איז ניט תמיד דער וואָס טוט אויף פיל גוטס.

פאַרקערט ווידער — קומט אַלעם בייז ניט תמיד פון די שלעכטע מענטשן.

ווען דער אמת האָט פאַרזוכט פון דעם עץ הדעת, האָט ער פאַרדעקט זייַן נאַקעטקייט מיט אַ פייַגנבלאַט.

מען זאָגט, אַז אַ דבר־אחר האָט אין זיך אַ ריינעם גליד. אָבער גיי זוך אים.

אַפילו ווען איר מאַכט אַ גילדערנעם קאַלב פאַר אַ גאָט, בלייַבט איר נאָך אַלץ אהרן דער כוהן גדול, אויב איר האָט אַ משה־רבינו פאַר אַ ברודער.

ווער עס קען זייַן געטרייַער דינער, קען אַמאָל ווערן אַ גרויסער פאַרדינער. אָבער טאָקע נאָר אַמאָל, על פי סיבה. בדרך כלל, קען מען ניט זייַן קיין גרויסער פאַרדינער, ביז מען מאַכט ניט יענעם פאַר אַ דינער.

פונקט אַזוי ווי שכרות איז די טאָכטער פון דלות, אַזוי איז אויך דער בלינ־דער גלויבן די טאָכטער פון אומוויסנהייט. דער פוסטער מאָגן פירט צום שענק, דער פוסטער מוח — צו דער קירך.

די ייִדישע אמונה איז קעגן בילד־קנעַריי, אַ ניט, וואָלט הילל הזקן שוין לאַנג געהאַט אַ מאָנומענט אויף יעדן שול־הויף, פאַר זיין היתר־עסקא.

מאַנכע דערטרינקען זייער אידעאַל אין אַ טייַך וואַסער און וואונדערן זיך, וואָס דער אידעאַל שווימט ארויף אויפן שטראָם, אנגעשוואָלן מיט דעם געדוך פון אַ נבלה.

מען דאַרף זײַן שלעכט צו פאַרגעסן אַ טובה, אָבער נאָך ערגער צו געדענ־קען אַ רעה.

ליבע לגבי חתונה איז דאָס זעלביקע וואָס דער אַפּעטיט איז צו דער סעודה.

מען קען זיך איבערלעבן, ווי מען קען זיך איבערעסן. איבערהויפּט נאָך דער חתונה, דעמאָלט קריכט די ליבע פון האַלדז.

ווער עס האָלט אין איין פאַרליבן זיך, ליבט אין אמתן קיינמאָל ניט. אַזוי האָט קיין ריכטיקן פאַרגעניגן ניט, דער וואָס האַלט אין איין נאַשן.

אין אַן אמתער ליבע איז יעדע שיידונג ווי אַ לוויה, יעדע באַגעגעניש — אַ תחית המתים.

הייסע ליבע צוט הערצער פונאַנדער. קאַלטע שנאה צוט זיי צונויף — פאַר־שרומפּט זיי.

אין יעדן מלאך איז דאָ אַ טײַוועלע, אין יעדן טײַוול אַ מלאכל — צווישן פרויען.

קלוג און כיטרע זײַנען צוויי באַזונדערע זאַכן: דער פוקס איז ניט מער ווי כיטרע, פאַר אַ חכם האַלטן אים נאָר די בהמות.

מיר רופן אָפּט נאַראָנים די, וואָס קענען זיך ניט פאַרשטעלן, אמת־ערלעך. זאָגט מען איז טאַקע בלויז דער נאַר, אַ קינד און אַ שכור.

דער נאַר רעדט נאַרישקייטן, דער חכם טוט זיי, נאַראָנים חכמענען זיך, די חכמים באַנאַרישן זיך.

בדרך כלל האָב איך שוין לאַנג איבערגעניצעוועט שלמה המלכס ווערטל — אַז אַפילו אַ נאַר וואָס שווײַגט ווערט גערעכנט פאַר אַ קלוגן. איך זאָג אַפילו אַ קלוגער וואָס שווײַגט — ווערט פאַררעכנט פאַר אַ נאַר.

זינט עס האָט זיך געטראָפן דער נס, און בלעמס אייזל האָט פּלוצעם אָנגע־הויבן צו ריידן, האַלטן זיך אַ סך אייזלען פאַר גרויסע רעדנער.

אַ נאַר, מיט אַ פעדער אין האַנט, איז אַ טאָפּלט פאַרשאָלטענער מענטש, ווײַ מען קען זײַן קול ניט, קען ער באַווײַזן שוואַרץ אויף ווײַס, אַז ער איז אַ נאַר.

שכל באַם ווײַץ, איז דאָס זעלביקע, וואָס דער שייך באַם דענער, ער פאַרהיט אים פון געבן אַ שניט דעם אייגנטימער אַליין.

די נאַטור גיט אונדז קיין שום תענוג ניט גאָר אומזיסט. יעדע עקסטרע פאַר־געניגן קאָסט אונדז טעג און וואָכן פון אונדזער לעבן.

מען זאגט — צדקה תציל ממות — צדקה ראטעוועט פון טויט. אבער ווען דערמאָנט מען זיך אַן דעם? ווען דער בר־מינן ליגט שוין אין ארון, און מ׳קען אים שוין ניט העלפן.

לויבט די טויטע, אײַערע שבחים וועלן זיי ניט מער רויט מאכן, פארגעסט אבער ניט, אז דער טויט מאכט א לומפּ אויס לומפּ, אבער קיינמאל ניט פאר א פײַנעם מאַן.

אין גן עדן קען נאר זײַן דער צדיק נאכן טויט, אדער דער זינדיקער באַם לעבן.

אַלע פײַנע, חשובע בעלי בתים, האָבן ליב זייער היים. מאנכע ווײַל זיי האבן ווּ צו קומען, אנדערע — ווײַל זיי האבן פון וואנען אוועקצוגיין.

ארעמע עופּהלעך וואקסן ווי נעגל אויף די פינגער אָף א שמוציקער האנט. ווערן זיי ניט אפּגעשניטן, פארוואקסן זיי מיט בלאָטע.

צווישן וויגעלע און קבר — איז אמאל א לאנגער יום טוב, אמאל — א פארשלעפּטע קרענק.

דעם רײַכנס חבור קומט פון דעם ארעמאנס חסור און זײַן כפל פון יענעמס חלוק.

אמת, פרישע לופט קען מען האבן אפילו אין דלות, אבער דער דלות ברענגט דערצו, אז א מענטש זאל פארלירן דעם חשק צו פרישע לופט.

די נויט איז די מוטער פון גנבה, די מוטער פון גנבים איז די טורמע. און זי איז אויך זייער דערציִער.

זינט שמשון הגבור האט גובר געווען די פלשתים, מיט דער באק פון אַן אייזל, מיינען די אייזלען, אז אַן זיי קען זיך קיין קאמף ניט באגיין.

גלייבט ניט וואס מע זאָגט אײַך — אַז די גאולה וועט קומען, ווען עס וועט אויסגיין די לעצטע פּרוטה פון קעשענע. די מעשה איז פארקערט — ווען די גאולה וועט קומען, וועלן פארשווינדן די פּרוטות.

איר טרעפט מענטשן, וואס שרײַען מיט קולות, אז די גאולה איז א פוסטער חלום. אויב אזוי — טא וואס־זשע שרײַען זיי?

די גרעסטע נארישקייט, וואס משה רבינו איז באגאנגען, איז געווען, וואס ער האט צעבראכן די לוחות, בעת ער איז ארונטערגעקומען פון בארג סיני. ווײַל גראד דעמאלט זײַנען די לוחות נייטיק געווען.

יעדן זײַנען געווינט צו האבן א רב, וואס זאל זיי פסקענען שאלות, א שליח־ציבור, וואס זאל פאר זיי דאווענען באם עמוד, א שמש, וואס זאל זיי

רופן אין שול אַריַין, און אַ מגיד וואָס זאָל זיי זאָגן מוסר.

ס'איז מערקווירדיק, די זעלביקע מענטשן, וואָס גלייבן, אַז די מתים זאָלן אַמאָל אויפשטיין, קענען זיך ניט פֿאָרשטעלן, אַז די לעבעדיקע זאָלן דאָס אַמאָל אויך טאָן.

פּוסטע אידעאַלן זיַינען ווי גראַשענע ליכטלעך, זיי לייַכטן בעת זיי ברענען, און לאָזן איבער אַ געְרוך אויסברענענדיק.

פּונקט ווי איר קענט ניט דינגען אַ שליח־ציבור, וואָס זאָל פֿאַר אַלעמען עסן, אַזוי קענט איר ניט זעטיקן אייַער מוח דורך דעם, וואָס איר וועט האַלטן אַ קהלשן דענקער.

פּרעה, מלך מצרים, איז ניט געווען דער איינציקער טיראַן, וואָס האָט אַנדערש ניט געגעבן קיין פֿרייַהייט, ווי ער האָט ניט פֿריִער געקראָגן קלעפּ און מכות אכזריות.

אַלע פֿאָטעס זיַינען קינדער, אַלע קינדער זיַינען פֿאָטעס — מיר מיינען אמתע פֿאָטעס און אמתע קינדער.

מער גוטע דערציילונגען גייען לאיבוד דורך שלעכטע לייענער, ווי גוטע דראַמען דורך אומפֿעיִקע שוישפּילער.

אַמאָליקע ייִדישע שרייַבער פֿלעגן לויבן זייערע אייגענע ספרים, סיי אין די פֿאָדער־בלעטער און סיי אין די הקדמות צו זייערע ווערק.

אַט די זיַינען ליטעראַרישע קרעמער, וואָס לויבן זייער סחורה, סיי אין טיר פֿון קראָם, סיי בשעת זיי ווייַזן די סחורה.

די „שמעלצטאָפּ"־פֿילאָזאָפֿן מיינען, אַז דער ייִד דאַרף בלויז רײדן דעם לשון פֿון דער מדינה, איז ער שוין אַ מענטש מיט אַלעמען גלייַך. וואָס בעסער ער רעדט די לאַנד־שפּראַך, אַלץ מער דערקענט מען אים צווישן גויים, אַז ער איז אַ פֿרעמדער.

יעדעס פֿאָלק האָט אַ מוטער־שפּראַך. דער ייִד האָט אַ מוטער־שפּראַך — ייִדיש, אַ פֿאָטער־שפּראַך — העברעיִש, און אַ שטיפֿמוטער־שפּראַך — דאָס לשון פֿון לאַנד.

אַז מיר זיַינען טאַקע אַן עם־קשה־עורף, באַווייַזט אונדזער אייַנגעשפּאַרטקייט אין בלייַבן אַ פֿאָלק, ניט אַכטנדיק אַף דעם, וואָס אַלע גרויסע דאָקטוירים האָבן אונדז שוין לאַנג אָפּגעזאָגט דאָס לעבן.

די אַמעריקאַנער באַנוצן ניט זייער פֿרייַהייט, מחמת זיי האַלטן איר זייער מיַיער. פּונקט ווי דער קאַרגער, וואָס שעצט אַזוי שטאַרק זייַן בעסטן בגד, אַז ער טוט אים קיינמאָל ניט אָן.

## געזאַמלטע ווערק פון שלום אַש

### (דאָס שטעטל; רב שלמה נגיד; דאָס געזאַנג פון טאָל)

די קנייטשן אַף זײַן שטערן זײַנען אַזוי ווי אַלטע אָפּגעריבענע אותיות.

די זון האָט געשאָסן אומברחמנותדיק שטראַלן איבער דעם עמק.

זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען די בהמות, אויסצוגעפינען דעם וועג אין טאָל.

מען וועט אויך דאַרפן גראָבן גריבער אַרום די געצעלטן, בשעת סכנה זיך צו באַשיצן.

ער שפּרייט אויס די ברכה פון רעגן מיט זײַנע חסדים, צו אַלע מענטשן־קינדער.

די ווילדסטע בבא־מעשיות און תירוצים זײַנען דאָ פאַרשפּרייט געוואָרן.

זי בענקט באמת צו זײַן דווקא אין דרויסן, צווישן די מענער.

אַפֿן באַנק אין בית־מדרש האָט ער בגנבה אין די ביכלעך אַרײַנגעקוקט.

ווי יונגע בחורים און בחורות וועלן זיי שטיין צוזאַמען אַפֿן באַרג.

ארץ ישראל האָט פֿאַר אים באַדײַט, די ישועה און די באַנײַונג פון משיח־צײַטן.

זיי האָבן בלויז געקענט ארץ ישראל פון שיר־השירים און פון צאינה־וראינה.

אים האָט זיך געדאַכט אַז בחינם ראַנגלען זיי זיך מיטן משחית.

אַחוץ דעם, איז שוין קיין אַנדער ברירה ניט איבערגעבליבן.

בינו־לבינו איז אויסגעבראָכן די מלחמה און מען האָט ניט געקענט פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

קיין בחינמדיק ברויט איז ניטאָ — מען דאַרף אַרבעטן דערויף.

עס איז ווי דו לערנסט צום ערשטן מאָל בראשית — ווען דו ביסט אַ קינד געוועזן.

ר׳ יחזקאלס שטוב איז געווען דאָס בית־המדרש פון האַנדל.

דאָס הײַזל שטייט זיך ווינטער, ווי אַן אַלטער בעל־הבית אין תכריכים.

ער האָט געוואָלט פאַר זײַן בת־זקונים אַ למדן, אַ בעל־יחוס, אַ מאַן נעמען.

ער איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר פופצן, מיט אַן אויסגעצערטן פּנימל.

אין בית המדרש צאַנקט אַ ליכט. אין געסל ווײנט דעם פּרושס קול.
עס איז געקומען צו אים דער בטחון און די אמונה אין דעם רבונו של עולם.
דער מענטש איז גאַנץ אויסדערווײלטע בריאה, פון אַלע געטלעכע באַשע־פענישן.
ער עסט בלויז צוליב דער ברכה, און ניט צוליב דער הנאה פון עסן.
דאָס איז געטאָן געוואָרן כדי צו פאַרהיטן פון מעגלעכע גנבות און גזילות.
אירע אויגן האָבן געזען דעם גיהנום, און זײַן גאַנצן אָפּגרונט.
עס איז מעגלעך צו שאַפן אַ גן עדן דאָ — אויף דער וועלט.
דער דרך ארץ און כבוד פאַר דער מאַמען איז געווען בײַ אים אין לשער.
דער נאָמען השומר — איז פאַרהערלעכט געוואָרן מיט גבורהשע מעשים.
איר זעט דאָ די באַקאַנטע, מאַנאַטאַנישע העוויות, פון די אָריענטאַלישע ייִדן.
דער וואָס באַאַרבעט אַליין דעם באָדן, טראָגט אַלע היזקות און האָט אַלע רווחים.
זיי זאָגן מיט גרויס התלהבות די קבלה, די מיסטישע תפילות.
די הנאה פון קערפּער מיט דער הנאה פון דער נשמה האָבן זיך אויסגעמישט.
דאָס וואַסער לאָזט זיך מיט אַ שטאַרקן שטראָם, מיטשלעפּנדיק מיט זיך די הרוגים.
זיי האָבן געפּאָדערט פון דעם ועד הילף פאַר די קראַנקע.
מען זאָגט, אַז זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אַ לאַנגן וויכוח.
ס׳האָט אויפגעוועקט אין זיי זכרונות פון בשותפותדיקן לעבן.
אַזוי ווי אין פּסוק שטייט — זה חלקי מכל עמלו — דאָס איז מײַן טייל פון מײַן גאַנצער אַרבעט.
ער האָט גערעדט מיט עזותקייט, און יעדן איינעם דאָס מויל פאַרקלאַפּט.
זי האָט געבעטן ניט זוכה געווען די טאָכטער אונטער דער חופּה צו פירן.
ווילדע חזירים און אַנדערע חיות מאַכן אומזיכער דעם צוגאַנג צום טאָל.
די גראָזן זײַנען שלאַף און האָבן אַ פאַרחלשטן געלן אָנבליק.
ער האָט געוואָלט דעם חלום פון די נביאים און משיחים אין לעבן אויסצו־פירן.
גיי שרײַ חי־וקים, אַז ער פאַרשטייט דאָך ניט אונדזער לשון.

דאָס איז ניט געווען קיין מענטש, נאָר אַ חיה רעה.
ער האָט פאַר די חסידים אין זײַן שטעטל שטאַרק מורא געהאַט.
אַזוי האָט ער געפילט, איידער דער גרויסער חורבן איז געקומען.
די ערשטע האַניק־וואָך נאָך דער חתונה איז געווען פאַריבער.
ער איז געוואָרן אָנגעשטעקט מיטן חשק קיין ארץ ישראל צו גיין.
זי האָט חרטה געהאַט אַף די רייד, און זיך שטאַרק מצער געווען דערפון.
ביז הײַנטיקן טאָג חלומען מיר נאָך יעקב אבינוס חלום.
די שפּראָצנדיקע וואָרצלען הייבן אָן נאָגן חיונה פון דער מאַמע ערד.
גיי רעכן אויס, אַז פאַר חנוכה וועט זיך די ווײַסל שטעלן — ס'איז מן השמים.
ערמאַכט איין אויג צו, קוקט מיטן אַנדערן אויג, מיט חשד אַף יענעם.
ער פירט די ראָלע פון אַ גרויסן חסיד, און זאָגט אַלעמען מוסר.
זיי פלעגן קומען מיט די חומשים אין די הענט, און ער האָט מיט זיי די סדרה געלערנט.
ס'איז דאָך אַ חרפּה און אַ בושה, ווי אַזוי קענסטו צוזען אַזאַ שפיכת דמים?
די גלײַענדיקע חורבות האָבן עדות געזאָגט אַף דעם גרויסן חורבן.
ער האָט שוין געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי זײַן חרובע נחלה אַף די פיס צו שטעלן.
די יונגע חסידימלעך זײַנען געקומען צום רבין אַף שבת נחמו.
מען פירט דעם חתן מיט דער כלה צו דער חופּה, אַפן שול־הויף.
ס'איז שוין באַ אים אַ חזקה צו נעכטיקן דאָרט, ווו עס געפינט זיך אַ ייִדיש בית.
ער שפּאַנט מיטן טלית און תפילין אַריבער, צו ר' יחזקאלן אין שטוב אַרײַן.
ער הייבט אָן, אָן שום טענות און מענות, אים שרעקלעך צו ממיתן.
עס גייט זיך אַ ייִד מיט אַ טלית־זעקל אין בית המדרש אַרײַן, תהילים זאָגן.
ער האָט איבערגעלאָזט אַ ווײַכטיקע ירושה נאָך זיך.
ער איז געזעסן יום ולילה אין בית המדרש און געלערנט תורה.
ער האָט זיך געפילט ווי אַ יתום, ביז וואַנען ער איז געקומען אין ישראל.
זיי זײַנען זיך צוזאַמען געקומען אַף יום־טוב אין בית־המקדש באַם עולה־רגל זײַן.

עס שטייען די הויכע יתומימדיקע ביימער מיט בושה, ווי גאָט האָט זיי אָפּ־גענאַרט.

דאָס ווייַבל איז געווען די פּאַרזאָרגערן, און ער איז געזעסן יום־ולילה און האָט געלערנט.

ער האָט זיך געראַנגלט מיטן יצר הרע, ביז דער יצר הרע האָט אים ביַיגע־קומען.

פון יענער זייַט ירדן, פון חרמון צום ים צו, געפינט זיך דער ישוב.

נאָך מיט יאָרן צוריק, האָבן זיך דאָ פאַרקליבן איינציקע יִדישע ישובים.

זיי זייַנען געקומען אויפצולעבן זייער פאָלק, אַף יסודות פון אַ נייַער אָר־דענונג.

ער האָט ניט געהאַט די מינדסטע ידיעה פון דער דאָזיקער מלאכה.

זיי זייַנען אָנגעקומען מיט וועגענער און כלים און דאָ אַ ישוב געגרינדעט.

אַלע כוחות האָבן זיי איצט געמוזט פטרן אַף צו פאַרהאַלטן די אייזלען.

מיט כלהשער אומבאַרירטער קלאָרקייט האָט זיך דאָס וואַסער געגאָסן פון קוואַל.

ווער וויס, וואָס פאַר אַ כוונות זיי האָבן, און וואָס האָבן זיי געוואָלט.

זיי זייַנען אַלע אַהער געקומען געכישופט פון דעם זעלבן אידעאַל.

ער קלאָגט זיך אַז ס'איז דאָ ניטאָ ווו אַהינצוטאָן די כוחות.

גרויסע שטיקער אייַז כישופן דאָס אויג און די פאַרחלשטע צונג.

איך פּנים שייַנט מיט דעם שמייכל פון אַ כלה, די ערשטע נאַכט נאָך דער חתונה.

זיי קענען ניט מיט דעם אייגענעם כוח אָנקומען צו דעם מקור.

מ'האָט געלייענט לשון־קודשדיקע ביכלעך, און מ'האָט דיסקוטירט לשם שמים.

עס הערט זיך דאָ דער לכה דודי, אַזוי ווי מיר הערן אים אין אונדזערע שול־געסלעך.

זיי זייַנען פאַרבליבן לזכרון, וואָס שטייען און היטן דעם ריזיקן מת — דעם מדבר.

פאַר אַ למדן האָבן זיי שטאַרק דרך ארץ און ווערן בטל פאַר אים.

אין מיטן האָריזאָנט בלאָנדזשעט אַרום אַ לבנה, יאָ אויס, יאָ איין.

לכבוד דעם חתן זײַנען זיי אַלע געגאַנגען אַף קידוש צום רבין.
דאָ און דאָרט, זײַנען קופּקעלעך ייִדן געשטאַנען און האָבן די לבנה מחדש געווען.
זיי האָבן מיט מסירת־נפש און גבורה אָפּגעשלאָגן די אָנפאַלן אַף זיי.
די מורא פאַר די ווילדע חיהלעך האָבן אַלע יסורים גובר געווען.
ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה, צווישן מענטש און בהמה.
זי האָט אויפגעשטעלט די קאָד־לאָמפּן אַף אַ מזבח פון שטיינער.
די קופּע שטיינער האָט געשאַפן אַ מחיצה, צווישן זיי און דעם באַרג.
דער טויטער קאָפּ פון ציפּרעס, איז די איינציקע מצבה פון ישוב.
מיט געוואַלדיקער מסירת־נפשדיקייט האָבן זיי דורך גרענעצן זיך געגנבעט.
ער האָט געהאָפט, אַז דער אידעאַל פון ישעיה הנביא וועט מקוים ווערן.
פאַרשפּרייט און פאַרזייט איז דער גאַנצער מקום, מיט יונגנט און לעבן.
איצט איז דער מאָמענט פון מנוחה אין דעם עמק.
ער האָט געהאַט אַ משוגעת נאָר צו וועלן ביימער פלאַנצן.
ס'איז געקומען די פײַערונג, ווען מ'האָט מבער־חמץ געווען דעם עמק.
דאָס פײַער האָט געקנאַקט מיט טויזנטערליי משונהדיקע קולות.
די ערד איז געלעגן אויסגעשפּרייט ווי אַ נאַקעטע בתולה, וואָס מ'דאַרף מקדש זײַן.
אַלע האָבן מסכים געווען, אַז מען מוז די הײַזער פאַרניכטן.
זי, די חברטע שרה, איז געווען אַ גרויסער מומחה אַף די זאַכן.
זיי האָבן געוואָלט, אַז אַנשטאָט אַ רב זאָל דער ועד בעסער שיקן אַ מוהל.
ס'איז ניט געווען קיין רעגן, נאָר אמתער מבול.
זיי געפינען זיך אין אַזאַ מעמד, ווי זיי וואָלטן פאַרלוירן דאָס געפיל.
דער ליטווישער מוסרניק פאַרט מיטן וואָגן מיסט, ווי אַ ברייטער פּריץ.
איך בין באַקאַנט מיט די מעשיות פון די מקובלים און געפעלשטע משיחים.
ווי פּאַסט אַזאַ לײַכטזיניקע באַציִונג פאַר אַזאַ מיוחסדיקן זקן?
ס'קומען באַלד אַן די מענער פון מקווה, מיט נאַסע, טריפנדיקע פאות.
עס גייט אים נאָך זײַן ווײַב, מלכהלע מיט אַ ברכה אַף אירע ליפּן.
דאָס ממזרשע, וווּיל־יונגערישע היטעלע וויגט אים אַראָפּ פון קאָפּ.

מ׳האָט שטאַרק מורא פאַר אים, ער האַלט גאַנץ ווינציק פון די רבנים.
מיטן רב פון שטעטל איז ער געווען שטענדיק אין מחלוקות.
ער האָט זיך שטאַרק צוגעכאַפּט צום מסחר און ביסלעכווײַז די תורה פאַר־לאָזט.
קומט, האָט דער רב געזאָגט, לאָז מען מקיים זײַן מצוות הכנסת אורחים.
זיי האָבן דערציילט פון פאַרשיידענע מדינות, ווי עס גייט דאָרט אחינו בני ישׂראל.
דער חתן האָט געזאָגט אַ מפולפלדיק פשטל, מיט גרוים בקיאות.
דאָס וואַסער לויפט שמיל אין ערלעד, מ׳איז מקיים גאַנץ שליחות אָן קשיות.
די מלמדים דרייען זיך אין מאַרק אַרום, חנפהנען די רײַכע בעלי־בתים.
די גאַנצע משפחה האָט זיך צוזאַמענגעקליבן, דעם טאַטן מקבל פּנים זײַן.
מלא כל הארץ כבודו — אומעטום, זאָגט ער, איז גאָטס מעשׂים פאַראַן
מיט יעדן טריט אונדזערן טוען מיר אַ פעלער — מיט דער מחשבה אָדער במעשׂה.
ער האָט זיך געפילט מחויב פאַר איר, און פאַר איר גאַנצער משפּחה.
מען דאַרף זײַן מסוגל צו קענען באַנעמען די אמתע סיבה פון די ענדע־רונגען.
דו זאָלסט דערלעבן מגדל זײַן דײַן זון, לתורה, לחופּה, למעשׂים טובים.
זײַן זיידענע קאַפּאָטע האָט נאָך ניט דעם נגידישן גלאַנץ אָנגעווירן.
מען זאָגט אַז ר׳ יחזקאלס פערד זײַנען נשמות פון אַלטע בעלי חובות.
אַז דער אַלטער רב איז נפטר געוואָרן, האָט ער ממלא מקום געווען.
זייערע נשמות טובלען זיך, איידער זיי שטײַגן אַרויף צום בית דין של מעלה.
די נגונים האַלטן צווישן זיך מלחמה, איינער דעם אַנדערן האָט געוואָלט גובר זײַן.
רב שלמה איז געווען דער גרויסער נגיד, און דער גרויסער בעל יחוס אין שטעטל.
ווי באַם סדר, באַם טאַטן אין דער היים, האָט ער איצט געהאַט אַזאַ הנאה.
ער איז גאָר סך הכל אַ לערער, און געהערט צו די אינטעליגענטן.
סוף־כל־סוף איז אים געלונגען זיך אַרויסצוכאַפּן אויף אַ פּראַכט־שיף.
ער איז געקראָכן טיפער אין די אומבאַקאַנטע, סודותדיקע פלעצער.

דער וואָרעם פון ספק האָט אָנגעהויבן צו פּיקן אין זייַן אָנגעווייטיקטן האַרץ.
זיי זייַנען ניט פאַרסמט פון סתם שׂנאה צו זיי.
עס האַלט נאָך אויף דער טונקעלער סוד פון דער נאַכט, וואָס זיי האָבן גע־בראַכט.
די קליינע סוחרימלעך קויפן אויף די תבואה בײַ די פּויערים, אָפּן מאַרק.
זי האָט געקוקט אױף די סוחרים און האָט פאַר זיי שטאַרק דרך ארץ געקראָגן.
די ספר־תורהלע איז זייַן קינד, זייַן יורש, זייַן מצבה נאָך אים.
זיי האָבן אַרויסגעקראָגן די האַלב־פאַרברענטע ספרים און צעריסענע שמות.
די וואָס האָבן נאָך ספקות געהאַט, האָבן מורא געהאַט דאָס מויל צו עפענען.
איין עבר איין עתיד — איין מזל און איין האָפענונג.
אױף דאָס עדות זאָגן פון אַ מסור האָט מען אים פאַרשיקט אין טורמע.
ער גייט דעם עמק אײַנצונעמען, כּדי דאָרט צו היטן טהרת הלשון.
מען האָט זיי געהאַלטן פאַר עוכרי־ישׂראל, וואָס ווילן אַ תל מאַכן פון ישוב.
אַ מעכטיקע האַנט וועט צעמאַלן די שאַנד־שטיינער פון שקלאַפן עדות, די פּיראַמידן.
אַז די קינדער קריגן זיך, האָבן טאַטע און מאַמע דערפון עגמת־נפש.
ער האָט געוואָלט האָבן די זכיה, אַליין עולה־לגדולה צו זייַן.
דעם גאַנצן לעבן, האָט ער יעדן ערב ראש חודש יום כּפּור קטן אָפּגעריכט:
זייַנע וואַכעדיקע עסקים האָט ער געענדיקט, מיט אַ האַרץ פול מיט בטחון.
מען דערציילט, אַז מ׳האָט רב שלמהן געכאַפּט בײַ אַ מיאוסע עבירה.
ער איז געשטאָרבן פון עגמת נפש און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ סך חובות.
ער האָט אַ סך מאָל עובר געווען אױף לאַ־תחמוד, געקוקט אױף פרעמדע ווייב־לעך.
אָפּטמאָל איז מען געשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים מיט דעם שטאַרקן שׂונא.
צום געוועלב האָט אים געהאַלטן צוגעבונדן די פּרנסה און דאָס ווײַב . . .
ס׳איז איצט פאַר פּורים, און דער שניי אין שטעטל צעלאָזט זיך און צעגייט.
דער באַרשט האָט דערמאָנט אַז פּסח, און האָט געגרייצט די תאווה צום עסן.
זיי הייבן ניט אָן צו וויסן פון קיין פּותר און פון קיין חלום.
דאָס שטעטל איז פול געוואָרן מיט פּנים חדשות, וואָס פון טאָג.

ס'איז אַזוי ווי אין פּסוק שטייט — ויש שכר לפּועלתך, מען ווערט באַלוינט פאַר דער מי.

ער איז געווען שטאַרק אויסגעצערט פון אַרבעט, הונגער און צרות.

ער האָט שוין אַפילו זיין צוואה אָנגעשריבן און געמיינט אַז ער וועט דאָ שטאַרבן.

מען ווערט אָבער איינגעבראָכן אין די צרות, וואָס די ארץ ישראלדיקע ערד איז מכבד.

צפת — ליגט באַם בערג פון ישוב און באַם אָנהייב פון מדבר.

שטיל און מיט צער, שטאַרבט אָפּ דער שבת, אין יידישע שטעטלעך.

זי איז דאָך אַן אומשולדיק קינד, אַ צדיקות, האָב רחמנות אָף איר!

אָף די רוקנס פון באַרג גלעדר ליגט ווי אַ שאַנד אויסגעגאָסן די קללה.

עס ווייזט זיך אַ קאַלך־בלויליכע קאַפּעלע איבער אַ קבר פון אַ הייליקן.

מען דאַרף קודם דעם קוואַל אויסרייניקן און דעם לאָך אויפדעקן.

די קבוצות זיינען צעשפּרייט און צעזייט איבערן גאַנצן טאָג.

זיי האָבן געוואָלט באַקליידן די קללהדיקע נאַקעטקייט, מיט אַ גרינעם מלבוש.

וויפיל קרבנות וועט נאָך דער עמק פאַרלאַנגען פון שטיקל ישוב.

אין יעדן יידישן מענטשן ליגט פאַרטייעט אַ טראָפּן פון דעם אייביקן קדמון.

ער האָט געפילט, אַז ער איז קונה דאָס שותפות דורך זיין אַרבעט.

פון קדמונים אָן פייערן דעם יום־טוב אַלע איינוווינער פון דעם געגנט.

זיי האָבן זיך געבויט קברים־פעסטונגען און דאָרט איינגעמויערט זייערע רייכטימער.

דער טונקעלער, שטילער הימל האָט קריאת שמע געלייענט אין דער שטיל.

די נאַכט נעמט די קולות אַלע אין זיך אַריין, און ווערט פאַרטרונקען מיט זיי.

זיי קענען קיין רו אין קבר ניט האָבן, ביז זיי וועלן אים דעם חוב ניט אָפּצאָלן.

עס דערהערט זיך אַן אַלט קול, וואָס זאָגט מיט ניגון תהילים.

די קולות גיבן זיך אָפּ איינעם דעם אַנדערן — שלום עליכם.

מ'האָט ראשית כל געדאַרפט אַנטראָגן אַ פולע דייזשקעלע מיט וואַסער.

איך וועל היינט שוין ניט פאַרטיק ווערן, דער רוח זאָל דאָס נעמען.

ער איז געווען איינער פון די ראש־המדברים, אָף אַלע פאַרזאַמלונגען.

דער רעש האָט זיך דערהערט, ווען זיי זײַנען אַלע געשלאָפן שוין.
זי קומט פון גרויס רבנישן יחוס, זי איז אַ טאָכטער פון אַ בעל בתיש הויז.
זיי פאַרבעטן אים צו זיך זוי אַ רבין, אָדער ווי אַן אַנדערן בכבודו יידן.
די רבנים באַנוגענען זיך מער ניט מיט מוסר זאָגן און חרמות דערקלערן.
עס האָט זיך די נאַכט געהערט אַ רעשדיק קלאַפּן פון פערד און רעדער.
דער שבת שטײַגט אַראָפּ אַזוי ווי אַ צניעותדיקע מלכה, אין ארץ ישראל.
אַ רויב־פויגל נאָרעט אײַן זײַן שנאָבל אין אַ קאַלוזשע, כדי צו פאַנגען אַ שרצל.
ס'איז אויסגעשרפט געוואָרן די בלײַענע לופט, וואָס ס'איז געשטאַנען אין חלל.
אין דרײַ שעה אַרום, האָבן זיי אַלע וועגענער בשלום דורכגעפירט די בלאָטע.
ער האָט געהאַט אַ געדאַנק צו מאַכן אַ שהחיינו איבערן וואַסער.
גרויסע שטחים ערד זײַנען געלעגן אויפגעפּראַלט, צעשניטן אין דעם עמק.
ער קומט אָן מיט שמחה און לויפט פאָרויס מיט יונגנטלעכע שפּרײַזן.
שרהס געצעלט איז געווען אַ שטטנו, האַלב דירה האַלב סוכה.
זי פילט אויס איר שליחות, דורך געזאַנג פון ייִדישן פאָלקס־כאָר.
נאָך אַ שקלאַ־וטריאַ, האָט מען אים דאָך געלאָזט ריידן אַף ייִדיש.
אַז עס קומט די שעה פ,ן חסד, ווערן דיר קלאָר די זאַכן וואָס דו האָסט ניט געוווּסט.
דער שבת קומט אָן מיט רויִקע שריט און פאַרשפּרייט אין שטעטל מנוחה.
איינער האָט געזאָגט שיר המעלות, דער צווייטער האָט געענטפערט מיט אַ זמרל.
די ביימער שאַלן פאַר שמחה, זיי דערפילן דעם ניצוץ פון אייביקן תכלית.
רב שלמהס שבת האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער סביבה.
ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און געשעפּטשעט אַ שטילע תפילה.
איז דאָס דער צוועק — וואָס וועט זײַן דער תכלית ?
ס'איז אים שווער זיך אָפּצוזאָגן פון זײַן שרײַבערישער תאווה.
גאַנץ תל אביב פילט זיך ווי פון חדר פרײַ, אַז קיין רבין איבער זיך.
די קרײַעס פון טײַך ברומען, ווי זיי וואָלטן צו תחית־המתים אויפגעשטאַנען.
די תבואה פון זײַנע פעלדער איז איבערגעגאַנגען פון איין רשות צום צווייטן.

# אברהם רייזין

## (שריפטן)

גאָט האָט די ייִדן געבענטשט, זיי זאָלן זיין ווי זאַמד באַם ברעג ים נאָר דאָס איז בלויז אַ משל — אין תנ"ך זײַנען דאָ אַ סך משלים.

מענדעלסאָן איז אַ גרויסער פילאָזאָף און ייִד, האָט וויכוחים מיט גרויסע גלחים און איז מנצח.

פון ווייגען האָט ער אפילו עגמת־נפש — ער האָט זיך געשמדט — אַן עוולה.

אָבער אויסער כבוד, וויל בערל אויך פאַר ייִדן עפּעס אַ תכלית.

בערל איז זיך מישב — ווו איז בעסערע ערד, ווו זײַנען בעסערע תנאים.

אַז דער בעל־עגלה איז אַריין אין דער אכסניא, איז דער ערשטער ברוך־הבא פון דער בעל־הביתטע געוועזן — איך האָב בילכערע אורחים!

גרשון איז אַזוי מבולבל געוואָרן, אַז ער האָט ניט געקענט ענטפערן און איז נאָר געשטאַנען און געקוקט.

כאַפּט זיי דער רוח, מיט זייערע הײַזער, איך דאַרף זיי אַף כפּרות.

ער ווערט מלא־רציחה, ווי אַמאָל אַפן שמש, וואָס פלעגט אים אין שול ניט אַרײַנלאָזן.

אין דער תלמוד־תורה האָבן זיך געפונען אַ סך יתומים. לייזער האָט געהאַט אַ צונעמעניש — יתום.

בײַ בעלי־בתישע ייִנגלעך, הייסט עס, איז אַ יתום אַ שטיקל יחסן.

זיי האָבן מורא פאַר יתום, וואָס קען געבן אַ קלאַפּ און אַ וואָרף טאָן — בהרף עין און מיט גבורה.

נאָר שבת אַליין האָט לייזער געקענט אויסווײַכן אַלע רדיפות, קלעפּ און חוזק־מאַכעניש.

ער האָט אַפילו די העזה ניט געהאַט צו קלערן פון פאַרטיידיקן זיך פון זײַנע חברים.

דאָס סדורל איז געוועזן אין אַ רויטן אײַנבונד און די אותיות אַפן טאָוול — אמתע גאָלדענע.

אין בענטשערל שטייט ניט נאָר בענטשן, אויך קריאת שמע, ציצית בענטשן און אַפילו ברכות.

איבערהויפּט געפעלט אים דער מאכל „שטרודל", אף וואס מען מאכט א ברכה — מזונות.

אז מען טוט אן א נייעם בגד, מאכט מען: ברוך אתה מלבוש ערומים — ער וועט אבער די ברכה ניט מאכן.

מיר, יונגלעך, זיינען געזעסן אין חדר און האבן געלערנט מרובה, דער פּרק איז געווען ערנסט און שווער.

אונדז איז בכלל ניט אנגעגאנגען די מעשה, קומען צוגיין תּנאים און חכמים און מאכן דערפון א וועזן.

זיי קריגן זיך אזוי שטארק, אז זיי ברענגען אריין א.נדזער רבין אין כעס און ער שלאגט אונדז.

מיר האבן בגנבה געקוקט אין פענצטער, ווען וועט שוין די זון אף אונדז רחמנות האבן, און מיך איבערפעקלען.

אף אונדזערע הערצער איז געווען פריילעך פון דער פרייהייט, וואס מיר וועלן געניסן אין די פיר טעג — ערב שבועות, צוויי טעג שבועות און אסרו־חג.

ער איז געווען א גרויסער למדן, מיר האבן דאס געפילט, לערנענדיק בא אים די מסיכת־בבא־קמא.

אין דעם פּרק „מרובה" האט ער געוויזן גאר גרויסע קונצן.

ער פלעגט זען זיי אלעמען אויסגלייכן, ניט דערלאזן צו גרויסע מחלקות.

אז עס פלעגט האלטן שמאל, פלעגט ער רופן צו הילף דעם תוספות און דעם מהר"ם־שיף.

כדי צו פארגרעסערן אונדזער שטראף האט ער אויסגעטראכט אף אונדז א בלבול, אז מיר האבן אים געשלאגן.

קיין בלוט האט ניט געשפריצט, מען האט אונדז מיט רחמים געגעבן נאר צו צען שמיץ, די בזיונות אבער האבן אונדז ווי געטאן און מיר האבן קיין מאל מער קיין מרידה ניט געמאכט.

א סך רדיפות, א סך מסירות האט יאסעלע איבערגעטראגן, אין א גאנצער ריי פון יארן.

נאך פורים איז ער געשטאנען אין פאדריאד אן א רעקל און האט גערעדלט מצה נאך מצה.

אז מען קען א ליד אויך גנבענען דאס קען מיין באבע ניט פארשטיין.

ער פלעגט קומען צו אונדז קוילען דאָס קעלבעלע, קאַלטבלוטיק שאַרפֿן דעם חלף, דערציילן אגב אורחא אַ מעשה.

אין מײַנע ערשטע צוויי שונאים האָב איך, ווי עס איז, דערלעבט אַ נקמה.

מען האָט דעם בחור חתונה געמאַכט, געגעבן אים אַ ווײַב, אַ חלף און אים געזאָגט: קוילע...

עס זײַנען געווען צעקלעפּט מודעות אין אַלע בתי־מדרשים, אַז אַ מגיד איז געקומען.

דער מגיד גייט אַרויף, גיט אַ קוש דעם פּרכת, אַ גלעט די לאַנגע שוואַרצע באָרד און הייבט אָן דרשנען.

פֿון אָנפֿאַנג נעמט ער אַ פּסוק פֿון תנ"ך, פֿון ישעיה — דערנאָך אַ שטיקל גמרא, שפּעטער אַ פּסוק פֿון חומש.

ניטאָ קיין שום עצה, האָט ער מיט יאוש געענטפֿערט, און זײַן פֿול פּנים האָט ווי אַ וואָלקן פֿאַרדעקט.

דאָס איז אַזאַ מכה, וואָס מען מוז זיך האַלטן — אַפֿילו אַ משומד קען די פֿאַמיליע ניט איבערטוישן.

די חברה כלי־זמר אינעם שטעטעלע האָט געהאַט זייער ניט קיין שיינעם נאָמען.

אַ שטעטלשער בעל־הבית פֿלעגט צו זיי אָנקומען נאָר אין אַן עת צרה, ווען ער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער...

אָט איז אַ מין מזל! מיר האָבן דאָ געפֿינצטערט, בדלות געוואָרן און דער גוי ווערט דאָ נתעשר.

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב זייער ליב צו נושא־חן זײַן באַ אָרעמע, פֿאַר־האָרעוועטע מענטשן.

זרח! טענהט ביילע — ס'איז שוין דרײַ וואָכן צו פּסח, וואָס וועט זײַן מכוח מצות?

עס וועט מצה אויך זײַן, מען וועט, מיט גאָטס הילף, קיין חמץ ניט עסן.

באַקנדיק איז אַ „מיירע" חמצדיק געוואָרן, אַזוי האָט דער משגיח פֿון פּאָד־ריאַד אָפּגעפּסקנט.

צײַט וואַינאַווקע איז וואַינאַווקע, האָט זי אַזאַ ניגון ניט געהערט פֿון אַ בעל תפילה.

פֿון גרויס התפעלות האָט מען דעם דאַזיקן חזן אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס קהל פֿאַרמאָגט.

איר ווייסט, ייִדן, אַז מיר האָבן קיין בעל תקיעה אויך ניט, לאָזט דער שמש
צו וויסן פון דער בימה.

דער בית מדרש האָט געהילכט פון די ימים נוראים נגונים, און זיי האָבן
באַגײַסטערט די אַסיפה.

אַז ס'וועט קומען ראש השנה, מען וועט דאַרפן בלאָזן: אַ תרועה, אַ שברים,
אַ תקיעה־גדולה.

ער איז שוין צו אַלט און האָט שוין עטלעכע פגימות — זײַן בלאָזן וועט
זיך געוויס פאַרהאַלטן.

דער חמץ ליגט נאָך אין אַלע ווינקעלעך, די כלים ניט קיין געכשרטע, ס'איז
נאָך ניטאָ קיין סימן פון פסח.

אויסער איר יחוס, איז זי אַן עגונה און מען האָט דערפאַר אַף איר רחמנות.
ווער איז ער, אַט דער שוטה? — פרעגט דער גביר — קוקנדיק בייז אַפן שמש.
אַ מלמד, אַדער דרדקי מלמד, — ענטפערט דער שמש טויט־דערשראָקן.
ער טוט אָן די תפילין, שטעלט זיך דאַוונען, מורמלט עפּעס, דעם פרש־המלות
ווייסט ער ניט.

ער פלעגט ליב האָבן אַרײַנלאָזן זיך אַמאָל אין אַ שמועס וועגן הויכע ענינים.

דער טאַטע האָט אים אַמאָל געזאָגט — סדנא דאַרעא חד הוא — אומעטום
איז תהו־ובהו, נויט און דלות.

אמת, אינגאַנצן רוט ער ניט, ווײַל עס קומט אים אַז זייער שווער די הוצאה.

אַ פּיצעלע משא בלײַבט אים דאָך — דעם חוב אָפּצאָלן מוז מען! ווי אַזוי?
זיפצט ער.

זי האָט געוואָלט מוסרן אים אַלעמאַי? נאָר אַביסל אויס מורא האָט זי
אַביסל אַ לאָך געטאָן. — נישקשה.

גוט מאָרגן! — האָט ער זיך פאַרנויגט פאַרן בעל הבית, מיט גרויס הכנעה
און פאַרחידושט.

ער האָט געהאַט צוויי פּרנסות — געקנעלט און בייגל געבאַקן — און געזוכט
אַ דריטע פּרנסה.

ימים נוראים וואָלט ער געקענט דאַוונען פאַרן עמוד און כאַפּן דערפאַר

עטלעכע רובל, האָט ער אָבער, לא עליכם, און פאַר קיין ייִדן געדאַכט,
געהאַט אַ קורצן אָטעם.

אַליין קאַליע מאַכן, דאָס זאָל דער אייבערשטער היטן, דאָס איז אַ גרויסע
טפּשות און אַ חטא.

גאַכן דאַוונען, וואַשט זיך חיים, ווי שטענדיק, זאָגט שאָן־ידיכם, מיט ניגון און מאַכט אַ המוציא.

יענער טאָג איז בא חיימען אַ מין יומא־דפגרא, ווי למשל ראש חודש, ווען עלקע קאָכט אַ בעסערן וואַרעמעס.

זעליקן פאַרדריסט, וואָס ער האָט די נארישע, בעל־גאוהדיקע בעלי בתים אויסגעזאָגט זיין יחוס.

אינדערפרי ערב פסח, וועקט זי די קינדער: „שטייט אויף, ממזרים" די בול־

קעס עסן. מ׳דאַרף דעם חמץ פאַרברענען. משומדים, עסט! — שרייט

זי — כ׳וועל דאַרפן אַרויסוואַרפן דעם חמץ. פרעסט אַז דער בויך זאָל צעזעצט ווערן.

דאָס האַרץ זיינס איז געווען איבערפולט מיט רציחה. פריידע האָט דאָס באַמערקט און האָט אַ געשריי געטאָן: גזלן דו, פרעסער, שכור!

ער האָט זיך אַליין באַשולדיקט אין אַ שוואַכן זכרון, געחזרט נאָכאַנאַנד, ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן.

אַזאַ מין עשירות מוז מען באַוואָרענען, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר וועט אַ גנב אים באַגנבענען.

זי איז אומזיסט אין כעס אויפן אַרעמען טאַטן, וואָס איז גאָט די נשמה שולדיק.

דער טאַטע וועט אים אָפּגעבן אַ שלעכטן ברוך הבא, וועט אים ברענגען פסוקים און אגדות, אַז אַן געלט איז מען גאָר קיין מענטש ניט.

ער וועט איינטייטשן, אַז עני השוב כמת ווי רשי מאַכט אויף אַ געווויסן פסוק.

ער איז געקומען אויף פסח אַהיים, צום אַרעמען טאַטן און געבראַכט אַ מטמון מיט געלד.

ניין, חס וחלילה! פינף רובל דאַרף איך ניט. ס׳איז געגוג דריי, דריי איז די ויותר.

ער איז מודה, אַז אַזוינס צו מאַכן מיטן נאָדל איז טאַקע אַ בריהשקייט.

ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, ווי ער וואָלט מורה האָבן אויסצורעדן זיין בקשה.

אדרבה, פרעגט, לאָמיר הערן, האָט לייבע געענטפערט — בנעמות, מהיכא תיתי!

די ייִדן האָבן ניט אויסגעקוקט קיין פּורימדיקע. קוקנדיק אַף זיי, איז דער חשק צו דער מגילה פאַרשווּנדן.

אַ צענדליק ייִדן מיט אויגן שוואַרצע, גרויע, האָבן אים פון אונטער די טליתים מיט חשד אָנגעקוקט.

עטלעכע יונגע בחורים, אין לאַנגע קאַפּאָטעס, האָבן אים אַרומגערינגלט און חוזקדיק געשמייכלט.

יענקל, דער שנייַדער, איז שטאַרק נתפּעל פון דער „חברה קרעדיט-געזעל-שאַפט״ פאַר בעלי מלאכות.

ניט איין שעה האָט ער שוין מבטל געווען, צוליב דער דאָזיקער חברה.

די גליקן פון דייַן חברה — פלעגט די ווייַב זאָגן — ווייס איך נאָך ברוך השם ניט.

יענקל האָט איר געענטפערט — דו האָסט אַזאַ ידיעה אין אַזוינע זאַכן, אַט פרעג דיך בחרם.

פאַרט אַ ייִד! דאַכט זיך וואָס? פאַרט אום שבת, פירט אַ טריפה קיך און שמדן זיך — דאָס אַ מכּה.

וואָס מער ער לערנט, אַלץ מער ספקות, אַלץ מער קשיות, אַלץ מער מחשבות דערוועקן זיך אין אים.

די באָבע איז געשטאָרבן מיט לשון און מיט ווידוי און האָט נאָך זכרון געהאַט צו דערקענען אירע אַלע חפצים.

איך פלעג באַוווּנדערן מייַן באָבעס כוח — איבערהויפּט אין די גרויסע תעניתים.

מילא פון פאַסטן אַ תשעה-באָב, צי אפילו צום-גדליה — פון דעם איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

זי האָט אָפּגעפאַסט לויט איר מנהג, בּאַ אַלע תעניתים און צו מנחה אַפילו לו עננו געזאָגט.

דו ביסט אַ ייִדענע אַ בהמה! דו ווייסט דען וואָס אַמעריקע איז? דאָס איז דאָך אַ קליפּה וואָס ציט.

די פינצטערע שויבן פון די לײדיקע שטיבלעך האָבן אים געשראָקן ווי אויגן פון אַ מלאך-המות.

אין קליינעם בית-מדרש האָבן געוווינט תבואה-הענדלער, מלמדים, וואָס האָבן געוווּסט פון דקדוק און פון שפה-חיה.

צווישן די דאווגער, איז א חסיד אפילו אף קיין רפואה ניט געווען.

עס איז בא קיינעם קיין חלוקה-דעות ניט געווען וועגן ווארטן אפן גביר מיטן דאווגען.

וואס איז די מעשה? מען איז דאך ניט מער ווי א מענטש — א גביר קען אויך חלילה וחס קראנק ווערן.

חנן, דער עזות־פנים, זאגט ארויס זיין השערה, ס'איז צייט אויפהערן ווארטן מיטן דאווגען אפן גביר.

ער האט זיך אליין געשטעלט באם עמוד, אויסגעזונגען די ברכות און דער עולם האט מיט נקמה־געפיל, הויך, נאך יעדער ברכה, געענטפערט — אמן.

דער עיקר איז דאך, אז דער מענטש זאל זיין א מענטש מיט שטאט און דרך ארץ.

ער האלט, אז דער בעל מלאכה איז גאר דאס אייבערשטע פון שטויסל, דער בחיר־היצור נח חיים, דער שוסטער, האט — כל ימיו א בעל הבית קיינמאל ניט פוגע בכבוד געווען. — אפילו שמחת תורה, ווען ער פלעגט זיך אנשכורן, וואס דאמאלסט איז דאך הפקר א וועלט, איז ער געווען דער אמתער, טייערער ייד.

אז עליה פלעגט ער שטענדיק קריגן אן אחרון, א הגבה און אמאל, שבת צו מנחה, טאקע אויך קריגן שלישי.

# יוסף אָפּאָטאָשו

## (אין פּוילישע וועלדער)

זיי האָבן חתונה געהאַט צווישן זיך און געלעבט משפּחה־ווײַז.

יעדן חנוכה זײַנען זיי זיך צונויפגעפאָרן צום עלטסטן אין דער משפּחה און זיך געחשבונט.

זיי זײַנען כהנים געווען, זיך אָפּט צעדמט, און זיך באַלד איבערגעבעטן.

יעדע משפּחה האָט זיך מיטגעבראַכט פון איר געגנט דעם רב און אַ קאַ־פּעליע כלי־זמרים. מ'האָט תמיד געוואָלט אָפּלאָזן דעם שדוך פאַר דער חופּה און תמיד זיך איבערגעבעטן.

ער האָט ניט געוואָלט האָבן די משומדת אין דער משפּחה.

פון חרפּה האָט די מויד זיך געוואָרפן אין ווײַסל. אַפּוואַשן דעם פלעק.

מער ווי דאַווענען, אַ מעביר סדרה זײַן, האָט דאָס יונגוואַרג זיך ניט אויסגעלערנט. די ספרי תורה פלעגן איבערגיין צום עלטסטן אין דער משפּחה.

זיי האָבן געהאַט די חזקה איבער די וועלדער און זיך גערעכנט פאַר די אמתע בעלי בתים.

אַזוי האָבן די פּישער געלעבט פון דור דורות, ווײַט פון מענטשלעכן ישוב.

ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי משוגע, וואָלט ער נאָך נתעשר געוואָרן.

ער קויפט אויף בײַ די פּריצים תבואה פון איין יאָר אָפּן צווייטן בחצי חנם.

ער האָט ליב אַ הלצה און לאַכט אָפּילו פון אייגענעם רבין.

ער האָט געמאַכט בשעת מעשה אַ תמעוואַטע פּנים און זיך צעלאַכט.

ער האָט אַן אָפן מויל, בטבע אָבער איז ער אַ גוטער יונג, האָט אַ ייִדיש האַרץ.

ער איז געוואָרן אַ בעל תשובה נאָכן טויט פון זײַן ערשטער ווײַב.

זי איז געווען אַ רבס אַ טאָכטער, דבורהלע, אַזוי האָט מען זי גערופן, איז געווען אַ מיוחסת.

זי איז געבוירן געוואָרן בקדושה וטהרה און האָט אויסגעזען ווי אַן איידל פלאַנץ. דבורהלע איז געווען זייער אַ פרומע, תמיד געהאַלטן אַ ווײַבער־ריש ספרל.

אברהם האָט באַהאַנדלט דבורהלען מלכותדיק, אָפּגעהיט דאָס אָרט וווּ זי איז געשטאַנען.

ער האָט צום ערשטן מאָל געזען, ווי דער שוחט האָט געקוילעט אַפּן הויף הינער.

ער האָט געהאַלטן אין איין חלומען פון דעם שוחט מיט אַ פּאַרבלוטיקטן חלף אין מויל. דאָס ייִנגל מיט די גרויסע פאַרחלומטע אויגן האָט מיט אַ מוצא־מעסער געשחטן אַ הון.

ער האָט ניט געוואָלט מוחל זײַן דעם ווילנער גאון די מחלוקות מיטן בעל שם טוב.

ווען נישט די ארורה זײַנע, וואָלט ער אַף דער עלטער זיך נישט געדאַרפט וואַלגערן באַ פרעמדע טישן.

דעם רבינס ווײַב איז אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אַ האָרן אַפּן שטערן, פּונקט ווי באַ ושתין.

מרדכי האָט שוין געלייענט אַ בלאַט גמרא, געווען אַבער פאַרחונט און האָט געקענט שטעלן אַ קשיה.

די פושע ישראל דו! דו עוכר ישראל דו! שיקסעם גאָר האַ!

ער וואַקסט אַ ווילדער, זעט קיין עין הרע אויס ווי אַ גרויסער בחור, און קען קיין צוויי ווערטער ניט ריידן.

אַז ער האָט גערעדט מיט עמעצן, האָט ער בשעת-מעשה באַטראַכט די נעגל, ווי אַ ייִד צו הבדלה.

ער האָט פײַנט געהאַט אַן עם-הארץ און דער עיקר געווען פרום ביז צו משוגעת.

פאַר דער קלענסטער זאַך האָט ער גערודפט די שענסטע בעלי-בתים פון שטאָט.

זיך נוקם ונוטר געווען, אַז אַלע האָבן זיך געשראָקן פאַר אים, ווי פאַר אַ מלכות.

ווי גוט ער זאָל ניט זאָגן דעם שיעור, האָט דער אַלטער תמיד געפונען אַ חסרון.

דאָס ערשטע יאָר האָט מרדכי געהאַט אַ גרויסע פעולה, מ'האָט געשמועסט, ס'וואַקסט אַגוטער בחור.

מרדכי האָט בגנבה אויפגעזוכט די געפעפערטע ווערטער, אין הלכות-אישות.

ער האָט זיי געשלונגען און האָט זיך געחדושט, פאַרוואָס ער האָט זיי ביז איצט ניט באַמערקט.

אין פיל גמרות, האָט מען אַפילו די אותיות שוין נישט געקענט דערקענען.

וואָס שטאַרקער ער האָט זיך צעשאָקלט, אַלץ בולטער איז פאַר אים אַרויסגעשוואומען זיין כלה.

ער האָט אַ בלעטער געטאָן די גמרא, זיך צעזונגען העכער און געוואָלט פאַרשרייען זיינע מחשבות.

דער זיידע, וואָס שמעקט מיט פאַרמעט, אַלטע ספרים און רצועות, זאָל אַזאַ זאַך טאָן.

ער האָט געשפּרייזט שעהן לאַנג איבערן בית המדרש און זיך געמוחט.

דו האָסט מחלל שבת געווען — פּושע ישראל דו!

דו האָסט באַגנבעט דעם זיידן, אַ שיינעם נחת דערלעבט — עוכר ישראל דו!

בּאַ אים האָט זיך געוואַלגערט אַ זילבערנע מטבע מיט העברעישע אותיות.

פּולע, אַנגעקוואָלענע, ווי פּולאַיטערדיקע בהמות האָבן די סאַסנעס זיך צעוואַקסן.

אַז ס'איז נאכל ונשתה מחר נמות — זיצט דער זולל וסובא און שרייבט וועקסלען.

וואָס פאַר אַ סמיכת הפרשה — האָט מרדכי זיך געהיצט, — ווער רעדט וועגן אַפּזאָגן?

מאָרגן, בלי נדר, גאַנץ פרי, גיי איך אַרויס אין וואַלד זען וויפל בוימער מ'האָט אויסגעהאַקט.

די קולות האָבן זיך אויסגעמישט, געקומען פון אַלע זייטן און אָפּגעהילכט, ווי דאָס זשומערייַ פון בינשטאָקן.

ער האָט געקוקט מיט פרייד פון מזרח קיין מערב און הנאה געהאַט פון גאָטס וועלט.

זיי האָבן לאַנג און שטיל תפילה געטאָן און געהאַלטן אין איין ווישן די קינדערס אויגן.

זיי האָבן זיך אַ רגע אָנגעקוקט, רחל האָט זיך פאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזט אירע גרויסע אויגן

פון עגמת־נפש און חרטה האָט דער פּרינץ זיך געוואָרפן אין דער ווי־סל.

ער איז געזעסן בײַ אַ דעמבאָוון בית־מדרש־טיש און געלערנט מיט דבקות.

די מלחמה צווישן חסידים און מתנגדים האָט אויפגעהערט און חסידות איז געוואָרן אַ מאָדע.

ער איז געווען אַ ייִד אַ מקובל, אַ חסידישער מוח־מענטש, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ וואַקסן פּנים.

ער האָט אים אָפּגעהיט ווי אַן אבן טוב, אים אָפּגעגעבן דעם שענסטן חדר מיט ספרים.

דאָס גאַנצע גן עדן איז אַרומגערינגלט מיט רײַטוועגן פון צדיקים און משיח געוועלטיקט איבער זיי.

ראש חודש, שבת און יום־טוב גייט ער אַרײַן פאַרברענגען אין די אַלע פּאַלאַצן.

ער הייבט אויף זײַנע אויגן און דערזעט די אָבות, וואָס זײַנען דאָרט זײַט דעם חורבן.

ער קלאַפּט אין די הימלישע טירן, ביז עס דערגרייכט דעם כסא־הכבוד.

זיי ווערן אָנגערופן אבלים פון ציון, וואָס וויינען אייביק אָפּן חורבן.

מרדכי האָט געקוקט אַף ראַיטשען און געגלויבט, אַז ער האָט איצט עלית־נשמה.

אַן ערלעכן ייִד דאַרף זיך איבערגעבן אין דעם רשות פון צדיק בלב ונפש.

דער צדיק איז כולל אין זיך חכמה, בינה, חסד און אַלע סודות.

דער חלל ומין איז בלויז רוחניות און דער זולל שאל איז פול מיט דם.

דו גיסט איבער דעם צדיק דײַן רצון, דײַן נשמה, ווערן זיי שותפים צום צדיקס רצון און נשמה.

מען מוז דורכגיין אַלע מדרגות, וועסטו ניט ווערן קיין עבד באָם יצר הרע.

ער איז געווען אײַנגעהילט אין אַ פורפורנעם טלית מיט שוואַרצע פּאַסן.

גיב זיך איבער אין זײַן רשות, פאַר דיר איז נאָך דאָ אַ תקומה.

די שאָטנס האָבן זיך געשאַרט צווישן די ביימער, ווי הינקעדיקע חיות, זוי מחנות פייגל.

מרדכי האָט קיין עין הרע אין ווערמען אריינצוגעראַטן, זייער יחוס שפּאַרט אָן ביז תוספות־יום־טוב.

זי וועט וועקן די זיידעס פון די קברים, וויינען אזוי לאַנג ביז די צדיקים וועלן דערהערן.

האָב ניט מורא, מרדכי, גאָט איז בלויז רחמים.

די הוילקייט באַם האַרצן איז אַלץ גרעסער געוואָרן, זיך געלייגט אַף אים ווי אַ שווערע משא.

ס'איז משיחס צייטן. אַף יידן רוקן זיך אָן רדיפות אשר לא יודעו אבותינו

אַ רמז דערויף האָט ער געפונען אין מדרש, ווו ס'רעדט זיך אַרום דעם זיבעטן מופת.

אין רוים איז פאַראַן אַ מאַרמאָר־שטיין, וואָס זעט אוים ווי אַ בתולה, אַ יפת־תואר.

ער וועט שיקן אַ שליח צו די יידן און צו די עשרת השבטים אַף יענער זייט סמבטיון.

די מלאכי־השרת וועלן גלייך אָנקומען און אים מקבר זיין מיט די אבות.

אַז ניט וועט ער ניט איבערלאָזן קיין שריד ופליט פון די יידן.

ער האָט געוואָלט אָנטאָן דעם חולה אַ קמיע, אַז די חולאת זאָל אוועקגיין.

ער האָט זיך געפרייט מיט זיינע נצחונות, געטרויערט אַף זיין מפּלה.

אַז ער איז קראַנק געוואָרן, האָט די מוטער אים צוגעפירט צום ארון קודש.

מרדכי האָט ניט געהאַט קיין טענות צום רבונו של עולם, בלויז געפילט ווי עפּעס קוועלט אים.

געבענטשט זאָל זיין גאָט, וואָס האָט איינגעטיילט פון זיין כבוד צו אַ בשר ודם.

זי האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן און מיט אַ צוגעתדיקן שמייכל אַרויסגעלאָפן.

ס'איז אַ געוואַלדיקער נסיון. ער זאָל בשכבך ובקומך מלחמה האַלטן מיטן יצר הרע.

אויב אַ מענטש לעבט אָן אַ ווייב, איז דער שכל מחייב אַז מען דאַרף האָבן שלעכטע מחשבות.

וואָס שטאַרקער די התעוררות אַלץ מער מסוגל איז ער אויסצוטאָן די גשמיות פון מחשבות זרות.

אין יעדער מחשבה־זרה איז פאַראַן אַ ניצוץ־אלוה — אַ געטלעכער פונק.

וואָס איז געזונקען צו זייער אַ נידעריקער מדרגה און בעט זיך אַ תיקון.

אַ מענטש טאָר חס־וחלילה זיך ניט איבערגעבן צו דער תאווה, און זיך אַריינטאָן בלויז אין גשמיות.

איך וועל עס אם־ירצה־השם אַפּנעמען בײַ דיר מיט פּראָצענט.

זיי האָבן געוואָלט אַף אַ ווײַלע זיך באַפרײַען פון דאגות פּרנסה, פאַר־געסן די וואָכעדיקייט.

ער האָט באַשלאָסן צו גיין אין זײַנע דרכים, זיך איבערגעבן מיטן גאַנצן האַרצן צו עבודת־הבורא.

דער רבי איז אַוועק אין מקווה אַרײַן און נאָך קבלת שבת האָט ער גע־הייסן דעם אַלטן חיימען זינגען.

ס'טײַטש רבי, ס'ליגט דאָך אַ מת אין הויז — איר זײַט דאָך אַן אבל?

זיי האָבן געהויבן די שטעקענעס, געשרײַען מען זאָל אים אַריבערוואַרפן איבער אַ טיש, מאַכן אַ משכנתא.

פּרעסערס, זולל־וסובאס, נישט געגנוג וואָס איר זינדיקט, לאָזט איר נישט אַ צווייטן דאַווענען מיט כוונה.

קיין רוח הקודש איז שוין דאָרט נישטאָ, געבליבן איז בלויז אויסגעטרוקנטער מוח.

מען דאַרף אים עוקר־מן־השרש זײַן — האָבן אַלע חסידים אָנגעהויבן צו שרײַען.

דורך אמתע נגינה קאָן מען קומען צו דער בחינה פון נבואה.

דער אמתער צדיק האָט יחוד מיטן רבונו של עולם נאָר דורך נגינה.

אַלע מיטאַמאָל האָבן זיך צעשאָקלט, ווי זיי וואָלטן מחדש געווען די לבנה.

אים האָט הנאה געטאָן די גאַנצע חתונה און ער האָט אים אַ זאָג געטאָן אַזוי זיך — כלאחר־יד.

וואָס זאָגסטו אַפן באָרוועסן? געהערט אַ ביסל קללות און חרמות?

פּושעי ישראלים! — וואָס מיינט איר, די וועלט איז הפקר?

ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן עולם מיט אַ קויש פּלעצלעך און געשרײַען — כל דכפין יתא ויאכל!

דער עולם האָט צעכאַפּט די פּלעצלעך אַזוי ווי מצה־וואַסער.

זייע־ע חשובדיקע פּנימער האָבן געקוקט אַזוי צעשראָקן, אַז אַ רחמנות האָט אַרומגענומען.

ס'איז דאָך אַ דבוק, רחמנא־ליצלן, גיסט זי אָפּ מיט נעגל־וואַסער! — האָט אַ חסיד אַן עצה געגעבן.

דער ימח־שמו האָט קיין שליטה צווישן צדיקים — האָט זיך עמעצער פון עולם אָנגערופן.

מען האָט אויפגעהערט צו פאַרשטיין דעם פּרוש המלות פון בעש״טס תורה — ס'איז געוואָרן תורת משה.

נאָר אַף איינציקע קען מען זאָגן — לא על הלחם לבדו יחיה האדם.

ער האָט געזוכט התבודדות, זיך פיל אָפּגעגעבן מיט קבלה, מיט חקירה.

ער איז אַרײַנגעפאַלן אין גרויס עצבות, נישט געגעסן, נישט געטרונקען און געהאַלטן אין איין טענהען.

אָט די, וואָס זײַנען אײַנגעטאָן אין גשמיות איבערן קאָפּ זײַנען דאָך דאָס רוב בנין ורוב קנין.

דו ביסט געוואָרן אַ בעל מופת! — טרײַבסט גאָר דבוקים אַרויס, האַ?

אַז ער האָט אַרומגערעדט אַ פּסוק, איז דאָרט געווען חריפות און בקיאות — מ'האָט נישט געקאָנט מסביר זײַן.

ער פילט די חבלי־לידה און גלויבט, אַז אַ גרויס געלײַטערט וואָרט וועט ער געבן דעם עולם.

אַז גאָט ברוך־הוא האָט באַ זיי גוף־תאוות, ווי — להבדיל — אַ מענטש.

די בוכשטאַבן זײַנען געווען רונד, די שורות אויסגעוועלבט, ווי האַלבע לבנות.

דעם רמב״מס השארות־הנפש איז פאַר די יחידי־סגולה, פאַר די בעל־שכלס.

איך בין נאָך אַ בחור, שטאָט לאָזט מיך ניט חתונה האָבן, טענהט — לאָ יבוא ממזר בקהל ה״.

ס'וואָלט מיר אַפילו אָפּן שכל ניט געקאָנט קומען אַז — ואהבת לרעך כמוך — איז ס'גאַנצע יידישקייט.

ס'איז בבחינות שבת שבתון — וואָס נאָר יחידי סגולה קאָנען משיג זײַן מיט שכל.

דעם מענטשנס שכל האָט אַ גבול — ער ליבט דעם בורא לויט דער מדרגה, ווי ער איז אים משיג.

דינען און ליבן דעם רבונו של עולם קאָן מען נאָר דורך אהבה און פריִער קומען צו עלית־נשמה.

ישׂראל אוריתא וקודשא ברוך הוא — זײַנען איינס. ישׂראל איז דער סוד פון דער בריאה.

ווי וועדט איַיך ניט נמאס צו משפטן זיך דאָס גאַנצע לעבן — פרעג איך בא אײַך?

איך זײַט דאָך אַ ייִד אַ גביר, איז צײַט איר זאָלט הנאה האָבן פון אײַער עשירות.

ער איז געשטאַנען ווי דער פאַכטער פאַר אַ שׂררה — דער טאַטע איז דער נגיד, דער בעל־צדקה.

ער האָט געקוקט אַפן שטאָלצן רבין, געזוכט אַ שייכות צווישן אים און מה־יפות ייִדן.

אינעם הושך האָט זיך געהערט אַ פרויען־שטימע, געקלונגען מיט שרעק און הכנעה.

ווי הייבט מען דאָס אַ האַנט אַף אַ פרוי — דערצו נאָך אַן אלמנה.

יעדער שאלה און סתירה פאַרענטפער איך און פינקטלעך מסביר אין מײַן שאלות־ותשובות.

מײַן שיטה איז אָבער פונקט דער היפּוך פון זײַנער, דאָס מיינט ניט אַז זי איז אמתער.

ער האָט אים געבונדן הענט און פיס, ווי מען בינדט אַ בהמה צו דער שחיטה.

וויפל עדות מען האָט אויסגעפרעגט, האָט יעדער איינער געגעבן אַנדערע סמנים.

מען איז דאָך נישט זיכער מיטן לעבן, מ׳קאָן דערהרגעט ווערן. אַלץ איז הפקר און פטור.

איך גיב דיר מײַן הן־שלי — אַז מער ווי די דרײַ טויזנט גילדן וועל איך פון דיר ניט נעמען.

ער האָט געוואָרפן אין אויוון אַרײַן איין כתב־יד נאָכן צווייטן, אַלץ איז אַוועק מיטן פײַער.

מ׳האָט זיך געסודעט — ווער ס׳וועט זיך מתעסק זײַן מיט זײַן הייליקן גוף — די תלמידים, צי די חברה קדישא.

דרך־ארץ — האָט אַ חסיד אַ טופּע געטאָן מיטן פוס — וואָס פאַר אַ דבורים?

מיט דער טהרה וועלן זיך מתעסק זײַן תלמידים און גוטע ייִדן, די מצווה באַ־לאַנגט צו אונדז.

אַז מ׳האָט דעם צדיקס הייליקן גוף טובל געווען, איז די מקווה פול געוואָרן מיט ריח־בשמים.

אין רבינס בית־המדרש זײַנען מקורבים געזעסן, ווער איבער אַ „זוהר", ווער איבער אַ משניות.

מיר האָבן געלערנט, אַז דער מענטש זאָל כל־ימיו געדענקען — דאָס ער איז אַ שטינקער...

זיי זײַנען געשטאַנען אַרום דעם נפטר, זיך אײַנגעטיילט מיטן גוף, לויט דעם שייכות פון די אברים.

אימעצער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן הלל, דער עולם האָט אונטערגעכאַפּט מיט פאַרחלשטע קולות.

מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אַן עדה ייִדן דאַוונט נעילה.

זײַן צעהיצטער מוח האָט זיך געצונדן, אַריבערגעשפּרונגען איין מחיצה נאָך דער צווייטער.

ווערטער וואָס האָבן נישט באַם לעבן באַקומען אַ תיקון, ווערן דערהויבן צום ניצוץ, שטייען אויף תחית המתים.

אַז אַ קונה איז נישט אונטערגעקומען, ער איז מיד געוואָרן צו שרײַען, האָט ער געענדיקט מיט אַ ראש השנה ניגון.

דער דיכטער וועבט זײַנע חלומות, אַז די שלעסער ווערן חרוב, און פון די חורבות וועבט ער זײַן לעגענדע.

מרדכי האָט געקוקט אָפּן געוועזענעם ראש הישיבה, וואָס קאָן אַף אויסנווייניק בבלי און ירושלמי.

ער איז אַ ייִד, אַ מושלם, איר וועט באַ אים נישט געפינען קיין פּגימה.

אין דער אמתן איז ער געבליבן דער זעלבער משכיל, נאָר אביסל פאַרגויִשט.

דער קול קורא צו די ייִדן, מיטן אַלטן פּזמון פאַרזיכערט, אַז באַם פּריץ וועט זײַן פּרנסה.

זיצט דער ייִד, שמידט די געטלעכע התגלות, רופט פעלקער צו מלכות המשיח.

גלײַך ווי די ערלים זײַנען געוואָרן בגילופין, האָט מען זיך גענומען טשעפּען צו אים.

די נאַכט, אָן שטערן, אָן לבנה, האָט שעה'ן זיך געראַנגלט מיט פאַרפּלאָמטע שאָטנס.

דער שלאָף האָט איבערגענומען די ממשלה, זיך געוויגט מיט זײַנע חלומות אין דעם חושך.

די תפיסה, שוואַרץ פון יאָרן און רעגן, האָט זיך געהויבן איבער דער שטאָט, ווי אַ צונויפגעפּרעסטע נאַכט.

אותיות האָבן זיך געצייכנט, געגאַרט נאָך די געלײַטערטע כוחות, ווי דער גוף בענקט נאָך דער נשמה.

אָן ליבע, אָן מעשים טובים, קאָן די וועלט קיין קיום נישט האָבן.

גאָט האָט זיך נאָר־וואָס דערנענטערט צום תהו־ובהו, געגאַרט נתגלה צו ווערן.

ס'איז נאָך נישט געווען קיין בראשית, קיין מלאכים, קיין לעבן, גאָרנישט מיט גאָרנישט.

די גמרא זאָגט — אַ שליח מצוה, ווערט נישט געניזוקט.

אַ בײַסיקע קעלט האָט זיך פאַרקליבן אין חדרל, שטאַר געמאַכט די פיס, די הענט און געקראָכן איבער דעם חוט השדרה.

אַ פאַרִיתומטער ווייטיק האָט געטריפט פון אַלע זײַנע גלידער.

מיט אַ מינוט צוריק זײַנען זיי גרייט געווען קריכן איינער דעם צווייטן אין גרגרת אַרײַן.

ער גייט וועגן אַ דבר מצוה — ער איז געגאַנגען ראַטעווען זײַנע ברידער אין אַן עת־צרה.

די חושים זײַנען בײַ אים געוואָרן פאַרשפּאַרט, אויפגעכאַפּט זאַכן, וואָס זײַנען נישט געווען בנמצא.

דער שונא האָט אַרײַנגעשטעלט אין בית־המדרש דעם רוימישן אדלער.

זיי ווילן נישט אָפּטרעטן פון קלויסטער, טענהן אז אָן ווידוי וועלן זיי נישט גיין.

ער האָט אויסגעמיטן די פרעמדע ווי אַ טמא־זאַך, זיך געסודעט און פאַרשוויגן.

ער איז געגאַנגען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, ווי נישט אים וואָלט מען געפירט צו דער תליה.

# געקליבענע ווערק — פון דוד בערגלסאָן

## (צוויי וועלטן; אַן עדות; צוויי רוצחים)

ס'איז אַ שטומער פּראָטעסט, קעגן אַן אכזריותדיקן, אומגערעכטן סדר העולם.
ער מאַכט זיך דרעמלען, אין דער אמתן, איז ער וואַך.
ער איז אַ גרויסער קענער אין די קליינע אותיעלעך.
אַז די מוטערס וועלן זויגן די קינדער בשותפות, וועלן די קינדער זײַן אַלעמענס.
ער איז אַ קרעפּטיקער, בליִענדיקער מאַנצביל מיטן אויסקוק, פון אַ מענטשן אַ בטוח.
וויִאַזוי לאָזט מען זיך דאָס אַרויס אין וועג מיט אַזעלכע בגדים?
אַזוי ווי אונדזערע בעלי־עגלות פּלעגן זיך אוועקלאָזן פון דער היים.
זי געפעלט זיי מיט דער בריהשקייט, מיט וועלכער זי פירט די בעל־הבתישקייט
ער האָט במחשבה, דאָס גלײַך אַ צווייטן געוואָלט איבערגעבן.
דאָ איז אַזוי שטיל, רויִק, און עס פילט זיך, ווי אין גן־עדן.
ניט איינמאָל, האָט דער גורל ווי אַ נס, פון געפאַר אים אַרויסגעפירט.
ער האָט באַטראַכט דעם גבורהדיקן מאַן, וואָס שטייט אַ פאַרלאָרענער.
נישט בלויז מיט ביקסן און קוילן האָט מען גובר געווען די היטלער־דײַטשן.
אין דער היים איז דער דלות געווען זייער גרויס.
ער האָט דעם גרענעץ געגנבעט מיט דער דעה, קיין אַמעריקע זיך צו דער־שלעפּן.
זי האָט אים צוריקגעבראַכט אפן דרך הישר.
חכלל, ס'האָט זיך אַ ריר־געטאָן — הלוואַי אַף ווײַטער.
זי דערציילט דאָס איצט, מיט אַ באַזונדערער הנאה.
דערפאַר הפּנים, האָט דאָס אים אויסגעזען אַזוי פאַנטאַסטיש.
ער קומט אַרײַן אין יענעם מין התלהבות, וואָס צווינגט דיך צו לאַכן.
אין דער זעלבער צײַט, האָט מען הנאה פון אָט דער התלהבות זײַנער.
ער כאַפּט התפּעלות פון זײַן קריטיקירן זיך אַליין.

דער הולך זײַנער, איז נישט געווען ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּראָפעסאָר.
ער וועט שוין ניט מאַכן קיין השיבנו־נאָזאַד צו דעם וואָס ס׳איז געווען.
באַ אַ פרוי איז נישט הפקר קיין מענטש, וואָס איז אין איר געווען פאַרליבט.
הלמאַי האָסטו ניט אָפּגעטאָן דײַן אַרבעט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן.
ס׳איז געבליבן די בלאָטע, מיטן ברוד און מיטן הקדש.
איר מוטער האָט מען דערהרגעט אויף אַ גרויזאַמען אופן.
פאַרשיידענע זכרונות האָבן אים שטאַרק געמאַטערט.
מען דאַרף האָבן אַ גרויסע זכיה, צו ווערן אַזוי געליבט.
זיי זײַנען בײדע געווען ווי אַ זווג מן השמים.
אַז מען ווערט עלטער הייבט מען אָן שרײַבן זכרונות.
דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגעדרונגען פול מיט זנות.
כאָטש ער איז געווען אַ זקן אין יאָרן, שפּרודלט פון אים די יונגנטקייט.
דער רבי האָט געזונגען אַ זמרל. און די גאַנצע קאַפּעליע האָט מיטגעזונגען.
אַז די זריעה איז פאַרענדיקט געוואָרן אין צײַט, איז געווען פריילעך.
זי האָט אויסגעמעקט פון איר זכרון אַלצדינג, אַזוי ווי אַ שלעכטן חלום.
דער טיש האָט ווידער באַקומען זײַן אַמאָליקע חשיבות.
ער האָט ווידער באַקומען אַ שטיקל חיזוק אין לעבן.
די באַקן זײַנען אָנגעגאָסן מיט חכמה, אין זייערע צעאַקערטע שפּעלטלעך.
ער האָט נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן די זעלבע ווערטער.
זי האָט געטאָן אַ שמאָרע אַרויף מיט איר חכמהדיקן נעזל.
זי האָט מיט אַלע חושים געפילט, אַז דאָ דערבײַ, זיצט ער.
דאָס איז געווען דאָס סאַמע חשובע חשובע, וואָס ער האָט באַ זיך אין מוח געהאַט.
ער האָט אָנגעהויבן אויסחשבונען, ווען עס קומט דעם גרעסטן חלק.
ס׳האָבן אָנגעהויבן אַרויסצושווימען געוויסע חלוקי־דעות.
ווי זײַן טבע איז, בעת ער נעמט אויף אַ שווערן ענין.
ס׳איז ניט אַזוי די יאָרן, ווי צו דערפילן אַ נײַעם טעם אין לעבן.
פון דײַן טובה איז גאָר אַרויסגעקומען אַ רעה.
דײַן טענה איז אפשר אַ גערעכטע, אָבער וואָס קאָן מען טאָן?

עס האָט נישט געהאָלפֿן קיין טענות, ער איז געבליבן פּונקט אַזוי איינגע־שפּאַרט.

אַליין עסט ער טרפֿות און שטראָפֿט אַנדערע, פֿאַר נים זײַן פֿרום.

דאָס איז בלויז אַ טפֿל און נישט דער עיקר.

איך פֿאַרלאַנג גאָרנישט פֿון דיר די גאַנצע טרחה.

ער איז באַ מיר טמא, איך וויל אַפֿילו ניט זײַן נאָמען דערמאָנען.

נאָר אַזאַ טפּש ווי דו קאָן אײַנפֿאַלן אַזאַ נאַרישן געדאַנק.

דאָס גליק האָט בלויז געהערט צו די, וואָס פֿראַוועון מיט דעם יחידות.

ניט צו אַזעלכע, ווי חוהלע די יתומה פּאַסט זיך דאָס.

דער יושר אַרום איר איז אײַזן־פֿעסט אײַנגעוואָרצלט.

זיי גייען אים כסדר אַלץ נאָך און דאָס רעגט אים אויף.

זי קוקט הײַנט אויס, ווי אַ כלה אונטער דער חופּה.

ווי אַף צו להכעיס, שטעלט ער אַלע מאָל אָפּ דאָס פֿערד און זינגט.

מ׳וועט דאַרפֿן אַרויסשלאָגן פֿון אים אַלע זײַנע משוגעתן.

ער קען דאָס לשון פֿון לאַנד און די מנהגים פֿון זײַנע שכנים.

די טאַנצנדיקע שניי־רוויזלעך האָבן ממש אַרײַנגעבלאָזן אין לײַב אַרײַן.

מיך פֿרעגט איר מבינות, וואָס קען איך דערויף זאָגן.

אַז ער וועט וויצלדיק דערגרייכט ער צו אַ הויכער מדרגה.

דאָס איז אויך איינע פֿון זײַנע פֿילע מעלות, וואָס ער פֿאַרמאָגט.

זי האָט גערעדט צו די מענטשן ווי פֿון איר אייגענער משפּחה.

זײַט מוחל און קריכט אַרויף אָפּן וועג, וואָרן עס וועט שפּעט.

ער האָט זיך ערגעץ טיף געהאַלטן אין איין מודה זײַן, אַז ס׳איז אמת.

ס׳איז פֿאָרגעקומען אַ באַגעגעניש צווישן דעם מיוחסדיקן רימער מיטן די־רעקטאָר.

ס׳הייבט זיך אויף פֿון די ווילדע גראָזן אַ גאַנצע מחנה פֿליגן.

דאָ און דאָרט האָט ערב־יום־טובדיק זיך אויפֿגעכאַפּט מונטערע געזיכטער.

אַז דער גאַנצער עולם געפֿעלט אים, איז ער שוין בכלל צופֿרידן.

ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ פֿרומע עבודה, וואָס מען גיט זיך איבער צו דעם.

זי האָט געוואָלט פאַרגיטיקן פאַר אַלע עוולות, וואָס מענטשן האָבן איר אָנגעטאָן.

ער טראָגט מיט זיך וויכטיקע ענינים פון ווייטן מזרח.

ער איז געוואָרן אַ מיט־בויער און אַ לעבעדיקער עדות.

אַף איר פשוטן, האָרעפּאַשנעם לשון הייסט עס — נו, יאָ. דאָס איז עס דאָך.

עס איז גאָר נישט געווען אַזוי גרינג צו פּועלן בײַ אים.

גיט נאָר אַ קוק דעם פּחד און שרעק וואָס ס'איז זיי באַפאַלן.

איר שווײַגנדיק פּנים איז בלומרשט געוואָרן זייער שטרענג.

ער האָט געטראָגן אַ צנועהדיק באַהאַלטן געפיל צו איר.

עס מאַכט ניט אויס, זײַן צורה געפעלט איר שוין גאַנץ שטאַרק.

דאָס איז נישט די ערשטע און ניט די לעצטע צרה, וואָס דו לעבסט איבער.

אָן דעם וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום ניט געהאַט.

קודם כל, איז ער אַ גוטער בעל מלאכה און קערט זיך מיט זיי אָן שטיקלעך קרובים.

ער קלאַפּט אין אַלע טירן, בעט רחמים, אַז מ'זאָל אַף אים רחמנות האָבן.

ער האָט געוואָלט, אַז מ'זאָל באַלד, די רגע, זיך איבערפּעקלען צו אים.

די שײַן פון דער לבנה ווערט פון רגע צו רגע אַלץ ווײַטער און טונקעלער.

ער שדכנט זיך צו אַ ווילד־פרעמדע ווײַבל, וואָס מײַדט אים כסדר אויס.

אַוודאי האָט ער אויך אַ שייכות צו דעם לעבן וואָס אַרום.

דער שבת איז אויך באַשטימט געוואָרן פאַר חלומות און גוטע ווונטשן.

ער איז צוגעקומען נאָענט צו די שיפּועים פון די כינגאַנער בערג.

דער גאָלדענער נעפּל אַף די צוויי שורות געקייטלטע בערג.

ער האָט אָנגעהויבן אָפּלייקענען מײַנס און דײַנס, און שותפותדיקייט.

נאָך זײַן שכל קומט אויס, אַז דער קיום איז גאָר קיין קיום ניט.

די זון האָט זיך באַוויזן מיט עטלעכע שעה שפּעטער.

ער האָט געזען אַ סך פאַרבלוטיקטע קינדער, מיט געשאָכטענע העלדזלעך.

שטאַרקער ווי תמיד, שרײַט הײַנט אַראָפּ פון וואַנט די מעלדונג.

ס'האָט אויסגעקוקט מיט אַזאַ תמימותדיקייט, ווי אַ שפּאָגל־נײַער וועג אין לעבן.

# אברהם ליעסין

## (לידער און פּאָעמען)

מ'דאַרף ציִען אַלץ ווײַטער דורך דורות דעם וואונדער פון ווילן און וויי.

צו לעבן פאַר הייליקע תורות, צו שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.

הער איך דרויסן די יללות, ווי אַנטיוכסעס חילות שטורמען דורך קאַלטע שפּאַלטן און באַפאַלן מיט געוואַלטן.

רעדט דער טאַטע פון די חשמונאים, ווי זיי האָבן, גרויס אין זייער האָפן, זיך געשטעלט אַנטקעגן די רשעים.

דו מיין ניט אין שוואַרצן נצחון, אַז טויט זײַנען מיר שוין פאַר ראַכע, אַף אייביק אין גײַסט שוין געבראָכן.

מיר וועלן אַ שמשון נאָך האָבן — וואָס וועט דיך אין חורבות באַגראָבן.

אַ שבת־צו־נאַכט אין מײַן קינדהייט אין קלויז, איך זיץ אַף די טרעפּלעך, באַם עמוד פאַרטראַכט.

פול איז די קלויז מיט לוויה־געברויז, מען פירט דעם פאַרשטאָרבענעם שבת אַרויס.

נר־תמידדיק איז סומנע, נר־תמידיק פרום — אַ נשמה־ליכטל פלאַטערט אין פינצטערניש אַרום.

ער דערציילט אַ מעשה־נורא, וואָס האָט ניט קיין עק, פון רוצחים און רוחות, און אַלערליי שרעק.

ער רעדט פון דער קליפּה דער בייזער, וואָס לויערט דעם ייִדן אין וועג; ער רעדט פון דער גבורה פון צדיקים, ער רעדט פון דעם סוף פון די טעג.

ער יאָגט זיך אַ נעלאָף נאָך מיר שטום, איך ווייס ס'איז שבת צו נאַכט, און אָגרת בת מחלת רײַט אום.

מיט וואַכעניש פאַרחלומט באַ דעם תיקון פרום, מיט הימלען אויפגעשפּאָלטן, אין געהיימניש שטום.

מיט אקדמות־ניגון און מגילת־רות און מיט דער מאַמעס קאַווע, און דער מאַמעס קוש.

איך ליב דײַן פנים משה — ווו דײַן פנים העלט, די ווײַסע נאַכט, די רויטע זון, די גאַנצע וועלט.

די באָבע זיצט באַם ליכטל און תהלים אַליין, געבויגן אַריבער די בלעטער אין גלות פון שטומען געוויין.

איך זיץ אין דער שעה אין דער שפּעטער, באַם אַלטן גשמהקן בוך מיט די גלוטיקע בלעטער, און זוך דעם ציטער און זוך.

ס'ברענט אַ ליכט באַם צאנה וראינה אַפן שטול, און אין אַלע ווינקלען זײַנען שאָטנס פול.

מיר דוכט עס טליִען נאָך די מקדש־ווענט דאָרט באַם הימל־זוים, וואָס וואַלקנט זיך און ברענט.

איך זע זי, די צדקנית, ווי זי שטייט מיט די זין, די זיבן, פאַרן תליון גרייט.

ער שטייט דורכגעלויכטן פאַר דער גאַנצער עדה, וואָס ער גייט פאַר נאָך צו דער עקדה.

נאָר אין תשעה־באָב, אין סומנער נאַכט אַמאָל, לאָזט ער זיך אַנטפּלעקן אין אַ מאַמעם קול.

די פּלא־ווערט נתפּעל, שטעלט זי זיך און זינגט צוזאַמען מיטן ליבן פאָלק ישראל.

מיטאַמאָל באַגרײַף איך מוראדיק דעם מיין — פון אָט די סליחות פון געוויין — פאַר מיר אַליין.

איך הער אַ גערויש פון פאָרכט אַרומגעכאַפּט, ווי אין תכריכים וואָלטן ביינער ווײַס געקלאַפּט.

שטייט אַ גלח פאָכנדיק אַ צלם און עס שוימט אים פון די ליפּן סם־שמד און לעבן אָדער טויט און פלאַם!

לייען איך און ציטער פאַר התלהבות — צי אַ חדר־יאַט ווי איך, וועט קאָנען, אין אַ גזרה אַפן פײַער ברענען?

מען דאַרף דאָך זײַן גרייט און טאַקע זען — ווי דער קדושים־ווייטיק איז געווען.

הער איך הוכא־טלולאס און געוויין, דולע אַפּהילכן, בייז געברום, אַ בהלה דורכן וואַלד אַרום.

זיי קומען פון די ווײַטסטע דורות, פירן נאָר די שלאַכטן פון די תורות.

איך האַלט אין איין רופן און טענהן — פאַרוואָס אַזאַ שוואַרצער גזר־דין?

דער בית־מדרש איז צעשטראַלט, דאָס לויכט מיט ליכט פון דער גאולה, די קדושה אַרום זײַן געשטאַלט.

אַלטע, אויסגעקושטע ספר־תורות, אויסגעקושט פון א צענדליק דורות.

אין אַלטער שפּראַך, אין קוים דערהערטער — טוט א בליץ דער פּרוש פון די ווערטער.

איך זע משה שטייט אין מדבר, און עס שיינט זיין פּנים מיט זונען־ליכט.

אימהדיק קוקן די אַלע געזיכטער, פאַרהילטע באַנאַכט אין טליתים, אזוי ווי עס וואָלט זיך שאָקלען א קהל פון מתים.

עס הודיען די תפילות, ס׳קלאָגן די יעלות, און עס שוידערט דער געוואַלטיקער לשון.

ער בעט בא אים רחמים און כוח, צו קאָנען פאַרטרייבן די שרעקלעכע ספקות, פון שוואכן, פון קינדערשן מוח.

מיך מאַטערט די מידקייט פון דורות דער רעש פון חזרן תורות...

די שפּלסטע הייבן זיך העכער אַלץ אויף, און הייבן מיט זייער דערהייבן, די אומה די גאַנצע ארויף.

פון ווילדע חיות, ווילדער נאָך און ערגער איז דער מענטש — דער שטעכער און ווערגער.

אין שווערער, אַנגעלאָדענער נשמה — לייטערט זיך און לייטערט הייליק די נקמה.

אזא תפילה זכהדיק לויטער שיין, א ליכטיקייט, ווייס אזוי פרום — אזוי ווי קיטלען ארום.

שפּילן אפן וואַנט די קליפּות א ספּעקטאַקל, פירן אונטער מיר, אין חוזק דעם סך־הכל.

נייט ארויס דער צדיק אַפּצוריכטן גלות. רייסן אים די קליפּות ווינטיק פאַר די פּאָלעס.

זיצט דער צדיק טעג, אין טלית און אין תפילין, טאַנצן ווילד די קליפּות ארום און שפּילן.

פּרובירט ער קענן זיי מיט מעשים־טובים שטרייטן, ברענט ער מיט זיין תורה, ברענט אף אַלע זייטן.

איך בין ווי א חלום געגאַנגען ארויף־צו, צום באַרג געזוכטן, וואָס טראָגט די ערשטע פרוכטן.

אָט טאָגט שוין דער יום־טוב דער גרויסער, מיר שטייען אנטציקטע און דאַנקען.

אַם הוסט שוין דער טאַטע באַם שוועל, מ'הערט זײַן ניגונדל ברומען. די
מאַמע גיט זיך אַ שטעל — איר גורל אַנטקעגן צו קומען.

צי ווען אין גלעד ווײַט, צי איצט אין גורל־צײַט, די יפתה טעכטער אונדזערע,
אונדזערע אין אײביקייט.

שווימען מיר פאַרבײַ די ברעגן דורכן חושך שטיל, צו אַ ליכטיקייט אַנטקעגן,
צו אַ גרויסן ציל.

אײַנגעהילט אין בשמים־ריחות פון אַ כשוף שטיל באַנומען, לייגט זיך אויס
דער פּרילינג־אָוונט — אויף די ביימער, אויף די בלומען.

ער זעצט און לערנט, דער תנא, דער שטן — ער איז אים מקנא.

דער הייליקער תנא ווערט בלינד. דער כשוף דער בייזער פאַרשווינדט.

ניטאָ די אַמאָליקע דורות, ניטאָ די נסיונות, ניטאָ די עברות.
— מ'דאַרף מאָרגן אין חדר שוין גיין.

ס'איז אויס שבת, עס גייען די וויסטע רשעים אין גהינום אַרײַן מיט געוויין

די בייזע, די שלאָפלאָזע נאַכט, זי האָט מיך משוגע געמאַכט.

צעשטערט האָט דער מסחר זײַן יום־טוב, און וואַכעדיק ווערט אים זײַן וועלט.

וואָלט איך געהאַט די אוצרות, וואָלט שוין געווען אַ טאָלק — איך וואָלט
פון די ייִדן געמאַכט אַ לײַטיש פֿאָלק.

מזל־טוב דיר! קלינגט און הילכט פון אַלע זײַטן דער בעל־שמחה הערט עס
אָבער שוין הינטערן טיר פון ווײַטן.

אַ, דו גזלנטע, דו ליאַמע — מיטן חן־גריבל דעם מילדן, דו מאַכסט זיך
תמעוואַטע פון קאַמף דעם ווילדן.

טוט פאַר חשד זײַן ווײַב ברומען, לייגט אים אָן אַ פולן קראַגן מיט קללות
האַפּטיקע, קרעפּטיקע און זאַפּטיקע.

יעקב קריכט און שאַרט זיך צו, עשו שטויסט מיט אימפּעט, און דער ויתרוצצו
ענדיקט זיך אין סימפּעט.

חי־שברכס קנאַקן אין די שטויבן טיף, דאָס שוויים גיסט זיך פון דעם סקיף —
טריף נאָך טריף.

דער טרויער פון אַ דור, וואָס בלײַבט און גייט אוועק, ווי עס בלײַבט אין נעפּל
דער לבנה־פלעק.

עס קומט צום בייזן אָקעאַן די זקנה־זון אַראָפּ, שמייכלט שפּאַטיש פון טומאַן
און שאָקלט מיטן קאָפּ.

די געלע לבנה, די צנועה, זי טוט מעלאַנכאָליש אַ בליק, מאַכט אַ באַליידיקטע תנועה און רוקט זיך אין נעפּל צוריק.

איך טראַכט פון דײַן גורל און חלום, טראַכט נאָכאַנאַנד, און ברען מיט דײַן חרפּה און שאַנד!

צי קאָנסטו יענע לאַנד ווי פרעסט גליִען, שניי־תכריכים לויכטן, ווו פרײַ האָט געקאָנט נאָר דער וואָרעם אין דער ערד זיך טיף?

דער מלאך פון מײַן טרוים, דעם שטאָלצן וווּנדער־רב, וואָס שלאָפט שוין הונדערט יאָר, זײַן שטילן אוהל־שלאָף.

עס שווימלען אַלע חובות שוין באַזעסענע, מיט די מענטשן־קינדער די פאַרגעסענע.

איבער תהומות, דורך אימות, לאָזן זיך אין וועג פון די וואָרעמע מקומות ווינטלעך שטיל צום ברעג.

לידער פון מײַן יוגנט, לויטער ליכט און סודות -- וועט מען טאָקע זײַן פון גרויסן קאַמף די עדות.

אָט זיצט ער באַם ספר נאָך אַ טאָג פון מי צעבראָכן. איך זע ווי שבתדיק עס לויכט זײַן אינדערוואָכן.

ס'האָט יעדער דורך זײַן שטייגער געפירט, פון דאַנען דעם כסא־הכבוד באַרירט.

עס ווערט דער הימל ווי די ערד פאַרלאָשן, און דער טויער פון רחמנות איז געשלאָסן.

אוועק איז דעריום־טוב, עס שטייען די בערג די צערויטלטע הויל, באַלד גיט אַ הוזשע — המבדיל בין קודש לחול!

אָ, זינג, ווי עס קומט צו אַן אביון אין נויט אַליין אליהו הנביא צו גיין.

איז דער עדות אַן אַנטציקטער — פּײַל פון בויגן, אין ירושלים באַלד געפלויגן.

שטעלט זיך אויף דער נשיא, רופט אויס אין שײַן — זאָל דער נײַער חודש הייליק זײַן.

קוק איך אָפּן מולד און מיר דוכט, פון ווײַטן קוקן — מיט ווי אויגן פון די צײַטן.

זאָל איך זײַן דער פונק דער לעצטער אין די אַשעס? טאָ ניט מאָן קיין חשבון און ניט פרעג קיין קשיות.

דערזע איך דאָס זוניקע זיידע־געזיכט, אין באָרד און עטרה און טלית, פאַל איך אַפּן פּנים און חלשו.

איז דאָס שוין דאָס ליכט פון גן־עדן, אין זכות פון מײַן הייליקן זיידן?

זײַן ווערט דאָס ליכט־בעט מײַן מיטה, און רײַסן זיך ווערן מחבלים אַן סוף צו מיר — און נישט האָבן קיין שליטה.

מען לויפט פון די פּוסטע בית־עלמינס אַף גיך — צו שטעלן זיך גרויליק, צום לעצטן געריכט.

אַט יאָגט זיך אין זאָטל און שווימט מיט געשריי — א גרײַז עבר־בטל אין גלוסטן געדריי.

פלאַמט דער מערב וואָלקן־הויך, צעברענט זיך דער מזרח פון אונטן, שלאָגט אַרויס פון תהום א רויך...

דו ביסט דאָך מעביר די סדרה פון מאַרשרוט, מײַן מדבר־למדן — צי ווייסטו וויפל ביינער און צעשרפּהט בלוט באַגראָבן אַט די זאַמדן?

עס ליגן די וועלטן פון תוהו צעשפּרייטע, און עס גלִיען די גיריקע גופים, די גרייטע.

ס׳גליט אין שטילן חושך נאָענט א קאָסטיאָר — צי אין חלום נאָר, צי טאַקע אַף דער וואָר?

זײַן אָטעם מונטערט פון דער ווײַט און נאָענטקייט געהיימער, דער לײַטערער פון ליכטיקייט, פון לויטערקייט דער שומר.

שיינקייט פון דער נשמה איז דאָס שענסטע דאָך, און שענער פון דער שיינ־קייט איז די ליבע נאָך...

שימערן די מעשות עלעגאַנט און לײַכט, ווי די נעכט פון מזרח גלוסטיק, גלוטיק און פײַכט.

איך גראָב זיך אין קברים פון אַלטע ספרים, ווו דער צער פון דורות ליגט פאַרגעסן שטום.

פרעה נעמט זיך אין שטויביקייט פאַרהערלעכן, פאַרגעטערן, און אַפּן באַרג פון אייביקייט און גדלות קלעטערן.

ווו עס פינצטערט אומגליק, זײַנען מענטשן אויסגעשטעלט צום גזר, ווי גראָז צום שניט.

דער צוג פון סודות טוט א ריר, גייט אוועק — ווו צו זײַן ציל. — אײַנגעזונ־קען בלײַבן מיר מיט שאָטנס פיל, אין חושך שטיל.

עס לויפן זיי נאָך פון דער שטיקנדער שמך חתנים פון לילית מכשפים א סך.

עס שטראָמען די מחנות פון אומריינער מאַכט, עס איז זייער הימל, עס איז זייער נאַכט.

ווער חקירהט זיך טיף און ווער ברומט, ווי א חיה, און ווער קאָקעטירט מיט א שיינער העוויה?

באַלד טראָגט שוין פון גיהנום און זודיקן נעפּל דער ריח פון סמאָלע, דער ריח פון שוועבל.

דעם הבל־הבלים, דעם אָפּנאַר דעם גרויסן — שטייען בא נאַטור ווי א פרעמ־דער אין דרויסן.

ווי טיף איז דער סוד און די נאַכט אזוי שטום, עס רינגלען געשפּענסטער, ווי פראַגן מיך אַרום.

עס וויינט פון אמאָל ווי א מוסר־מאָטיוו, ווי שטום איז די נאַכט און דער סוד אזוי טיף.

ס'פינצטערן די תהומות צוויי, און דו לייכסט מיר אין דער מיט, גיי איך איינ־זאַם צווישן זיי, אין צלמות וויסט און ווי, און איך האָב קיין מורא ניט.

זי טוט זיך מיט קראַפט אַזאַ הייב, אַט שווינדט שוין איר ווייסע נשמה, די טויב.

זי איז פול מיט ליבן נעבל־חן, אירע שענסטע שטראַלן האָט זי נאָר פאַר אים אליין.

בלאָזט אין שופר דער גבור, רוט דער גייסט פון גאָט אָף אים — חרב לאדוני ולגדעון! — דונערט יעדן קריגערס שטים.

איז דאָס יענע וואַנט פון ים־סוף, הינטער וועלכן פריידיק, פריי, לויפן ששים־רבוא יידן שנעל אוועק פון שקלאַפעריי?

איין פאַרביקע שעה אין דער זון, איז געווינטשטער, ווי צענדליקער יאָרן אין דער פינצטערניש.

דאָרט ווו מיין וויג איז געשטאַנען, ווייט אָפּן צפון דעם ליבן — אונטער די הימל־טומאַנען איז מיין נשמה געבליבן.

רייסט ניט אויף קיין הימלען קעגן אים דער שאָטן, ווי א וואָרעם האָט פשוט אים צעטראָטן.

איז פאַרבאָרגן ערגעץ א כוונה, אין דער אנדער זייט פון דער לבנה.

איך גיי אים אנטקעגן, דעם וויסטן מחבל, און בין אים מיט געזאַנגען מקבל.

די מינע פון תחיה איז אָבער געבליבן, אַזוי ווי אַמאָל, פאַר זײַן נאָמען דעם ליבן.

ווי אַלץ וואָלט געטאָן געווען נאָר — צדקניות־הדור — צו אַל־די־שוואַר־צע יאָר.

פאַרטשאַדעט איז די נאַכט, פון ריחות צעשכורט, פון תאוות צעשמאַכט.

אַ פאַלשע בהלה! אַ שרעקיקע שטות! דאָס גייט דאָך די וועלט־גאולה אויס־פּרוּוון דעם רום.

דו לערנסט תורה מיט דער וועלט, און דעקסט איר אויף דעם סוד — פון שם־המפורש, אויסגעשטעלט אין קדושה און גענאָד.

זיי קרומען די רוקנס אין דבקות, דאָך טיף אין זיי עקבערן ספקות.

צי האָבן אַף דעם אַזוי גלוטיק און צאַרט, דורך ענדלאָזע דורות, די קדושים געוואַרט.

כ'האָב געפילט די מורא און די העלע מרה־שחורה, דעם עקסטאַז פון זאָווייען, פון די שווײַגנדיקע שנייען.

שלעפּ איך דײַן פּעקל יסורים, ברען מיט דײַן שאַנד און פּײַן, קוש איך דײַן טראָט דורכן שטורעם — כנסת ישראל, דו מײַן.

וואַקסט דער בנין־דאָך אַף דעבער, הויך און העכער, פרעך און פרעכער.

אַז איר אַרבעט מיט דער גאַל צו ווערן הימל־ברעכער, פליט איר שטאַרקער כף־הקל, וואָס איז זײַט געשטיגן העכער.

תיכף ווי די צוויי מלאכים זײַנען, אויסצושפּירן סדום אוועק, הייבט אברהם אָן מיט גאָט צו טענהען:

צי וועסטו לאָזן מיטן רשע שטאַרבן, אויך דעם צדיק, אויך דאָס קינד?

צי וועסטו אין צדיקס זכות ניט דאַרבן אויך דעם גאַנצן נעסט פון זינד?

זײַנען אָבער אין דער שטאָט פון זינדער, צען צדיקים אויך ניטאָ, און עס זײַנען זינדער אויך די קינדער, און עס קומט די לעצטע שעה...

ווי וווּנדערלעך כשופט דער אויפפלאַם דער גרינסטער, און חוזקט און שיפּעט אין אויער מיר פינצטער.

עס טראָגן זיך בלינד די סכנה־סיגנאַלן, און עס ווערן די רופן אין שטורעם פאַרפאַלן.

איך רוף פון חדר מיט מײַן גאַנצער מאַכט, אַ, וועכטער, וועכטער! — וואָס איז מיט דער נאַכט?

אין ווילדע נעכט אזוינע, אין חדרים שפּעט, עס זײַנען מײַנע אנגסטן און מײַן ווײ־געבעט.<br>
עס ליגט אַף אונדז טויט, אַף יעדן קער און ריר, און מיר ווארטן מוכן און מזומן, אַ ברירה האָבן מיר!<br>
פאַרן תהום פון סס, פאַר די כוואַליעס פון נגישות, פאַר די מערדערלעכע רשעות, בלאָז־זשע אויף דעם פלאַם.<br>
ם'איז געבליבן פאַרן קבר איר בלײַענדיקער גוף, איר צאַרטער, און פאַרן לעבן אַ גע֗דעכעניש — אַ קאַלטער שטיין, אַ האַרטער.<br>
ריחות און בשמים, טרעלן און תפילות, טײַכנווײַז שטראָמען אין רוים, צי־טערן דורך ווי אַ טרוים.<br>
גבוה און שטערן, די ערד און דער הימל, אַלץ ביזן מינדסטן שטויב — גיסט זיך צוזאמען אין הארץ פון דיכטער, לויטער אין שירה און לויב.<br>
ביינע שטורמישע יאָרן, זיי זײַנען אוועק אזוי ווי אַ טומלדיק־דריקנדער חלום, און דערוואַכנדיק זע איך — נאָר פוסטקייט און שרעק, אַ פאַרחלומטן הבל־הבלים.<br>
איך האָב נישט, אָ, עלנדע אומה! מיט וואָס דיר צו דינען — ארום, אין דעם אָרעמען וואָכיקן לעבן.<br>
דעם נפש דאָס האָב איך, דעם נפש דעם הוילן — איך קאָן דיר אים געבן.<br>
און ווארעם זאָל פליסן אויך מײַן בלוט אהין אין די ריינע, אהין אין די הייליקע, בלוטיקע ימען.<br>
פון דײַנע מיליאָנען גבורים און קדושים, און פליסן צוזאמען.<br>
איז אַלץ אַף מײַן וועג אַ בהלה צעשפּרייט, עס לויערט דער בלבול — די פּגע־רע איז גרייט.<br>
אומזיסט האָט ער גלחעשן בוימל געגאָסן מיט פערל פון לשון.<br>
יאָרן נאָך יאָרן, זיי קומען און שווינדן, פאַרשטיקט זײַנען שוין לאַנג די פלאַמען, דאָס אַש האָבן ווינטן צעשפּרייט און צעטראָגן, אַף אַלע יבשות און ימען.<br>
דורות נאָך דורות, זיי קומען און שווינדן, און ערגעץ אין הימל אין הויכן,<br>
די תפילות פון ביידע — זיי יאָגן זיך אַלץ נאָך, דעם כסא הכבוד צו גרייכן.<br>
איך גיי צום ווײַטן בית־עולם, ווו מען גרייט צו דעם אָרעמען מת צו זײַן אייביקער רו.

מען לייגט אין קבר דעם טויטן אריין, עם פאלט אויף אים שוואך, פון לאמ־
טערנע די שיין.

די מענטשן פארשווינדן מיט זייער געוויין — עס בלייבט נאר דער קבר, דער
פרישער אליין.

ער בלייבט מיין מת, א פארשטילטער אין נאכט, די דירה, די נייע פון שאטנס
באוואכט.

עס פירט די אלמנה אין שול מיט געוויין, באגינען און אין אוונט, איר
יתומל קליין.

עס קומען תעניתים און ווייגענדיקע טעג, דאן גייט די אלמנה צום קבר אוועק.

פארוואס אזא שכר, אזא גזר — צו טראגן פון וועלטן, פון גאנצע דעם צער?

כאטש ירושלים איז ניט יידיש מער, דער בית־המקדש איז געשענדט — לאזט
יהודה ניט אראפ די הענט.

הערסט דעם רוף וואס שאלט, יהודה איז קעגן פיינט ארויס, פון פעלזן־שפאלט.

עס פאלט דער גבור מיטן שווערד אין האנט, עס לויכט ערשט אויף זיין
אנהייב פארן פאלק און לאנד.

גאנץ ירושלים איז פארטייעט אין אימה, האט געווארט אף זיין סוף, און אף
בשורות געהיימע.

ער האט ניט גערופן צו תשובה און שטראף, ווייל אויפגעדעקט האט ער געזען
שוין דעם סוף.

פון מזרח און מערב א קול! פון אלע פיר זייטן א קול! א קול אפן מקדש, א
קול אפן פאלק!

ווער ביסטו, שטאלצער מענטש, ווער ביסטו, אלטער, רייד! צי ביסטו א
מכשף אדער גאר א שד?

קיין שווארצן כשוף, שווארצע שדים טומאה, געפינסטו ניט אין מיר, געפינסט
ניט אין מיין אומה.

איך האב געזען דעם חורבן אונטער טיטוס־האנט, איך האב געזען דעם
מקדש קראכנדיק אין בראנד.

איך האב געזען חורבות אף דעם הר־הבית, איך האב געזען אין מקדש ווינען
ווילדע חיות.

עס האבן אלע זקנים יאמערלעך געקלאגט, איך איינער האב געשמייכלט,
טרייסט־ווערטער געזאגט.

איך האָב טיף געפילט אַ קנאה צו די שטיינער, וואָס ליגן אויסגעמישט מיט די קדושים־ביינער.

איך האָב געלעבט צו זען דעם בלוט־מאַרשרוט דעם רויטן — דעם וועג פון גלות־פאָלק, וואָס רײַסט זיך פון די קייטן.

דעם בית־הקדש האָט דער צורר לאַנג פאַרברענט, נאָכדעם אויך דעם בית־המקדש פאַרלענדט. ניט האָבן זאָל די אומה, אויך אין גײַסט קיין תקומה.

דער שבת קודש גייט, דאָך ווער איז אים מקבל? אין טויט־פאַרשטומטער שטאָט, — אַ חוץ נאָר דער מחבל.

די רוצחים מיט צלמים בלוט־רויט, מאַכן הכנות פאַרבאָרגן, צו וואַרפן די ייִדן צו הייליקן טויט.

זי זוכט אין עקסטאַז אין צעשטראַלטן, דער משחית אַ ווײַלע פאַרהאַלטן.

הײַנטער איר ווילדעוועז גרוילן, אין פלאַמען פון קדושה פאַרהוילן. און צווישן יללות צעגליטע, דערהערן זיך ברכות אף שחיטה.

אַזוי ווי פון ווײַטע מזרחות די רויבן, אַט דוכט זיך, עס הייבן זיך אויף נשמות פון קדושים אַרויף.

מען טאָר אַליין בידים ניט געבן, צום קוילער און האַקער, דאָס הייליקע לעבן.

די קירך פון ליבע האָט פון אַלץ געמאַכט אַ תל. באַרויבט, געשלעפּט צום שמד, געשיקט צו אַל־די־העל...

אַט קומט די בייזע שעה, אַט טראָגט זיי אָן דער רוח — אַט טרײַבן זיי אין קלויסטער ווידער צום וויכוח.

אָ, קהילות הייליקע! אָ, זײַט גרייט! ער שפּרינגט אויף, די הענט צו גאָט געשפּרייט.

זי האָט אין די שטראַליקע אויגן געטראָגן דעם צער פון דער מענטשהייט פאַרבאָרגן.

קיינמאָל נאָך האָט דער שטריק פון אַ תליון, אַ פרומערן לעבן דערוואָרגן.

זי האָט פון מאַרטירטום שטענדיק געחלומט, געשמאַכט אף דער ערד אַ פאַרפרעמדטע.

געוואָרט אפן טויט־שטראָף אַזוי ווי אַ כלה, אַ הייליקע און אַ פאַרשעמטע.

אַזוי זײַנען אונדזערע מוטערס געגאַנגען אף קידוש השם פאַר אַ קרבן.

זיי האָבן געמאַכט אפן חלף אַ ברכה, און אמן געזאָגט, און געשטאָרבן.

איך הער דעם יאָמער — תשעה־באבס אָן צאָלן. א גלות פול מיט חורבן
ברומט אין זיי.
דאָס פאָלק שטייט אין הויף פון דעם מקדש, ווארט א צייכן אין הימל צו זען
וועט גאָט באווייזן זיך אין נקמה, וועט דער וווּנדער, דער גרויסער, געשען?
נים געשען איז דער ווונדער דער גרויסער, אין פארלאָשענער תשעה־
באָב־נאכט.

ווען געזונקען אין בלוט איז די, אין פלאַם האָט דער מקדש געקראַכט.
אָט פליט מען אין פעסטונג ווי רוחות, מיט א שטורמיקן אימפעט ארוים —
פארן לאַנד! פארן פאָלק! אפן שונא! און דער שיינענדער פירער גייט פאָרויס.
נאָר פארחתמעט געווען איז זיין גורל, אין דער וויי־פולער תשעה־באָב־נאכט
און געפאַלן צום סוף איז דער גבור, נים פון שווערד פון דעם שונא אין
שלאַכט.

פארלאָשן מיט אים איז געוואָרן, פון דער צאַנקענדער אומה דאָס ליכט —
נאכן בלענדיקן אויפפלאַם דעם לעצטן, האָט געלייגט זיך דער חושך געדיכט.
האָט פון הודו ביז כוש אַלץ געזאָדן, ווי א קעסל דער ברויזנדער תהום.
און פארשלונגען די מלוכה פון פרס, און פארכאַפט ירושלים אין שטראָם.
אפן פלאַץ פון דעם קדשי־קדשים, נעמט ער בויען א שטאָלצן מעטשעט —
פארן רום פון דעם ווילדן ישמעאל, פאר אלאה, און זיין נביא מאַכמעד.
די מלכות הרשע פון אדום, אזוי ווי א רויך שוין פארלענדט —
דאָך, ווער וויים, וואָס מ׳קאָן נאָך דערווארטן, פון דער מלכות ישמעאל
צו ענד?

הער איך שופר רופן, שאַלן, שיסן, הילכט פון שוואס לאַנגער הויך א כאָר.
שלייך איך שטיל אדורך די פינצטערנישן, ווי א פארשטעלטער קעניג, צו
עין דור.

די מלחמה פלאַקערט, בלוטן פליסן, פלשתים שפארן אָן פון יעדער זייט —
און די איוב־פרוי אין די פינצטערנישן, רופט די גייסטער פון פארגאַנגענהייט.
אָ, יצחק אבינו, מיר זיינען דאָך בײדע די זעלבע אין אָנהייב און ענד —
זי איז דאָך אויך מיינע, דיין אַלטע עקדה, דער חלום, דער חלף, דער בלענד.
אָ, גורל פון דורות, טומאן און געוויטער — אָ, ליד מיין, פון וואסער און ווינט

עס טוט ווי א ים מיין נעשיכטע א ציטער אין הארצן באַ מיר אזוי בלינד.
וויַיט דורכן מדבר, אין בליציקע צייַלן, נעיאָגט פון צעשמאַכטן, צעשרפהטן ווינט,
צעלויפן זיך טויזנטער זאַמדיקע זייַלן, א גלוטיקער, לויפיקער, ליכט־לאַבירינט.
ער גייט אין א געטלעכער שליחות אזוינער, וואָס אויפפירן קיינמאָל וועט קיינער.
דער ים און הימל זייַנען פלאַמענדיקע עדות, פון דעם שנייַדנדיקסטן שפּיל פון בלינדע סודות.
האָט די שעה געשלאָגן און אין פייַער־וואָגן, גרייט זיך אליהו, צו די הימלען יאָגן.
קומען בני־הנביאים מיט דער נייַם און קומען. זאָגט זיי אָן אלישע, אז זיי זאָלן שטומען.
פלאַמען אים די טעג פון נביא און יסורים, ווי ער זעט דעם וועג צום הימל דורכן שטורעם.
זעט ער שוין אין צער, די כמארע ווי זי ברענט. בעט ער זיך באַם האַר, צו שטאַרקן אים די הענט.
טעג פון ווילדן יאוש, טעג פון ווילדן האָפן, ווען דאָס גרויסע ליכט אין גרויסן חושך שייַנט.
וואַרט מען אָפן גורל, ליגן הימלען אָפן — רעדט מען מיט מלאכים, ווי אין גאָס מיט פרייַנט.
שפּייַט ער הפקר אַף דער וועלט, און טוט וואָס אים געפעלט.
שטיינערט מער אלץ זייַן נשמה, וואָס מען טוט אים מער פאַראַכטן.
שטייט ער שטענדיק אין מלחמה — קעגן פאָלק דעם אויפגעבראַכטן.
גאַפט ער פון וויכוח, ווי זייַן רבי האַקט די שונאים.
נעמט זיי אַזש דער שוואַרצער רוח, די קנאים, די רבנים.
אין אלע בלוט־פאָגראָמען האָט דער גלח מיטן צלם — געהעצט אַף אונדז אין נוצרים נאָמען, דעם צעבושעוועטן עולם.
א פרוי פון שווערן גוף און לייַכטן זין, וואָס ווערט באַנאַכט א שדים־קעניגן
און מיטן מאָרגן קומט איר יום־הדין.
עס שפּילט נאָך בלוי דער ים־הגדול דער צעשטראַלטער,

דאָך פינצטערט אויף די ברעגן שוין — דער מיטלאַלטער.

ווי ער האָט זײַן אויסדערווײלטקייט נאָר באַנומען, און דערהערט אין זיך
גזאל־שטים, וואָס רופט —

איז דער שטן תּיקף שוין צו אים געקומען, און די קדושה זײַנע, טײַוולש
אויסגעפּרוווט.

דער שטן איז פון אים ניט אַוועקגעגאַנגען, ער איז דאָך טיף אין אים אַליין
געווען — אין זײַן פאַסטנדיקן, פרומסטן תּשובֿה־ברען.

ס'יחלומט זיך אים פון אַ פרילינג, ווו בלויז איז דער הימל־געצעלט, דאָרט איצט
אינדערהיים — אין דער ווײַטער, צעשײַנט זיך אַ זון אויף דער וועלט.

אַז עס האָט נישט קיין מאָרגן דער ביטערער הײַנט — אָ, ניט גלויב עס,
מײַן פרײַנט!

עס וועט קומען די צײַט, די צײַט איז ניט ווײַט, און פון מערבֿ פון מזרח, פון
יעטוועדער זײַט.

ציטערט תּליונים! אַ צאָרן אַ גרויסער וועט ווילד קענגן אײַך זיך צעשפּילן.

פון תּהום פון דעם פאָלק וועט ער אויפגיין, און וועט זיך דורך דורות נישט
שטילן.

עס וועט אײַך דער צאָרן פאַרצערן, פאַרלענדן, צום לעצטן פון אײַך זיך
דערקלײַבן.

ביז עס וועט שוין פון אײַערע פינצטערע מחנות, קיין שפּור נישט פאַרבלײַבן.

די לבֿנה קוקט אַרונטער, שטיל און ערנסט ווי אַן עדות — זעט די מענטש־
לעכע פאַרברעכנס — הערט די שווידערלעכע סודות.

אין קאַמף מיט נאַכט און חושך, איז דער יונגער מאָרגן גובֿר —

ער טונקט מיט ליכט דעם אָרון — און פאַרגיסט מיט ליכט דעם קבֿר.

פון סדר הושענות, סוכה־סכך דופט, עפּאָס פון ברכות, ניגונים און תּפֿילות —

גאָלדענע פעדים, פון וואונדער וואָס ווייען — ווי איך זיץ און לייען,

זיי ציִען זיך אַלץ די הקפֿות פאַר מיר, לולבֿים, אתרוגים, הדסים, ערבֿות —

דורך שחיטות, שרעק, און וויכוחים אָן אַ שיעור, דורך אשכּנז, ספֿרד, און
אַזש ביז די אָבֿות.

זײַן צוהקעלע איז מיט חודעלעך — מיט אויסגעצירטע צײַנדעלעך.

# יהואש

## (פאַבלען)

דער שטילער פּערל האָט באַשיידן, דעם אבן טוב געלויבט זײַן ריידן.

אין האַלדז האָט ער געשטאָפּט די אכילה, נישט געהאַט קיין טראָפּן בושה, אַפּילו.

קיינער וואָלט ניט געקאָנט דעם אמת אונטערשיידן, ווען עס וואָלט נישט געווען אַזאַ זאַך, ווי ריידן.

אַ שטיין איז, פון אבות אבותינו, געלעגן אַ פאַרשטאַרטער, אַ פאַרדאַרטער, אַ האַרטער.

פון אחדות און שלום האָט ער גערעדט זיס, אין דעם איז געלעגן אַ גיפטיר־קער ביס.

דו דאַרפסט זײַן צום אמת טרײַ אין געריכט, האָט ער געטענהט צום שפּיגל, זײַן געזיכט.

איטלעכער מיט אַמתער התפּעלות, באַטראַכט דעם צווייטנס מעלות.

איר זײַט, במחילה, אַלע טעמפּ. אַן עלפאַנט איז ווי אַ דעמב.

אַלע בעלי חיים, וואָס פליִען אין די הויכע שיכטן, וואָלט די שלאַנג פאַרניכטן.

ניט אַכטנדיק אַף זײַנע שיינע בגדים, איז ער דאָך אַ מאַלפּע בצורת אדם.

דער פירער פון די הינטלעך, האָט פון זײַן בעל הבית גענאַשט די שוואַרצע פינטלעך.

דער קעמל האָט בתמימות געבייגט זײַן קרומען האַלדז, אַז ער ווייס שוין אַלץ.

דו ביסט ניט ביכולות צו זײַן אַזאַ בריה, וואָס זאָל זיך נעמען די יגיעה.

ער האָט אַרומגעשפּאַנט מיט אַ מינע ווי אַ ווירטואָז, מיט גדלות מעשה בעל־הבית.

די קאַץ האָט זיך אײַנגערעדט, אַז אירע גבורות צווישן ראַצן איז גאָרנישט אָפּצושאַצן.

איידער צו זײַן אַ שורקע צווישן גדולים, שוין בעסער זײַן אַ פּראָסטער גולם.

איטלעכער פון מײַן געזינט איז אַ לייב, אַ גבר מפּילא איז די צאָל קליין דערפאַר.

ער איז אָן דורך ארץ, אָן מאַניר, אַ שלעפּער, וועלכער גייט אַף אַלע פיר.
דערהערנדיק די דבורים, האָט אויסגעפּלאַצט אַ מוראַדיקער שטורעם.
אַנשטאָט דעם אַדלער־דור, זיינען פון אירע אייער אַרויסגעקראָכן, ראָבן אַ פּאָר,
דער שטיין האָט פּלוצעם דערלאַנגט אַזעלכע דרשות, אַז ס'האָט גענומען אַ חלשות.
ס'איז באַ זיי אַ געזעץ, דאָס געלע בלאַט צו אַכטן, און מיט גרויס הנאה צו באַטראַכטן.
אין מיין זכות בלויז, האָט דאָס בוימל דעם שיינעם פלאָם צו דאַנקען.
פון יענער חיה אין מצרים, דערציילט דער אַנעקדאָט עד היום.
זי פלעגט אומגיין אין די גאַסן, חוזקן און שפּאַסן.
געוויסע חיות האָבן דרך־ארץ ווען — זיך צוגעפּאַסט צום לאַנדס שטעגן.
אין דעם איז ניטאָ קיין חלוקי־דעות, זייער צונג וועט אַלצדינג פאַרסמען.
די הינער זיינען געגאַנגען אַף גאָטס באַראָט, זיך אויסטענוהן מיטן דעספּאָט.
איך וואָלט אייך אַ טובה געטאָן גערן, איר ווילט אָבער אַז איך זאָל באַ אייך אָן אייזל ווערן.
ער בייסט, מאַכט אַ וווּנד יעדן ילד־אשה, אָן חקירה ודרישה.
זיי שרייבן כלומרשט ניים, און זיי ווייסן ניט פון זייער חיות.
פון קינדהייט אָן איז געוועזן זיין אידעאַל צו לעבן פאַרן כלל.
ער האָט עקזאַמינירט זיין כפול־שמונהדיקן עק און געפּסקנט, אַז מען מעג.
ער האָט נישט דערוואַרט קיין כבוד פון דער קהילה, איז ער גיך אַנטלאָפן במחילה.
צו וואָס אַרבעטן מיט אַלע כוחות אין צווייען, ווען זיך תמיד אין אַ צירקל דרייען.
פּאָעטן האָבן זי באַפּאַלן, ווי אַ כשרע מציאה, זיי האָבן באַזונגען די ווונדער בריאה.
דער כלב פלעגט מיט אַזאַ רציחה בילן, דאָס האַרץ פלעגט אים נישט שטילן.
אַז מען טוט ניט דעם כלל דינען, קען מען יענעמס טריט נישט פאַרגינען. און היים.

זי איז אין דעם אַ געשימע, פֿון כּמה וכּמה יאָרן, זייער אַ גענימע.

דער וואָס איז אַ דימענט בלויז לפּנים, געפֿינען וועט גיכער בלויז בעלנים.

ווען די לבֿנה האָט געשטראַלט, האָט איינער פֿון די צווייגן גענומען זײַנע שכנים איבערצײַגן.

איך וויל דיר זאָגן, אַז דו ביסט לחלוטין, מיט מיר קיין מחותּן.

יעדער איינער האָט אַ שטיק גענאָסן פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם לויתן.

ס'איז מיר לגמרי גאָר אַרויס פֿון זינען, אַז אײַזלען קאָנען זיך דאָ געפֿינען.

ווען פּרײַנטשאַפֿט איז בלויז לפּנים, דאַרף זײַן אַ געאייניקטער קאַמף מיט די שׂונאים.

דער לוח מעג מאַקע זײַן מיט ציפֿערן פֿול, די צרה איז, וואָס ער אַליין איז גול.

ער האָט אויסגעזען מסוכּן קרוע־בלוע, דאָך אַרום ראַנד, פֿול מיט אינהאַלט און טאַלאַנט.

דער וואָס האָט פּלאַץ פֿאַרנומען, ווי מזומן בײַ־כּיקע מחבֿרים, איז געווען דער ראָש המדבּרים.

מעגסט ווערט זײַן שווערע מזומנים, די שײַן וואָס איז דיר מזכּה, איז פֿון אונדז דלפֿנים.

די קו מעלה־גרהדיק האָט געענטפֿערט אויף איר לשון, און ס'איז געוואָרן שׂמחה וששׂון.

איך גיב מילך די גאַנצע משפּחה, איך וואָלט זיך געדאַרפֿט באַקלאָגן אויף מײַן מערכה.

ווען ס'איז אַפֿילו פֿאַרשיידן די מחשבֿה, איז פֿאַראַן צווישן זיי אַ צד־השווה.

ער הייבט גלײַך אָן צו מוסרן, ער איז דאָ. נישט וואַרטנדיק צום מאָל אויף אַ ברוך הבא.

די זשאַבע קוואַקעט, עס כאַפּט אָן אַ מורא, זי איז קראַנק אויף אַ מרה שחורה.

די אייזלען קלעטערן מיט שווערע משׂא אַפּן קאַרק, אַרויף צום העכסטן באַרג.

ער האָט אים געווונטשן מזל־ברכה, פֿאַרוואָס ער האָט דערקוויקט זײַן משפּחה.

דער הונט האָט געבילט אַזוי משונה בייז, ס'איז אונדז געוואָרן קאַלט און היים.

ס'איז ניט קיין מצווה און חיובֿ, פֿון תּמיד צו טראָגן דעם שווערן כאָמעט.

פֿון ווײַטן קוקט ער אויס אַ מחיה שיין, דאָך איז ער אָן טעם און קליין.

א שלאַנג איז געווען מוכן ומזומן צו גיפטן, ווי נאָר זי איז געקומען זיך באַהעפטן.

די ליבע ווערט אַ קימפּעטאָרן אַלע ווײַלע, גרייסט זי זיך מיט דער מעלה.

זי האָט אַ נײַעם נוסח פּאַבריצירט, און איר אײַנפֿלוס קאָנטראָלירט.

צו געפֿינען דעם ריכטיקן נמשל אָדער דרוש, דאַרף מען קענען זען זאַכן בחוש.

נאָך אַזעלכע איבערצײַגטע סמנים געהערט ניט דער פּוקס צו דעם קלאַס נאַראָנים.

אַז דו ווענדסט זיך צו די ספרים פֿון פּאַרצײַטן, וועסטו דײַן לעבן נישט אויסבײַטן.

דער ענין איז אַלעמען גוט באַקאַנט — אַן עלפֿאַנט איז דיק ווי אַ וואַנט.

ער האָט אים ניט געצויגן די עצמות, געזאָגט וואָס ער וויל, אָן שום הקדמות.

דער היגער קלימאַט האָט אַ מאָדנע פּעולה, אָפּט ווערט ער אינגאַנצן מכולה.

דעם לאָמפּס פּנים האָט זיך מיט נחת געשמאָלצן, ער האָט גערעדט מיט אַ טאָן אַ שטאָלצן.

דער מאַן האָט געוואָלט ביידע פּלוניתטעס געפֿעלן, האָט ער קעגן ביידן זיך געמוזט שטעלן.

דו קומסט מיט דײַן שיינקייט פּלאַטערן, דו ווילסט די ערד און דעם הימל פּטרן.

איך גיב זיך בלויז אָפּ מײַנע פּרות, איך גיי ניט זוכן יענעמס עברות.

דעם יוּוועלירס מאַכט קען ניט קאָנקורירן מיט דעם פּערלס צניעותדיקער פּראַכט.

דער ווײַטער צפֿון־בער מיט רחמנות אָנגעפּילט, האָט געדרשנט ווייך און מילד.

געשטראַלט האָט יעדנס צורה פֿון שמחה אָן אַ שיעור בײַ אַלע בני עיר.

ער האַלט זיך פֿאַר אַ צדיק תמים, ער ציט פֿון אים טראָפּנווײַז די אדמים.

קודם־כּל דאַרף מען האָבן די מאה וועט איר שוין אויך האָבן די דעה.

דו מעגסט זיך ווערן קעגן די שטראָף, וועסט אָבער אַ קרבן ווערן סוף כּל סוף.

פֿון דײַן כּל וחומר, איז שטאַרק צו לאַכן, אַזש די צווײַגן האָבן אָנגעהויבן קראַכן.

צוויי קעץ האָבן געפּראַוועט תיקון חצות, איז אַף זיי געפֿלויגן שטיקער גלאָז.

דער קמצן האָט זיך צעגאָסן אין קלאָגן, ער קאָן דעם געדאַנק ניט פאַרטראָגן.
זיין קול קאָן אַפילו זיין א גאַנץ געשמאַקער, דאָך איז ער ניט קיין בן־יקיר.
אינעם טאָג פון ראָש השנה וועט ער דיר וויזן, פאַרוואָס ער פלעגט דיר שפּייזן.
פון גוטער שפּייז דער קיצלדיקער ריח, האָט געזעצט אין נאָז דעם הונט, דעם פּיקח.
א צווייטער האָט געזאָגט: רבותי, די זאַך איז געווים, אַז עלפאַנט איז ווי א שפּיז.
אומזיסט האָט דער פּיש געצאַפּלט מיטן עק, געבעטן רחמים, לאָז מיך אוועק.
כּיך, דעם רודף שלום האָט געוואָרפן כף הקל, פון זיין שינאה וואָס איז באַנאַל.
ער קריגט א סך שבחים פאַר זיין קלונג און מאַכט א גאַנצן פּירוש פון זיין צונג.
דערפאַר וואָס מיר זיינען אייניק, קומט אונדז שבחים זייער ווייניק.
דער לייב האָט ניט פאַרטראָגן אזא שקר, ער האָט געשלאָגן כפּרות מיטן אונטערלעקער.
ער האָט געעשמט מיט זיין למדנות פון בהמות און חיות און אַלערליי ראיות.
ווען איצט איז מיין שעת הכושר, צו וואָס טויג מיר דרך ארץ און יושר.
אָט יענע שטילע, ווייסע קאַץ, זי איז אונדזער גרעסטער שונא, מיין שאַץ.
דאָס האָט געזאָגט די שכנה, אז יעדער האָט זיין אייגענעם חורנו.
ער האָט תיכף אָנגעהויבן צו געבן איבערזיכטן, מכח אונדזערע פליכטן.
איצט זוכסטו תכליתים, פּעטע ביסנס אין דער קיך און דו ברעקלסט זיך?
ווען עס קומט א גאַסט, זיינען מיר פון תמיד בעלנים צו זיין די ערשטע צום קבלת פּנים.
ס'איז טאַקע געווען א תענוג דיך צו הערן, דאָך וועט ער דיר פאַרציערן.
יעדער תלמיד דאַרף זען צוערשט, אז דער רבי דאָס לערנען באַהערשט.

# ז. ווײַנפּער

## (פּאָעמען וועגן די נביאים)

געלעבט האָט אליהו אין די גאָר אַלטע צײַטן, אין אַלע מקומות איז ער אין חלומות.

ער וועט ניט שוינען אפילו די מלאכים אין די קרוינען.

ניט איינמאָל האָב איך דעם אמת צוגעדעקט אין מײַנע מחשבות.

קראַנק איז יעדער אבר פון דײַן גוף, און אויער זײַנעם האָט אָפּגעעבאָט דער רוף.

קומען וועט אחזריותדיק די שטראָף. איז אָט דאָס שוין טאַקע אונדזער סוף?

איבלדיק און שטיקנדיק איז געווען אַזאַ בזיון, שווער געווען איז משהן דער נסיון.

אין אייגענע שטיבער דאַוונט מען בציבור, צום פלאַם פון גיהנום — באַ יענעם.

ער האָט געמאַכט אַ וואַרעמע ברכה צו די פשוטע ברידער, וואָס לעבן אין דער נידער.

ווי צו דיר בנימין, ווי צו דיר יהודה דער שונא גרייט אַ סעודה.

שײַנען וועט דאָס ליכט פונעם בורא, דורך זײַן תורה.

גיי און זאָג איבער באַרג און טאָל, אַז בבל ווערט אַן אבל.

דער בית־המקדש פאַרצערט, וועט קדושה ווערן אונדזער וואָרט אַף גאַנצער ערד.

איר בלאָזט זיך פון פוסטער גאווה, רויע, אויפגעברויזטע תאווה.

ער טראָגט אין זײַן ציגענער פעל, ניט נאָר זײַן גוף, נאָר אויך זײַן רוף.

מיש אויף אַ בלאַט אין דײַן זכרון, און אויפגיין וועלן יאָרן.

איך קוק אין ציטערניש פון זכות, נאָר אַף די געסלעך שוימט די נאַכט מיט זנות.

אַזוינע זאָל דאָס פאָלק נישט פאַרשרײַבן, קיין זכר זאָל פון זיי ניט בלײַבן.

פֿאַר אַלעמענס אויגן אַ ליכטיקער חידוש, העברעיִש איז אונדזערס, אונדזערס איז יִידיש.

עמעצער האָט געחוזקט מיט שאַרפֿער קנאה, און צעווײנט האָט זיך די שנאה.

דו האָסט זיך פֿאַרבענקט נאָך חניפֿהדיק געזאַנג, פֿון לויב און פֿון דאַנק.

עס קומט דער טאָג פֿון חשבון פֿאַר די זינדער, צעשנײַדן וועט דער אומברחמנותדיקער שינדער.

עס ליגט אַ חרובע דײַן שטאָט, ווּהין זאָל פֿירן איצט דײַן טראָט?

לעפֿצן וואָס פֿרעפֿלען חניפֿה און צביעות, וועלן נישט אויפֿוועקן עליוות.

וואָס איז דען מײַן יחוס, זוכה זײַן צו נעמען אױף מײַנע פּלייצעס אַזאַ שליחות.

ווי צו דער ירושה וואָס געירשנט האָב איך פֿון די ערלעך־אַרבעטנדיקע אָבות.

איך בין יחוס, איך בין זכיה, מײַן שליחות איז פֿול מיט תחיה.

פֿאַרבלײַבן וועט בלויז דאָס, וואָס געלויטערט איז פֿון גרוים כבוד, אינעם שטאָט פֿון דוויד.

די זילבערנע לבנה האָט אין איר שווײַגנדיקן שײַן אײַנגעהילט דעם סוד.

ער זעט דעם למדן האַנדלען מיט זײַן תורה, ווי אַ סוחר האַנדלט מיט זײַן סחורה.

געבענטשט האָט ער דעם פֿאָלק מיט מנוחה, די זון האָט אויפֿגעהעלט איבער ערשטער יִידישער מלוכה.

אױף אַלע געמאַרקן מזבחות צום בעל, וואָס זײַנען מטמא דעם גאַנצן כלל.

גאָט פֿון מײַנע אָבות, דו ביסט אַ יודע מחשבות — וואָס אַזוינס איז דײַן צאָרן הײַנט מרמז?

עס קומט דער טאָג פֿון מילחמה און גרויזאַם וועט זײַן די נקמה.

אַזוי האָט געצאָרנט, אַזוי האָט געוואָרנט מיכה הנביא.

פֿאַרטרײַבט פֿון זיך די זינדיקע מחשבות, היט אָפּ די ירושה פֿון די אָבות.

אין זײַן שטילן פֿאַרוואָרפֿענעם דערפֿל מרשע, האָט מיכה דערזען דעם פּנים פֿון רשע.

די זון האָט זיך גענייגט צו מעריב זײַט, ירמיהו איז געזעסן, און געקוקט אין דער ווײַט.

איז דען נישט צײַט שױן פֿאַר מחילה? — יעדן טאָג װערט דאָך די רציחה שװערער און גרעסער.

אַזױנער איז מורד אין אַלץ װאָס ס'איז קדושה, אַזױנער איז חרפּה און בושה.

משפּטן זאָלסט מיט רײנער כּװנה, דעם עני, דעם אביון, דעם יתום און די אלמנה.

זינט װען לאָזט אַ נביא איבער זײַן פֿאָרמעג, אָפּ הפקר אין דער מיט פֿון װעג?

צי זײַנען אים ניחא די קעלבער־קרבנות, אַז איר טרײַבט פֿון די שטיבער די יתומים און אלמנות?

עס װעט אױפֿגײן די פֿרײד אין אײַערע שטיבער, זינגען װעט איר אין נחת בציבור.

װי צו אַזױנע נביאים װאָס פֿאַרװיגן דעם פֿאָלק מיטן ניגון פֿון שלום, און חלומען גאָר װעגן נקמה און מילחמה.

אין דינם געװױרבל פֿון ניגודהס זנות און איר כשוף װײסט װעט װערן דײַן ישוב.

איר װעט בעטן בײַ יעדן פֿאַרבײַגײער רחמנות, נאָר אָפּקערן װעט מען זיך פֿון אײַך װי סכּנות.

דער עושר דריקט דעם אביון, צום געװײן פֿון דער אלמנה און יתום איז מען טויב.

האָסטו דען נישט פֿאָרױסגעזאָגט די שװערע שטראָף, װאָס ס'איז געקומען סוף כּל סוף?

אַזױנער װאָס חנפֿהט זיך בלױז צו דעם עושר, ער װײס ניט פֿון קײן יושר.

ליב איז געװען אים זיך צו בענטשן מיט פּשוטע מענטשן.

קולות שרײַען צו אים אױך איצט אין פֿיבער, איז גאָר קײן חידוש דעריבער.

צי מײנט איר אַז דורך די קרבנות פֿון רינדער, ליגנערישער תּפֿילה, װעט קומען מחילה?

גאָט װיל ניט קײן קרבנות, פֿון די, װאָס פּײַניקן יתומים און אלמנות.

אַ נײַער דור קומט אָן, און זינגען װעט ער מונטער, רחבותדיק פֿול מיט גלױבן.

עס װעט זיך ציִען אַ ברײטער װעג פֿאַר די צדיקים און פֿאַר זײער גרױס פֿאַרמעג.

זע, זע, ווי עס זשליאָקעט פאַרשכורט דער פאַרדעטער דעם שוימיקן ווײַן פון
דער שעה, כל זמן ס׳איז דאָ.

א וואָרט אַזוי מונטער, ווי אַ ריטמישע שורה, וואָס ברענגט די בשורה.

אין שעהן פון דער גוטסקייט אין זײַן געמיט, איז תפילהדיק און רחמימדיק
אַזוי זײַן ליד.

אויפגעגאַנגען איז אַזאַ פרײדיקע שירה, געזאָגט האָט די גאַנצע יצירה.

קיין שומר ניט אַפן שוועל — די נאַכט איז ווי דער טאָג אַזוי העל.

מען טרעט אַף יענעם, מען ווערט אַ שותף מיט דעם שר הגיהנום.

אויגן פאַרגלאָצטע, אונטער זיי, שקרים בייזע, צעשפּראָצטע.

איז די תפילה נישט דערהערט, איז שוין חלילה אַלץ פאַרצערט?

האָט די תאווה איר אָרעם געשטרעקט, געציטערט האָט אַ שכן פאַר אַ שכן.

זײַן הארץ איז אויפגעגאַנגען אין אַ ציטער — פאַר אַזוינס פאַרבײַט מײַן
פאָלק זײַן תוכנדיקן עיקר?

ווײ צו די לעפצן, וואָס פליסן אַ תפילה און סליחה — וואָס מיינען רציחה.

# חיים נחמן ביאַליק

## (פֿון זײַנע אָריגינעלע לידער און פּאָעמעס אין יִדיש)

איך ווייס, איר האָט טרערן נאָך ניט אויסגעוויינטע, צרות דערציילטע און
נאָך מער געמיינטע.

פֿאַר אַ זכר פֿון הײַנטיקע כמאַרעס, וועט אײַך פֿאַרבלײַבן אַ נײַער על נהרות.

קום, גיי אין שחיטה שטאָט, זאָלסט זען מיט דײַנע אויגן שמות צעריסענע
צעפּליקטע אַף פּיץ־פּיצלעך, מיט פֿיס צעטראָטענע שבתים, יום־טובים,
טליתים, תפֿילין, פּאַרמעט. שטיקער תורה, יריעות הייליקע, קלאָר־ווײַסע
וויקעלעך, דײַן נשמה ־ געשענדעטע.

ס'וועט סמען דיך מיט ריח פֿון בלוט און בליטן, דײַן קאָפּ מיט בלימעלעך
און פֿעדערן באַשיטן.

גאָט האָט דיר מיט מילדער האַנט געשענקט אַ צווילינג; אַ שחיטה מיט אַ
פֿרילינג.

די זון וועט ווי אַלע טאָג, אַ ליכטיקע אַרויסגיין פֿון מזרח זײַט, געמי־
נערט ניט אַ האָר ניט, און שאַ, שטיל, און גלײַך ווי גאָר גיט...

זיי טענהן שטומערהייט אַלץ יענע אַלטע טענה, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט
דערגרייכט צום הימל און וועט צום הימל קיינמאָל ניט דערגרייכן —
פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס?

די מוראַדיקע מעשׂיות לעכערן דײַן קאָפּ, עקבערן דיר דעם מוח, און טויטן
דיר אַף אייביק דײַן נשמה.

זע, בן אדם, זע: אין יענעם ווינקל, דאָרט אונטער יענער פֿאַס, פֿאַרשטעקט
אַן אָטעם, זײַנען זיך געלעגן חתנים, ברידער, מענער, זין, טאַטעס און
צוגעקוקט פֿון זייער לאָך אָט דעם בראָך.

וואָס־זשע וויינסטו, מענטש? צו וואָס פֿאַרדעקסטו מיט די הענט דײַן פּנים?
קריץ שטאַרקער מיט די ציין און פּלאַץ פֿאַר ווייטיק.

זאָלסט זיך שטיל אַרײַנגנבענען אין שטאַל, און ווער פֿאַרפֿאַלן דאָרט אין
תהום פֿון שרעק.

שאַ, הער זיך אײַן: ס'רירן זיך די רעדער, דאָס צאַפּלען דאָרט פֿון אונטן
שטיקער אברים, זיי וואָרפֿן זיך אין איינן בלוט און גוססן.

א ווײ, א שטומער ווײ, א צער, א גרויסער צער, יסורים שטומע פלאַמערן...
שאַ שטיל.

שטיל וואַרגט די שכינה זיך מיט אירע טרערן, פאַרשפּרייט די פליגל איבער
די קדושים, פאַרלייגט דעם קאָפּ אַרונטער און פאַרגייט זיך און וויינט,
און וויינט, און וויינט אין זיך אָן לשון...

שלײַך זיך שטיל, פּאַמעלעך צום בית עלמין, שטעל זיך אין די פרישע קדושימס
קברים, שטיי און קוק, און לאָז אַראָפּ די ברעמען, און ווער פאַר־
שטיינערט.

דײַן האַרץ זאָל אויסגיין, חלשן א טרער, נאָר טרוקן ווי א שטיין אין מדבר
בלײַבט דײַן אויג.

שרײַען וועסטו וועלן, רײַסן קברים, און ברילן ווי אַן אָקס צום שחיטה־באַנק
געבונדן. — נאָר שטום ווי די מצבות, בלײַבסטו שטיין.

נעם קוק זיי אָן, דאָ זײַנען די קדושים, דאָ ליגן זיי געשאָכטענע ווי קעלבער
און האָסט פאַר זיי קיין טרער, ווי איך קיין לוין...

איך בין אַהער געקומען, טויטע ביינער, באַ אײַך מחילה בעטן: — זײַט מיר
מוחל!

דו הערסט? זיי קלאַפּן זיך אין ברוסט אשמנו! זיי בעטן איך זאָל זיי די זינד
פאַרגעבן — צי זינדיקט דען א שאָטן אויף די ווענט, א שאַרבן א צע־
בראָכענער, א טויטער וואָרעם?

א פּוסט ווי איז? ווי איז א גרויסער דונער, וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר
אַלע צרות, און אײַנלייגן די וועלט, צערײַסן די הימלען, מײַן שטול, מײַן
כסא־הכבוד איבערקערן!...

אזוי קלאָגט נאָר א פאָלק וואָס איז פאַרלוירן, וואָס אַש און רויך איז זײַן
נשמה. און א מדבר, א וויסטער מדבר איז זײַן האַרץ, קיין איינציק
גרעזל האַס, קיין קערנדל נקמה...

ווען א בייזער יום־הדין וועט קומען — צעברעך דײַן האַרץ, באַפרײַ די בייזע
שלאַנג. לאָז זי אָפּ ווי א פאַרסמטע פײַל, טויט־הונגעריק מיט ברענענ־
דיקן גיפט, און מיטן האַרצן פון דײַן אייגן פאָלק.

א גראָשן פאַר א ווונד! א גראָשן פאַר א טאָכטער א געשענדטער, א גראָשן
פאַר אַן אַלטן טאַטנס טויט און פאַר א יונגן חופּה־זון א קדוש.

זינגט הייזעריקע, בעטלערישע נגונים, און רחמים בעט, און שנאָרט אויס, און
שווינדלט ווי ביז אַהער, מיט אײַער פלייש און בלוט.

אַנטלויף, דו מענטש, אַנטלויף אַף אייביק אין וויסטן מדבר. לויף און ווער משוגע!

צערייס אַף טויזנט שטיקער דיַין נשמה און וואַרף אַרויס דיַין האַרץ, פאַר ווילדע הינט...

איך גיי, איך קום — איך טראָג אַ טרייסט, איך טראָג אַ בשורה פון נחמה;
איך בין געבענטשט פון גאָט מיט גיַיסט — איך וועל שענקען מיַין נשמה...

מיַין תפילה האָט געהערט די וואַנט, איך האָב פאַר מיר די טיר פאַרמאַכט;
אָפּגעשניטן איז גאָטס האַנט, און גאָטס וואָרט איז אויסגעלאַכט...

גיטאָ פאַר איַיך קיין וואָרט נחמה! איך האָב פאַרברענט שוין מיַין נשמה.

אַ ציטערדיקע האַנט וועט איר אויסשטרעקן און בעטן הילף אַף בעטלערלשון. נאָר אויסבעטלען וועט איר פאַר געלט, און לעבן וועט איר פאַר אַ גראָשן...

דאָס איז אַ קבר, נאָר באַגראָבן זיַיט איר דאָרט לעבעדיקערהייט... דאָס איז אַ פיַיערדיקער גיהנום, וואָס וועט קיין ענדע קיינמאָל האָבן — נאָר ס'איז אַ גיהנום אָן אַ טויט...

נישט געגאָשט פון עולם־הזה, עולם הבא אויך נישט גאַנץ. — וואָס־זשע פעלט איַיך? האַנט אַף אַקסל — און לאָז פּלאַסקען אַ טאַנץ!

איבער גאַנצע בערג פון צרות, איבער ימים נויט און פּיַין, טראָגט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן, און זאָל זיַין דאָרט, וואָס ס'זאָל זיַין!

איינמאָל לעבט מען, איינמאָל שטאַרבט מען, איינמאָל קומט מען אַף דעם טאַנץ — טאַנצט־זשע ברידער! גאָט לכבוד, פלעכט אַ לעבעדיקן קראַנץ!...

אָן אויפהער זאָל זיך ציִען, זאָל זיך שלענגלען איַיער ראָד, פון דעם הקדש ביזן בית עולם, פון דעם שול־הויף ביז דער באָד.

העכער, העכער הייבט דעם בעכער, הוי־געלעבט! און הוי געקוועלט! אַף צעפּוקעניש די שונאים, אַף צו להכעיס גאָר דער וועלט!

נישט קיין אמת, נישט קיין יושר, נישט קיין רחמים, נישט קיין דין — נו איז וואָס? דאָס רעדל דרייט זיך אָן אַ ציל און אָן אַ זין...

הפקר, הפקר, אַלץ איז הפקר, ווי ס'איז הפקר אונדזער בלוט! אַ כפּרה הונדערט וועלטן פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט!...

פרום און צניעותדיק פאַרהאַנגען, מיט דעם זײַדענעם פּרוכת אין איר סאַמע־
טענעם מענטל, שטייט די רייניקייט אין ארון.

אַט קומט דער חזן, אײַנגעהילט אין ווײַסן טלית, רופט ער אויס דעם זיסן
רוף — לכה דודי לקראת כלה!

נישט געחקירהט זיך, געפּילפּולט, נישט געבריהט זיך, געפילדערט נישט
געשפּריצט מיט ווערטער־פונקען טרייסלענדיק מיט האָר צעלאָזענע...

אָפּגעגעסן סעודות־שבת, זיצט דער פּרינץ און שײַנט פון תענוג. מיט פאַר־
קלערטע אויגן קוקט ער, רעדט עפּעס מיט זיך און שמייכלט.

ווילט איר אפשר זײַן אַ בעלן אָנקוקן מײַן שיינעם גאָרטן — זײַט־זשע מוחל,
קומט אַרויס, קוקט אים אָן, — אָט שטייט ער דאָרטן.

אָן עין־הרע גרויס און רײַך — כ'זאָג אײַך, איינער אין דעם שטעטל.
זעט נאָר ווי עס קוועלט אין אים יעדער בוים און יעדעם בלעטל...
שוואַרצע ווײַנשל בלינצלען עפּעס ממזרש, גנבהש, ווי מיט אויגן...
נו, און פלוימען — אָט די פלוימען — מיט אַ בלויען הויך באַצויגן.

בעל־הבית! אַי, מיר איז פינצטער! בעל־הבית! אַי, מיר איז ביטער! נאַקעט
בין איך און דער ווינט שמײַסט מיך אַליין מיט מײַנע ריטער...

אַט ווערט ליכטיק, אַט ווערט טונקל און אַט גיסן זיך צוזאַמען ליכט און
שאָטן... יאָ, דאָס האָט טויזנט חנען, טויזנט טעמען...

אונטער די גרינינקע ביימעלעך שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך.
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאהלעך, ייִדעלעך פריש פון די אייעלעך.
גופעלעך — שטרוי, רויך און פעדערלעך, נעם און צעבלאָז זיי אַף גלידערלעך
כאַפּן זיי אויף גרינע ווינטעלעך און סע צעטראָגן זיי פייגעלעך.
נאָר איין זאַך פאַרמאָגן זיי — אייגעלעך. די אויגן פאַרמאָגן צוויי פינטעלעך;
וואָס גליִען און פינקלען און טוקן זיך, און עפּעס ווי נביאיש און וואונדערלעך;
פאַרטראַכטן זיך טיף און פאַרקוקן זיך, אַף נעכטיקע טעג און אַף פייגעלעך —
אוי, מיר זאָל זײַן, ייִדישע קינדערלעך, פאַר אײַערע כשרע אייגעלעך!

אויב עס פאַרלויפט זיך אין אונדזערע צרות, אַז ס'טוט זיך אַנטדעקן די שכינה
צו איינעם אַ פאָלק, העל צעשטראַלט מיט נחמה — דאַן האָט זיך
אין קיינעם אַזוי ניט געלאָזט זיך אַנטפּלקן, ווי זי האָט אַנטפּלעקט זיך
אין דיר, דורך דײַן גרויסער נשמה.

זינט ס'האָט דײַן ליכט איבער אונדזערע קעפּ זיך צעגאָסן —
האָבן מיר דיך געזען ווי דעם מלאך פון אמת אַנטשלאָסן.
אַ גבור פון גײַסט, מיט אַ ריינעם געוויסן, באַשיידן גלייבט אין זײַן אייגענעם אמת, ניט אָפּהענגיק קיינמאָל פון צווייטן.
איך ווייס נישט וויפל זונען גאָלד האָבן אַף מיר געשפּריצט — ווײַט האָט זיך אַנטבלויזט גאָטס וועלטל, און מיט חוצפה זיך צעבליט.
דער דלות וועט אַף אײַך אין קוימען וויינען, ס'וועלן ציטערן פון קעלט די ווענט פון חורבה. איר וועט קומען צו דער חורבה תפילה טאָן און וועט נישט קאָנען.
אַ טרער פון טרייסט זוכן און נישט געפינען. גאָטס חסד וועט מער אַף זײַן שוועל זיך נישט באַווײַזן.

# משה לייב האַלפּערן

## (לידער און פּאָעמען)

ער האָט איינמאָל פאַרנאַכט, אַזוי לאַנג נאָכאַנאַנד געזען מלאכים אַרום דער זון, ביז עס האָט אים אַ שכור אַ גוי מיט אַ האַק, אַזאַ מין פאַרפאַר געטאָן, אונטערן פּראַק.

ווען דער סוחר, דער לעמבערגער דײַטש, איז מיט דעם באַאמטן געקומען צוגיין — האָט די מומע, שיעור ווי פון זינען אַראָפּ, זיך צעלאַכט אַפן קול אין מיטן געוויין.

געוווּנדערט האָט מיך בלויז דאָבײַ, וואָס דער פעטער איז אַפילו אין כעס ניט געווען.

אַדרבה — אַ מלאך פון הימל, וואָלט רויִקער ניט אויסגעזען.

דער פעטער האָט איר געענטפערט — אַז באַ אַ יתום נעמען איז אַ זינד, און עס האָט דאָך דער דײַטש דעם ראַניש,בפירוש, איבערגעלאָזן פאַרן קינד.

אַז איך האָב נאָכדעם גאָט געבעטן, דער דײַטש זאָל קומען נאָכאַמאָל, האָט דער פעטער פאַרהויבן די אויגן צום באַלקן, און נאָכגעזאָגט אמן — אַפן קול...

די גאַס איז געווען פון מענטשן שוואַרץ, און אַלץ האָט ווי חיות מיט געברום, זיך געדראַפּעט אַרום די פענצטער אַרום.

איז אברהם דער קצב, אין ראָק מיטן שפּאַלט, אַרײַן אַזוי ווי אַ גזלן פון וואַלד

ער האָט דערלאַנגט אַ שפּײַ און אַ רוק אַראָפּ יאָס היטל איבער די אויגן פון קאָפּ.

דער בדחן האָט אויסגעד־ייט פון זײַן אַלטן גאַרגל — אַזוי ווי אַ ציג, וואָס מעקעט — ווען זי איז הונגעריק.

האָבן שטערן געברומט און געטאַנצט מיט איר, פון אונטער דער טאָכטערס חופה אַפיר.

געריבן דעם דיל מיט די פיס און דעם צער מיט די ציין, און געגאָסן אין זיך ווי אין פעסער אַרײַן, גאַנצע פלעשער אָקוויט און ווײַן.

באַם אָפענעם גרוב אַפן קברים־פעלד ווו דער אמת האָט זיך אַרויסגעשטעלט,

האָט מען קעפּ און אויגן ווי פון פראָסט צעבלאָזענע, אין קבר אַרונטער־געלאָזענע.

לויפט דער שד אין דאָרף אַריַין מיט דעם וווּנדער וועגן דעם רויטן ברויט,

דערקענט אבראַמקאַ, אַז דאָס איז אַ שד, וואָס וויל די גוים פּאַרמוטשען צום טויט, מיט אַ מעשה וועגן אַ וווּנדער.

אַז עס ליגט שוין די פליג אַ מת, אַפן לעפל גאַנצע זיבן מעת־לעת, שיקט גאָט אַ מלאך אַראָפּ מיט אַ גלעט, צו די זיבן קינדער אַרום בעט.

מען גראָבט איר דאָרט אַ קברל אויס, און מען שטעלט אַ גאָלדן צלמל אויף — דאָס נשמהלע זאָל אין הימל אַרויף.

אפשר איז דער אייזל אַ ייִדנס, וואָס איז קיין ארץ ישראל אַוועק, נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעקומען באַ אַ הריגה מיט הוילע שרעק?

אָט הער איך וויינען, נאָר ווער עס וויינט דאָס זע איך נים; קאָן זייַן ס׳איז אַ מענטש אַזוינער ערגעץ, ווי מייַן נשמה קראַנק און מיד.

אַ סימן איז דאָך, דער כלב אַפּילו — וואָס האַוקעט אַף אים פון דער פינצ־טער אַרויס, און איך הער דאָך אַפּילו דעם ווינט וואָס וואָיעט, און וואָס מייַדט אים אַ צעשראָקענער אויס.

אָ, וואָלט כאָטש אַ ליכט זיך באַוויזן פון ערגעץ, איך בין דאָך, מיר דאַכט זיך — ווי איך ליג — אַליין דער גלגול, און אַליין דער רבי, וואָס וואַרפט זיך אַזוי אַהין און צוריק...

אשרי, אשרי! — אַ לויב צו די שאָטנס פון פרוי און קינד, באַם שייַן פונעם לעמפּל; אַ לויב צו די ווענט, וואָס מיט זייערע הויקערס זייַנען זיי צו דעם ייִדל אַ שטעמפּל.

ווי דעם ייִדישן קיניג, וואָס ער האָט אין טעאַטער אַ בלינדן געזען אַף זייַן יתומל קלאָגן; וועט ער נישט קוקן אַף איר, ווען זי וועט וויינען, נאָר דאָס קינד וועט ער בענטשן און תהילים זאָגן.

ווען דאָס וואָלט געשען אין דער אַלטער היים, וואָלט מען זיכער קברים גע־ריסן און אייַנגעלייגט וועלטן; אַפּילו באַם דיין, איר אייגענעם טאַטן, וואָלט מען פועלן געקאָנט, אַז ער זאָל זי פאַרשעלטן.

ס׳האָט איינמאָל אַ שייגעץ פאַרמסרט באַם ייִדן — האָט כאַנקאַ געוויינט ווי מיט בלוט פונעם האַרצן, און זי האָט טאָקע נישט אויסגעזאָגט קיינמאָל דעם אמת — ווייַזט אויס, נישט געוואָלט אים דאָס פּנים פאַרשוואַרצן...

איך געדענק, מײַן אַלטער רבי רב אהרן, האָט אויך זיין בהמה אָפּגענאַרט;
דערלאַנגט איר אַ צעבער מיט בולבע־שאָלעכץ, ווען זי האָט אָפּ גראָז אַ
זשמעניע געוואָרט.

ער האָט כאָטש געהאַט אַ טענה — פון וואַנען זאָל ער נעמען גראָז, אַז דער
קמץ־אלף־אָ איז זײַן גאָרטן, און דאָס בידנע טײַטל — זײַן בעל־הבית?...

סוף־כל־סוף, אָ, גאָלדע גאָלדינע, בין איך אין אָט דער גרויסער שטאָט אליין
מיט זיך, ווי להבדיל אַ באָד־גוי, ווען קיינער איז נישטאָ אין באָד.

זינט דעמאָלט לויפט ער און האָט ניט קיין צײַט, פון מזרח זײַט צו מערב־זײַט

און די זון גייט אויף און די זון גייט אונטער, און ער קריכט איביק אַרויף
און אַרונטער.

דער שטערן — דער סימן, אַז גאָט האָט דעם שווא אין זײַנע הענט איבערגע־
געבן — שוין זיבן נעכט אַז עס זוכן אים אויבן די חכמים, וואָס האָבן
פאַרמשכנט דאָס לעבן.

נאָר וואָס טויג דעם קיניג זייער לעבן, אַז די פערד זײַנע שטייען אין די שטאַלן,
און באַ די ווײַבער ליגן די העלדן, וואָס דאַרפן דעם שווא באַפאַלן?

און ער האָט דאָך באַ גאָט געשוווירן, נישט קיין טראָפּן ווײַן אַזוי לאַנג צו
געניסן, ביז עס וועלן זיך זיבעצן טויזנט שעפּעלעך פון דעם שוואס בלוט
ניט איבערגיסן.

איצט ליגן זיי גאַנצע בערג אין דרויסן, און די חכמים, ווי בלינדע בערן, פאַר־
רײַסן די קעפּ, פאַסקודנע, און קאָנען נישט געפינען דעם שטערן.

שווא — שמוינע, צו וואָס האָט ער דאָס אין גאַנצן באַדאַרפן? און צו וואָס
נאָך די שבועה? ער האָט דאָך ממש די קרוין אַליין אוועקגעוואָרפן.

אפילו די סוואָלאָטשעס, די חכמים, וואָס טאַנצן פאַר נחת אַצינד ווי די בערן,
זיי וואָלטן אים דאָך געטריי געבליבן, ווען ער זאָמלט זיי נישט צונויף,
צו זוכן דעם שטערן...

נאָר דאָ מאַקע, ברעכט שוין די הענט דער קיניג, און בייגט זיך אין דרײַען,
און עס דאַכט זיך אים שיער, אַז אָט וועט ער אַליין זיך ווי אַ ווייסטער
משוגענער צעשרײַען.

ער זאָגט תורה, די תלמידים הערן, און זיי פאַלן פאַר אים אַפּן שטערן.

ער האָט אָפּגעזאָגט אַ שטיקל תורה, עסט ער אויף דאָס ליכט פון דער מנורה.

אָפּגערוט — באַטאַפּט ער זיך דאָס בייַכל, ווילט זיך, הייסט עס, נאָך עפּעס
א מאַכל.

וואָס זאָגט דער נביא? נישט אַלץ וועט מיט דער פינצטערניש פאַרגיין, די
חכמה נאָר אין אירע זיבן פאַרבן־שלייַערן, וועט ווי א שטיין פאַרוואָרפן
זיך אַליין.

ווייל צו דעם, וואָס וויגט זיך אין זיין חלום, ווי אפן בוים דאָס בלאַט, בעת
ס'ווערט פאַרדאַרט. דער שטיין, וואָס האָט אין קברים־פעלד זיין אויסלייי־
זונג געפונען, ווער ווייס, ווי לאַנג ער האָט אף דעם געוואַרט...

שפּרייט זיך ביז העט צום הימל־זוים, א גאָלדענער מדבר אויס, פון וואַנען
די וואָלקנס קומען אַרויף, און פון וואַנען די מאָרגן־זון גייט אויף.

א וווּנדערלעכער נאַר איז דער געווען, וואָס האָט פאַרטראַכט, אַז בלוט וואָס
רינט פון צלם אין דער נאַכט, קאָן אַזוי ליכטיק זיין, צו לויכטן ווי די
זון אין וויסטער וועלט אַריין.

מעק אויס פון דיין זכרון יעדן גאַנג, וואָס פירט צו דעם, וואָס איז צום
שטאַרבן קראַנק.

ס'שטייט אין הייליקן קאָראַן, אַז זי, א ווייב, אַן אשת־איש, דאַרף ריין האַלטן
דאָס לייב; פאַרטיליקט זי דערפאַר דאָס בענקעניש צו אים דעם סולטאַן,
איר געליבטן האַר.

ווי אַן אָוונט־זון, וואָס לעשט זיך אויס, האָט וויינענדיקער צער געברענט אין
אירע אויגן; און אף איר שיינעם קאָפּ, ווען זי האָט צו דער ערד אַראָפּ
איר שטערן צוגעבויגן...

וועל איך מיר שוין מסתם, ווי זרחי זאָגט, ביז צו מיין לעצטער שעה מיט אָט
דעם הארץ אַזוי אַרומגיין דאָ...

וואָס שאָקלט זיך זרחי, דער שוטה באָם ים, ווי אַמאָל באָם גמרא־שטענדער?
ער קוקט אף א שיף, וואָס גייט אַוועק, טראַכט ער אויס פאַר זיך א ברעג.

קיין שליטה האָט ניט אף אים די נאַכט, וואַרעמט ער זיך באַ דעם פייער און
לאַכט, ווען דער ווינט וויינט אויס א מעשה.

ווי זאָגט דער בעל־שם: ווער ס'מיידט אויס פרייד, איז גלייך צו א מת, וואָס
איז פאַרשאָלטן אייביק קיין תיקון נישט צו געפינען. ווייל אַפילו א
מענטש א געריר טער פון זינען, קאָן זיך צעפליעסקען אַמאָל און טאַנצן...

ס'וועלן קומען אַלע מלאכים צו פליִען, און די אבות מיט קרוינען אין די קעפּ, און יום־טוב וועט זײַן בײַ זיי און בײַ אַלע.

קאָן דען לײַכטן אויך מיט דער אייגענער שײַן פאַר דעם רשע, וואָס גייט אַ רויבער צו זײַן?

נאָר אפשר ווייס דער זיידע, רב יעקב, אַן אַנדערן מאמר — עס קאָן דאָך זײַן, אַז דאָס ליכט זאָל לויכטן אין וועג אַרײַן, פאַר דעם צדיק, וואָס גייט בײַ אַ קראַנקן צו זײַן?

דערפאַר זעט אפשר דער מענטש טאַקע אויס אַזוי ווי אַ תם, ווען ער ווינקט זיך אין קלויז, באַטאָג מיט אַ ליכט, בײַ אַ ספר.

אמר רב שלמה — דער בעל פחד וועט ווי אַ וואָרעם אין וועג צעטראָטן ווערן אין סוף פון די טעג.

ווער שעפּט אויס דעם ים דעם גרויסן? ווער קאָן לינדערן מײַן טרויער? ווען וועט זיך די ווייסטקייט אָפּטאָן פון ירושלימס מויער?

אפילו ווען מען האָט שוין אַ זכות בײַ גאָט, און מען רײַסט זיך אַרויס פון דער כשוף־ראָד, מעג מען זיך ערשט פאַר בושה באַגראָבן.

נאָר מ'קאָן דאָך די וועלט ניט איבערמאַכן, האָט ער נאָר מורא געהאַט, צו טראַכטן פון אָט די זאַכן.

# זלמן שניאור

## „שקלאָווער ייִדן“ און „פעטער זשאַמע“)

דער פלאַם פון לעבן ברענט דאָרטן רויִק, ער פלאַקערט ניט און רויכערט ניט, ווי דער נר תמיד אין דער קאַלטער שול.

אַט אַזוי שטײַגט דער קעלישעק פון מדרגה צו מדרגה, פינגער הייבן אים, בערד הוידען אים, ווי גרויע כוואַליעס.

אַט אַזוי ווערט ער נתעלה ביז ער דערפילט הויך, גאָר הויך, ביז שכינתא בגלותא, ביז זעיר־אופין...

דער קעלישעק, מיטן זיפּצעלע און מיט אַ שהכל נהיה, גיסט זיך אַראָפּ צוריק פון די אייבערשטע וועלטן אין גשמיות אַרײַן, און דערקוויקט אַ ייִדיש פאַרחלשט האַרץ.

אין רעכטן מיטן ברען, פאַלט אַראָפּ אַ פּאַטש אין שלחן אַרײַן, און דעם חזנס קול שאַלט אַרויף פון עמוד און צעגיסט זיך מיט אַ מאָדנער טרויעריקייט, באַם ערשטן שטערן אין כמורנעם הימל, אינם אָרעמען, ליטווישן בית־מדרש.

מיט די קליינע אותיותלעך, וואָס זײַנען אָנגעפּעפּערט און אָנגעשאָטן ווי אַ שוואַרצער מאָן אונטער יעדער קעפּל, האָט ער גאָר מורא אָנצוהייבן זיך.

אַזאַ ווילטאַג, ווי שטעמפּלען מטבעות אין שויב, קאָן מען נאָר אַרײַנכאַפּן אינדערוואָכן, בשעת מען קומט אַהיים פון חדר וואַרעמעס עסן.

וועלוול, דער עלף־יאָריקער גמרא־בחור, שטופּט פון זיך אָפּ די קלענערע ברידערלעך, און זעצט זיך אַוועק בלעטערן אַן אַלטע הגדה מיט צאַצקעס.

דערהערט דאָס מאָדנע וואָרט „תכלית“, שטעלט זיך דעם גמרא־בחור די אײַנגעמאַכץ אין האַלדז, די טיי פאַרלירט דעם שבתדיקן טעם.

פאַרדריסט דאָס דעם פעטער: לא די וואָס זי האָט ניט קיין הנאה פון זײַן קלוגן מוסרן די קינדער, ברוגזט זי זיך גאָר! נאָר באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז אַצינד איז ער בטבע ניט אין כעס, אַ האָר אויך ניט...

אָרעם און גרוי איז דאָס ליטווישע לעבן, דאָס ביסעלע נאַטור־רײַכקייט, וואָס עס פאַלט אַמאָל אַרײַן אַהער, ווערט אויסגענוצט מיט שכל און מיט אַלע פינף חושים.

וואָלט דער פּאָמעראַנץ געווען ניט מער ווי אַ גלגול פון אַ זינדיקער נשמה, וואָלט ער באַ דער מומע פייגען אין שטוב אויך באַקומען זײַן תּיקון...

דאָס קומט אוים שטענדיק אַ מוצאי־שבת, נאָך הבדלה, ווען די נשמה־יתרה גייט אַוועק, און אַ וואַכעדיקער אומעט גנבעט זיך אַרוים פון די ווינ־קעלעך.

עס גיט אים אַ זעץ אין פּנים מיט אַ וואַרעמער פּאַרע, מיט אַ ריח פון מילך און מיסט, און אָנגעוואַרעמטער שטרוי.

נאָך פּסח, ווען די זון הייבט אָן וואַרעמען און דער דורכגעווייקטער גאָרטן הייבט אָן טריקענען און ווערט שוואַרץ ווי סאָמעט — לאָזט מען די בהמה אַרוים, זי זאָל זיך אַביסל דורכלופטערן.

ער זעט, ווי די בהמה פירט זיך אויף אַזוי נאַרישעוואַטע, פאַרלירט ער צו איר יעדן ברעקל רעספּעקט. אַ בהמה בלײַבט אַ בהמה — טראַכט ער צו זיך.

וועלוול איז געווען בלייך, און דעם טאַטנס באָרד מיט זײַן שבתדיקן פּנים איז אַרויסגעשוווּמען אינעם מיסטישן חושך און פאַרשווונדן געוואָרן.

מאַכט ער צו אים, מיקיטאַ צום דבר אחר, הייסט דאָס — ווילסט גאָר, הינטיש בלוט, אַוועקפּגרן און פּטרן מיר געלט? וואַרט אַקאָרשט!

אַז ער איז געקומען פון חדר צו מיטאָג־עסן, האָט ער געטראָפן דער ניאַניע אַביסל שכּור, זי האָט געטרייסלט מיטן קאָפּ און ליבלעך דערציילט, אַז מ׳האָט איר מכבד געווען מיט בראָנפן.

עס טרעפט אַ יאָר, אַז פעטער פיניע מײַדט אוים שלאָגן פאַר ראָש השנה, אָבער

פורים־צײַט, דאָס איז שוין אַ חזקה: פורים־צײַט, קאָן זיך קיינמאָל פעטער פיניע ניט אויסדרייען אָן אַ „אויפגאַב אָף סחורה".

דאָס איז אַלץ נישט מער ווי אַן הקדמה, די ברייטע שמועסן צווישן זיי קומען פאַר אַ טאָג אָדער צוויי טעג שפּעטער.

וואָס אמת איז אמת, צעקאָכט זיך אַלץ מער דער פעטער פיניע — ער איז אַ חריף אַ יונג, דו וועסט נאָך האָבן פון אים פיל נחת...

אָט זיצט ער דאַכט זיך, דער עברי־בחור מעשה־מענטש, אָבער דו ווייסט גאָר־נישט, וואָס פאַר אַ סחורה דאָס איז...

דאָס שענסטע פון אַלע פאַרגעניגנס איז דער ספּאָרט פון שלאָגן חזירים; מען שלאָגט מיט לײַדנשאַפט, מיט מסירת־נפש, מיטן גאַנצן דערהויבענעם פײַער, וואָס די יוגנט טראָגט אין זיך.

מיינט מען דאָך פטור, אין דער ערד מיט די טריפהנע ביינער! אָבער ווי נאָר
די ווייסע חברהניקעס גייען אַוועק אין חדר אַריין, ערשט אהא! די
מחותנים זײַנען ווידער דאָ...

אַ סך, אַ סך דורות האָבן ייִדן געזעצן אין דעם חזיר די פאַרקערפּערונג פון
אַלדאָס גוישקע, פון אַלדאָס בייזע און טריפה; דעם סימבאָל פון ווילד־
קייט, פון פרעמדקייט און פון טעמפּער אחוריות...

מיט אָט דעם יום־טובדיקן פסוק האָט ער זיך געפּעדערט, אין איין זוניקן פרי־
מאָרגן און ער איז אַוועק אין חדר מיט אַ שעה פריִער.

זענט איר דאָך טאַקע אַ רוצח! — צעקוויטשעט זיך גיטקע די אלמנה — אַ
רשע, אַ שטיינערנע האַרץ!

פאַרקרימט זיך לייבע־האָרבס פּנים ווי פון אַ זויערס, און ער שרײַט אָפּ איר
צוריק, פאַכענדיק מיט די הענט:— ממרוס ילמדנו עליו, ועלינו זכות!
ס'הייסט, פאַרמאַכט אײַער פּיסק און גייט אײַך געזונטערהייט.

פּײַוועקע דערפילט זיך אין דעם זעלבן מצב, ווי אַמאָל, בשעת מען האָט אים
געכאַפּט באַם גובעונען עפּל.

די גבאים האָבן זיך גענומען בלאָזן מאַכן אינטריגעס, גענומען אונטערשעפּ־
טשען, אַז מ'טאָר גלחים קיין געלט אָפּ דער האַנט ניט געבן, יונגעלײַטלעך
אָן פּאותן הייסט עס...

„על דאטפת אטפוך" — האָט ער זיך דערמאָנט אַ מוסר השׂכל פון פּרק —
דערפאַר וואָס דו האָסט יענעם דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען,
אַלץ צאָלט זיך אָפּ אָפּ דער וועלט.

פּײַוועקע בלײַבט שטיין אויג אָפּ אויג מיט זײַן אַמאָליקער „פאַרליבעניש" מיט
בר־שבען, ער איז דערשראָקן און פאַרשעמט. ער איז ווי פאַרכשופט פון
איר שטאַרקן קוס...

אָרעמע כלות זיצן אײַנגעבויגן איבער זשאַמעס סחורות אין די לאַנגע ווינטער־
אָוונטן, שטעפּן צוזאַמען, זינגען אונטער זייערע טרויעריקע ליבע־לידער,
און קלײַבן אָפּ נדן.

דערמורה־הוראה טרייסלט אָפּ די ברעקלעך פון זײַן שיינער באָרד, ניט אַ
צי די ביידע פּאותן, צי זיי זײַנען אָפּ אָן אָרט, גיט אַ מאַך מיט זײַן האַנט
און אַ ניגון פון פאַרנאַכטיקע זמירות גיט אַ שאַל אַרויס...

אורי זיצט הארט לעבן זײַן ברודער, דעם פּראָסטן חי־וקיס, און טײַטשט אים שטיל אַרײַן אין אויער דעם פּירוש, פון די משונהדיקע און דערהויבענע תרגום־ווערטער.

אַן אמתע פרײַנטלעכקייט נעמט אים אַרום; ער זעט, אַז דער פּראָסטער עולם איז שטאַרק צופרידן, וואָס אַזאַ נגיד ווי זשאַמע, איז געקומען זאָגן תהילים מיט זיי צוזאַמען.

אַצינד וואַרט מען אַף ר׳ יחיאל דעם חזן און בעל־קריאה, וועלכער וווינט ווײַט פון ליובאַוויטשער בית מדרש, נאָר שאַ, אָט קומט ער אָן.

זשאַמע האָט פײַנט די קרובישע שטיק באַם טיש; יום־טוב באַם כיבוד, אָדער ווען אַ קרוב איז פאַרבעטן צו וועטשערע, הייבט ער אָן שפּילן דעם „איידלמאַן".

לכתחילה האָט ער אַלע זײַנע חשבונות אינגאַנצן געהאַלטן אין זכרון, ערשט שפּעטער האָט ער זיי גענומען פאַרשרײַבן אין פּיטשעמאַנטשיקע ביכעלעך זײַנע טעכטער האָט ער אַזאַ איידעלע מלאכה ניט געוואָלט פאַרטרויען; ער האָט זייער קנאַפּ געהאַלטן פון ווײַבערשע חשבונות.

אין יענעם אָוונט, נאָך מעריב, האָט ער געלאָזן שרײַבן אַ בריוו דורך גרונים דעם שדכן, אַז די פאַמיליע פּיק זאָל זיך מטריח זײַן און אַראָפּקומען, מ׳עט מיט גאָטס הילף שרײַבן תנאים.

ר׳ ישראל דער גבאי, דערגייט זייער פײַערלעך און געלאָסן ביזקל ער קומט צום בעבור שנדר, נאָכדעם פאַרקוועטשט ער אביסל ממזריש דאָס רעכטע אויג זײַנע, קוקט דעם יונגן באַלעבעסל אָן, ווי איינער זאָגט, לאָמיך טאַקע הערן וואָס אַ נגידס אַ זון פאַרגינט זיך צו געבן פאַר אַ מפטיר, אין לובאַוויטשער בית־מדרש, אַ שבת־חנוכה און נאָך דער חופּה; אין דעראמתן איז שוין פּעטער זשאַמע איצט געווען מער נײַגעריק ווי אין כעס, טיף אין הארצן האָט ער געצווייפלט, אַז אַ מענטשנקינד און ניט קיין רוח איז בכוח נאָכצוקומען אַזוי גוט אַ צווייטנס כתב.

נעגאַנגען איז חוהלע שטיל און פאַרחלומט, צעלאָזן די גאָלד־בלאָנדע צעפּ, דאָ קומט איר אַנטקעגן אַ בחור אַ שלאַנקער, מיט לאָקן, מיט שוואַרצע ווי פּעך.

קום! איך וועב דאָ גאָלד־ חלומות פון דער וועלט און פון מײַן טרויער — מיר אַ חלום, דיר אַ חלום, און אַ שטילן סוד אין אויער...

איך לעב אין שאַנד, איך לעב אין נויט, איך מאָל פּאַר שונאים אונדזער
ברויט, ניטאָ קיין טאַטע־מאַמע מער, אַי! אמנון, וווּ איז ער?

אַרום שטייען טאָפּאָלן — די שומרים פון גאָרטן — ווי כהנים גדולים אין
גרינע טליתים, די צווייגן געשפּיצט און געשטרעקט צום הימל און דו־
כענען אייביק, און בעטן אָן ווערטער...

ערגעץ־וווּ האָט אַ גריל דערזעגט זיין סערענאַדע, ערגעץ־וווּ האָט אַ זשאַבע
לאַנג געקוואַקעט קריאת־שמע, און ערגעץ־וווּ אין גראָז בין איך געלעגן
עלנד ערגעץ־וווּ אין גראָז...

דו יאָגסט זיך נאָך משיחן מיט גאַז און דאַמף — דיין גאַנצער אימפּעט קאָן
אים ניט דעריאָגן; ער איז אַנטלאָפן פון דיין „גוג־ומגוג״ ־ קאַמף, וועד
ווייס ווו ס'אייזעלע האָט אים פאַרטראָגן?...

ניט דערזאָגטע וביאות הינקען אין גאַס, און וויינען פאַריתומטע אויף טרעפּן!
אויף רויכיקע פונקען דיין ליבע און האַס די גייסטיקע בעטלער צעשלעפּן.

ערגעץ־וווּ שטייט שוין דער פרילינג און כשופט, דאָס ווינטער־אייז שמעלצט
אין זיין קעסל און קנאַלט, — צערינען זיך ריחות פון שפּעטערע גראָזן
— אהער קומט נאָר פאַרע אָן — רויכיק און קאַלט.

ווי עלנד איך בין אין דער גרויסער נאַכט, ווי ביטער אויף דער זעל! — ווער
ס'קוקט אין דער לבנה צו לאַנג, דער ווערט קראַנק...

נעם איך לויפן, ווייס איך ניט וווּ מזרח־מערב, וווּ רעכטס און לינקס — צי
יאָג איך נאָך, צי יאָגט מען מיך, — צי לויף איך כאַפּן זיך אליין...

צוויי שוואַנען שווימען דאָרט, פאַרסודעט שפּאַלטן זיי לופט און וואַסער, מיט
זייער ווייסן שוואַנען־שטאָלץ; אויף האַלב אויפגעשטעלטע פליגלען פירן
זיי אַ טרומנע פון אַ טרוים צו קבורה, איינגעדעקט אין ווייכע פוך־
תכריכים...

עס דאַכט זיך דו האַלטסט אין איין פייערן איין גרויסן „בן־זכר״ און ווער
ס'וויל לאָזט זיך קאָסטן אַ גראָשן, און האָט אַ טעם אַ מצווה.

די בעבלעך דראַפּען זיך אויף הלייכע ווענט, אויף צוים און שטעקנס; קוקן
ממזריש אַראָפּ מיט גרינע הילזן. די קרויט זינגט פרילינג ביז אַצינד, און
וויקלט טאָג און נאַכט מגילות...

איר האָט אונדז לייב און זעל צעפרעסן און גרוים געוואָרן און פאַרגעסן —
ווי יעדער שכור נאָכן זויף, ווי יעדער משרת וואָס קומט אויף.

פון נעגער ביזן צפון־בער, וואָס שנאָרכט און זויגט זײַן לאַפּע שווער — אין
אײַערע כאָרן טיף און מיד, קלינגט עד היום נאָך דווידס ליד.

אצינד האָט אײַער ריטער־האַר אַף אונדז געבראַכט א ברודער־מאָרד, מיט
גאולה־דרשות פון די טראָנען, און מיט אײַערע בונטע פאָנען.

ער גייט, זײַן הייסע שטימע שאַלט; זײַט קינדער מענטשלעך! איך האָב פײַנט
מלאכים אין פלייש־געשטאַלט.

די קדושים־ביינער אויסגעמישט מיט שניי, בלייבן זיך, פאַריתומט און פאַר־
שווענכט, וואַרטן אַפן אַלטן חזן, מיט א צעפּליקטער ספר־תורה אַפן אָרעם
— אַז ער זאָל זיי מזכיר נשמות זײַן. אָבער ראָבן, וואָס פליִען איבער
זיי, גאָרגלען רשעותדיק אין נעפּל־קראַ — קראַ! דער חזן וועט ניט קו־
מען, ער ליגט דערמאָרדעט צווישן אײַך...

איין טרייסט, א זיכערע איז אונדז געבליבן! אַז אַף די טעלעגראַפן־סלופּעס,
וואָס ציִען זיך אין מאַרש קיין אָרשע, פאַרבײַ די ברודער־קברים — וועלן
הענגען די פאַרברעכער, די בלאָנדע הענקער־יונגען, מיט זייערע באַפּוי־
לער. פאַרטיזאַנען ייִדישע וועלן זיי משפטן, און — נקמה־נעמער וועלן
זיי אַרויפציִען אַף די הויכע קרוקעס; זיי זאָלן פאַרן טויט פון שאַנד
דערזען די לאַנגע גריבער, אונטערן בײַטש געגראָבענע, פון זייערע
קרבנות...

ירושות זינקען, אינעם תהום פון דער אַנאַרכיע...

ביינן זיך די מעשים טובים צו פאַרברעכנס איבער, דאַן ברעכט זיך צוזאַמען
דער באַלאַנס פון דער געזעלשאַפט, און טויזנט דורותדיקע גזלות און

# טאַבעלעס פון יִדישן אַלעפבייס, כאַדאָשים, יאָנטויווים און טאַנאַך

דער א״ב, באַצייכענונג פון די אויסיעס און זייער אריטמעטי־שער באַטרעף

א — אלף (אַלעף) — — — 1
ב — בית (בייס) — — — — 2
ג — גמל (גימל) — — — 3
ד — דלד (דאַלעד) — — — 4
ה — הא (היי) — — — — 5
ו — וו (וואָוו) — — — — 6
ז — זין (זאַיען) — — — 7
ח — חית (כעס) — — — — 8
ט — טית (טעס) — — — — 9
י — יוד (יוד) — — — — 10
כ — כף (כאָף, קאָף) — — 20
ל — למד (לאַמעד) — — — 30
מ — מם (מעם) — — — — 40
נ — נון (נון) — — — — 50
ס — סמד (סאמעד) — — 60
ע — עין (איען) — — — — 70
פּ, פ — פא (פּיי, פיי) — — 80
צ — צדי (צאַדיי, צאַדיק) — 90
ק — קוף (קוף) — — — — 100
ר — ריש (רייש) — — — 200
ש — שין (שין, סין) — — 300
ת — תו (טאָוו, סאָוו) — — 400

## ענד־אויסיעם

ענד ך, אָדער — לאַנגער כאָף
״ ם, אָדער — שלאָס־מעם
״ ן אָדער — לאַנגער נון
״ ץ, אָדער — לאַנגער צאַדיק

**חדשים** (כאַדאָשים):

תשרי (טישרע)
חשון (כעשוועו)
כסלו (קיסלעוו)
טבת (טייוועס)
שבט (שוואָט)
אייר (אִייער)
ניסן (ניסן)
אדר (אָדער)
סיון (סיוון)
תמוז (טאַמוז)
אב (אָוו)
אלול (עלול)

**יום־טובים** (יאָנטויווים):

ראש השנה (ראָש האַשאָנע)
יום כפור (יאָמקיפּער)
סוכות (סעקעס)
חנוכה (כאָנוקע)
פּורים (פּורים)
שושן פּורים (שושאַן פּורים)
פּסח (פּייסעד)
ל״ג בעומר (לאַגבוימער)
שבועות (שוועס)
תשעה באב (טישעבאָוו)
שמחת תורה (סימכעס טוירע)
שמונה עצרת (שמוינע אָצע־רעס).
הושענה רבה (הוישאַנע ראַ־בע).
חמשה עשר בשבט (כאַמישאָ אָסאָר בישוואָט).

## תנ"ך (טאנאך)

**תורה** (טוירע):

בראשית (בערײשיס)
שמות (שמויס)
ויקרא (וואַיִקראַ)
במדבר (באַמידבאַר)
דברים (דוואָרים)

**נביאים** (נעוויִים)

יהושע (יעהוישוע)
שופטים (שויפטים)
שמואל (שמועל) א' און ב'
מלכים (מעלאַכים) א' און ב'
ישעיה (יעשאַיע)
ירמיהו (ייִרמעיאַו)
יחזקאל (יעכעסקל)
הושע (הוישייאַ)
יואל (יויעל)
עמוס (אָמוס)
עבדיה (אויוואַדיע)
יונה (יוינע)
מיכה (מיכאַ)
נחום (נאַכום)
חבקוק (כאַוואַקויק)
צפניה (צפאַניע)
חגי (כאַגי)
זכריה (זכאַריע)

**כתובים** (קסוּוים):

תהלים (טילים)
משלי (מישלע)
איוב (איִעוו)
שיר השירים (שיר האַשירים)
רות (רוט)
איכה (אייכאַ)
קהלת (קויהעלעס)
אסתר (עסטער)
דניאל (דאַניעל)
עזרה (עזרע)
נחמיה (נעכעמיע)
דברי הימים (דיוורי האַיאַ־מים).

# אינהאלט:

## ד ר ו ק - פ ע ל ע ר

ארבע קנפות — ז׳ 76 שורע 14 — דארף זײַן: **ארבע כנפות**

